# גיז דע מאפּאסאן׳ס

## געזאַמעלטע ווערק

איבערזעצט פון

## לעאָן קאָברין

**II.**

ארויסגעגעבן פון

"[illegible]"

1923

צאָהל פון
פיידזשעס.

# דער שנעפּסע־פּייגעל

ער אלטער באראָן דע־ראוואָ איז פערציג יאָהר לאנג בעקאנט געווען אין זיין געגענד אלס דער קעניג פון די יעגער, אָבער זייט פינף אָדער זעקס יאָהר איז ער געווען פּאראליזירט, איז נים אימשטאנד געווען צו פערלאָזען זיין שטול און האָט נור געקענט שיסען טויבען פון'ם פענסטער פון'ם גאסט־צימער אָדער פון דעם הויכען גאניק פון זיין הויז.

די איבעריגע צייט האָט ער אין גאנצען אָפּגעגעבען צום לעזען.

דער באראָן איז געווען זעהר א ליבענסווירדיגער מענש, האָט געהאט אין זיך פיעל פון דער ליטעראַרישער שארפזיניגקייט פון דעם פאָריגען יאהרהונדערט. ער האָט ליעב געהאט קורצע גוט־דערצעהלטע פּיקאנטע מעשה'לאך אָדער וואהרע געשיכטען, וואָס האָבען פּאסירט מיט זיינע שכנים. ווי־נור א פריינד איז צו איהם אריינגעקומען, אזוי גלייך האָט ער געפרעגט:

— נו, וואָס עפּעס נייעס?

און אויספרעגען האָט ער געקאָנט ניט ערגער ווי אַן אונטער־זוכונגס־ריכטער.

ווען די זון האָט געשיינט, האָט ער געהייסען זיך פיהרען פאר דאָס הויז אין זיין גרויסען פאָטעל, וואָס איז עהנליך געווען צו א בעט. איין דיענער איז געשטאנען הינטער איהם מיט געווער, האָט זיי געלאָדען און דערלאנגט איהם; א צווייטער דיענער איז געלעגען פערבעהאלטען אין די בושעס און האָט פון צייט צו צייט ארויסגעלאָזט פון דארט טויבען איינציגווייז און

ניט רענגעלמעסיג, אום דער באַראָן זאָל ניט וויסען אפריהער, ווען די טויב קומט, און זאָל די גאַנצע צייט אויסקוקען אויף איהר.

און פון אין דער פריה ביז פארנאכט האָט ער געשאָסען די פלינקע פייגלען, איז אויסער זיך געווען, ווען ער האָט ניט געטראָפען, און האָט געלאכט ביז טרערען, ווען די געשאָסענע פייגלען זיינען באלד נאָך'ן שאָס געפאלען גלייך ארונטער אָדער ווען, פאלענדיג, האָבען זיי זיך אויף א קאָמישען שטייגער געדרעהט אין דער לופטען. דאן האָט ער זיך תמיד געווענדעט צו זיין דיענער, וואָס האָט געלאָדען די געוועהר, און גערעדט מיט גרויסער התפעלות:

— ניט ארויסגעדרעהט זיך! האָסטו געזעהן, זשאָזעף, ווי ער איז ארונטערגעפאלען?

און זשאָזעף האָט יעדעס מאָל געענטפערט:

— אה, דער הערר טרעפט אלע מאָל.

אין הערבסט, אין דער צייט פון געיעג, האָט ער, ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען, איינגעלאַדען צו זיך זיינע פריינד און האָט ליעב געהאט צוצוהערען זיך פון וויטען צו זייערע שיסערייען, האָט זיי געצעהלט און געפרעהט זיך, ווען זיי האָבען זיך געהערט א סך נאָכאנאנד. פארנאכט האָט ער פון יעדען יעגער פערלאנגט רעכנונג, ווי ער האָט דעם טאָג פערבראכט.

דריי שטונדען איז מען דערנאָך געזעסען ביים טיש און מען האָט זיך דערצעהלט מעשה'לאך וועגען געיעג.

דאָס זיינען געווען מאָדנע, אונגלויבליכע פּאסירונגען, מיט וועלכע די יעגערס האָבען געקיהלט זייער צוהיצטע פאנטאזיע. מאנכע פון די דאָזיגע געשיכטען זיינען געווען ניט ניי, מען האָט זיי איבערדערצעהלט יעדען יאָהר. די געשיכטע, צום ביישפּיעל, וועגען קראליק, וועלכען דער קליינער וויקאנט דע-בוריל האָט פערפעהלט צו טרעפען ביי זיך אין'ם קאָרידאָר, האָט יעדעס מאָל און יעדען יאָהר ארויסגערופען א פרעהליכען געלעכטער. אלע פינף מינוט האָט א נייער יעגער דערצעהלט:

— איך הער: ביר-ר! בירר! און א פּרעכטיגע פאמיליע מיט יונגוואַרג בעווייזט זיך א צעהן טריט פון מיר. איך ציעלעווע

זיך צו פּיף ! פּאף ! און א וואהרער האָגעל פאלט ארונטער :
גאַנצע זיעבען שטיק מיט איין קלאַפּ !

און אַלע האָבען זיך תמיד געוואונדערט, אָבער האָבען גע־
גלויבט איינער דעם אנדערענס געשיכטען און האָבען זיך פון דעם
בעגייסטערט.

ביי דעם אַלטען באַראָן אין'ם הויז איז געווען אַן אַלטער מנהג,
וואָס איז בעקאַנט געווען אונטער'ן נאָמען „דער שנעפּפּע־פּוינעל".
דאָס הייסט, ווען דער דאָזיגער קעניג פון געיעג, דער שנעפּפּע־
פּייגעל, איז אָנגעקומען אין די געגענד, האָט מען אין דעם באַראָן'ס
הויז יעדען טאָג ביים אבענד מאָהל־צייט געפּראוועט די אייגענע
צערעמאָניע :

זיי אַלע האָבען ליעב געהאט דעם דאָזיגען אונפערגלייכליכען
פּייגעל. און יעדען אבענד האָט יעדער גאַסט בעקומען א שנעפּפּע־
פּייגעל צו עסען, אָבער די קעפּ האָט מען אָפּגעלייגט אויף א בעזונ־
דערען שיסעל.

דערנאָך האָט דער באַראָן מיט א פייערליכער מינע, ווי א
בישאָף בעת גאָטעס־דיענסט, געהייסען זיך דערלאַנגען א טעלער
מיט שמאַלץ, האָט געזאַלבט מיט דעם די טהייערע קעפּלאך, אָנ־
נעהמענדיג זיי ביי זייערע לאַנגע, שפּיציגע שנאָבלען. נעבען איהם
איז געשטאַנען אַן אָנגעצונדענע ליכט און אַלע האָבען געוואַרט מיט
גרויסער אונגעדולד.

דערנאָך האָט ער גענומען איינעם פון די דאָזיגע צוגעגרייטע
קעפּ, האָט איהם ארויפגעטהאָן אויף א נאָדעל, האָט אריינגעשטעקט
די נאָדעל אין א פּראָבקע, האָט איינגעהאַלטען דאָס גלייכגעוויכט
פון דעם מיט אזוינע קליינע שטעקעלאך, וואָס זיינען פערליינט
געווען איינער איבער'ן אנדערן, אין דער פאָרמע פון א קרייז, און
האָט פאָרזיכטיג דאָס ארויפגעטהאָן אויף א העלזעל פון א פלאַש.
ראַן האָט אויסגעזעהן, ווי דער קעפּעל וואָלט געשטעקט אויף א
דרעהענדיגען קרייז.

די געסט האָבען הויך אויפ'ן קול גענומען צעהלען :

— איינס — צוויי — דריי !

און דער באַראָן האָט מיט אַ פינגער אַ שטויס געטהאָן דעם שפּיעלציינ, וואָס האָט זיך גענומען דרעהען, ווי אַ דרעהרעל.

יענער פון דיא געסט, אויף וועלכען דער לאַנגער, שפּיציגער שנאָבעל האָט אָנגעוויזען, בעת ער איז שטעהן געבליבען, האָט דאַן געקראָגען דעם גאַנצען שיסעל קעפּלאַך — זעהר אַ געשמאַקען ביסען, פאַר וועלכען די איבריגע האָבען דעם מזל'דיגען שטאַרק מקנא געוועזן.

ער האָט דאַן גענומען איין קאָפּ נאָכ'ן אַנדערן און זיי געבראָטען אויף'ן ליכט. די שמאַלץ האָט זיך געפּרעגעלט, די ברוין־געוואָרענע הויט האָט זיך געדרייכערט און דער מזל'דיגער האָט געגעסען דעם קעפּעל, האַלטענדיג איהם ביים לאַנגען שנאָבעל, און האָט זיך פאַסמאַקעוועט.

און ביי יעדען נייעם קעפּעל האָבען די געסט געהויבען זייערע גלעזער און געטרונקען צו איהם לחיים.

צולעצט, ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן לעצטען קעפּעל, האָט ער געמוזט אויף דעם בעפעהל פון דעם באַראָן, דערצעהלען עפּעס אַ געשיכטע פון זיין לעבען, אום צו בעלוינען זיינע פריינד, וואָס זיינען ניט געוועזן אַזוי מזל'דיג ווי ער.

דאָ זיינען אייניגע פון די דאָזיגע געשיכטען :



# די הילצערנע שיך

דער אלטער פריסטער האָט געמורמעלט די לעצטע ווערטער פון זיין דרשה, שטעהענדיג אויף דער בימה איבער די אויסגעגאָסענע און אָנגעפּאָמאָ־דעטע קעפּ פון די פויערים. די פויערטעס, וועל־כע זיינען פון ווייט, ווייט אהערגעקומען, אום זיין דרשה צו הערען, האָבען זייערע קערב נעבען זיך אויף דר'ערד ארונטערגעלאָזט און די שווערע היץ פון א יולי טאָג האָט געדריקט דעם עולם, אזוי, דאָס א שווערער שמאָל גערוך האָט זיך איבער דער קירכע פערשפרייט.

דורך דער גרויסער, אָפענער טיר האָט געקלונגען דאָס קרעהען פון די העהנער, דאָס מיאוקען פון די קעץ, דאָס מעעקען פון די קיה, וועלכע זיינען געלעגען ערגעץ־וואו אויף א שכנישען פעלד. פון צייט צו צייט האָט א ווינטעל די ריחות פון'ם פעלד אהער פערטראָגען, און אויף'ן וועג האָט זיך דאָס ראָזיגע ווינטעל גע־שפיעלט מיט די לאַנגע בענדער פון די הייבלאך פון די פויערטעס און, צוקומענדיג צום אלטאר, די קליינע, געלע פלאַמען פון די ליכט געלאָשען.

— גאָטס ווילען זאָל געשעהן ! אמן ! האָט געזאָגט דער פריסטער. דאן איז ער אנשוויינגען געוואָרען, האָט געעפענט א בוך און זיך גענומען, אזוי ווי יעדען זונטאג, פאר זיינע שעפעלאך די היימישע זאכען פון דער געמיינדע פאַרצולעזען.

ער איז געווען אן אלטער מאן מיט ווייסע האָאר, האָט גע־דיענט זיין געמיינדע שוין אריבער פיערציג יאָהר, און זיינע דרשות האָט ער תמיד בענוצט דערצו, אום זיך גאנץ בהרחבה'דיג, מיט'ן עולם דורכצושמועסען.

ער האָט אָנגעהויבען :

— בעט גאָט פאַר רעזידערוס באַללין, וועלכער איז זעהר קראַנק, און אויך פאַר דער אָרעמער פאַמעללאַ, וועלכע קען נאָך אַלץ צו זיך נישט קומען פון איהר קינדבעט.

ער האָט ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו זאָגען, און געזוכט אין זיין ביכעל, טאָמער וועט ער דאָרט געפינען עפּעס בעמערקונ־גען, צום סוף האָט ער געפונען צוויי און ער האָט ווייטער גערעדט:

— די יונגע לייט מיט די מיידלאך דאַרפען זיך אין אבענד ניט טרעפען, אויף'ן קירכ־הויף, ווי זיי האָבען עס ביז אהער געטהאָן, א ניט וועל איך ועגען דעם לאָזען וויסען דעם פעלד־היטער.

— הערר צעזאר אָמאָנט זוכט א יונגע, אנשטענדיגע מיידעל אלס דיענסט.

ער האָט נאָכגעטראַכט א פּאָאר סעקונדען, דאַן האָט ער צו־געלענט :

— ליעבע ברידער און שוועסטער, דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב אייך צו זאָגען און איך ווינש אייך גאָט'ס גנאָד. אין נאָמען פון דעם פאָטער, דעם זוהן און דעם הייליגען גייסט. אמן.

און ער איז ארונטער פון דער בימה, אום די גאָטעס־דיענסט צו ענדיגען.

* * *

ווען די פאמיליע מאַלאנדין האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים אין זייער הויז, וואָס איז געשטאַנען אין דעם לעצטען הויף פון לאַ־פּאַבליע, האָט זיך דער פאָטער, א'ן אַלטער, מאָגערער, צורונצעל־טער פויער, געזעצט ביי'ם טיש, וועהרענד זיין פרוי האָט דעם קעסעל צורעכט געמאַכט און זיין טאָכטער אדעלהייד האָט פון'ם בופעט גלעזער און טעלער ארויסגענומען. דער אַלטער האָט גע־זאָגט :

— ווייסטו, דער פּלאַץ ביי'ם אַלטען אָמאָנט איז אפשר גאָר־נישט אַזוי שלעכט. ער איז דאָך א'ן אַלמן, זיין שנור האָט איהם נישט האָלט, ער איז איינער אליין, געלד האָט ער אויך, טאָמער וואָלטען מיר אונזער אדעלהיים אהין געשיקט.

די פרוי האָט ארויפגעשטעלט דעם גאַנץ שווארצען פּעסע־

אויף'ן טיש, האָט אויפגעהויבען דעם דעקעל און בעת דער דאמפף און דער גערוך פון'ם באָרשט איז ביז צום סטעליע ארויף, האָט זי זיך מיישב געווען.

דער מאַן האָט אָנגעהויבען פון דאָס נייע:

— ער האָט אַ סך געלד, דאָס איז זיכער, אָבער אהין האָט געדאַרפט געהן אזא איינע, וואָס פערשטעהט אַן עסק און דאָס קען מען וועגען אונזער אדעלהיים ניט זאָגען.

דאָ האָט די פרוי זיך אָנגערופען:

— פּרובירען קאָן מען. קיין געלט קאָסט עס נישט.

דאַן האָט זי זיך אַ קעהר געטהאָן צו איהר טאָכטער, אַ גרויסע, דיקע מויד מיט בלאָנדע האָאַר און פולע רויטע באַקען, ווי אַ פּאָאַר עפּעל, און האָט אויסגערופען:

— נו, גראַבע, האָסטו געהערט? דו וועסט צו'ם אלטען אַמאָנט געהן און זיך אלס דיענסט פּאַרשטעלען און דו זאָלסט מיר אלסדינגג טהאָן, וואָס ער וועט דיר הייסען.

די טאָכטער האָט גענומען לאַכען תם'עוואַטע פאַר זיך און גאָר נישט געענטפערט, דאַן האָבען זיך אלע דריי גענומען צום עסען.

אין צעהן מינוט ארום האָט דער פאָטער ווידער אָנגעהויבען:

— דו, פארשוין מיינע, איצט הער זיך צו און דו זאָלסט מיר גור ניט פארגעסען, וואָס איך'ל דיר איצט זאָגען.

און ער האָט איהר גאַנץ לאַנגזאַם און גאַנץ גענוי געגעבען אלע מעגליכע עצות ווי אזוי זיך צו האַלטען, און דערביי האָט ער פאַר־אויסגעזאָגט יעדע קליינינקייט און איהר גאַנץ גוט פאָרבערייט, ווי אזוי זי זאָל דעם דאָזיגען אלטען אלמן, וועלכער איז צוקריגט מיט זיין פאמיליע, אין איהרע הענד אריינקריעגען.

די מוטער האָט אויפגעהערט צו עסען און זיך צוגעהערט. זי איז געבליבען זיצען מיט'ן גאָפּעל אין האַנד און געקוקט דאָ אויף דער טאָכטער און דאָ אויף'ן מאַן, שטאַרק נתפּעל פון זיינע קלוגע עצות.

אדעלהייד איז געזעסען שטום, מיט איהרע תמ'עוואַטע, צו־שראָקענע אויגען אויף'ן פאָטער אויסגעגלאָצט, אין אַ מין טעמפּער אויפמערקזאַמקייט.

באלד נאָך׳ן מאָלצייט, האָט איהר די מוטער געהייסען אָנטהאָן דאָס הייבעל און זיי זיינען צוזאמען אוועק צו צעזאר אמאנט.

ער האָט געוואָהנט אין א קליין געמויערט הייזעל, וואָס איז געשטאַנען מיט דער הינטערשטער וואנד אָנגעשפארט אויף די ווירטשאפטס־געביידעס פון זיינע פעכטער, אהין האָט ער זיך צו־ריקגעצויגען און פון זיינע איינקינפטע געלעבט.

ער איז געווען ארום פינף־און־פופציג יאָהר אַלט, א דאָקער, בעלייבטער מאן, א פערגרעבטער, א בייזער און א כעסן, אז ער האָט געלאכט אָדער געברומט, האָבען אזש די ווענט געציטערט. סיידער און ויין האָט ער געטרונקען פון פולע גלעזער און טראָץ זיין עלטער האָט ער נאָך געהאט א נאָמען פאר איינעם, וואָס האָט הייס בלוט.

ער האָט ליעב געהאט צו געהן שפאציערען אויף׳ן פעלד מיט די הענד אויף׳ן רוקען פערלעגט, איבערלאָזענדיג טיעפע שפורען אויף׳ן באָדען מיט זיינע הילצערנע שיך, דאן האָט ער זיך צוגע־קוקט ווי עס האלט מיט דער תבואה, ווי עס בליהט דער גאָרטען, מיט דער מינע פון א צופריעדענעם מאן.

ער האָט אויפגענומען ביידע פרויען, זיצענדיג ביים טיש, וואו ער האָט געטרונקען זיין קאפע. ער האָט זיך אָנגעשפארט אָן דער ווענטעל פון זיין שטוהל און געפרעגט:

—נו, וואָס פערלאנגט איהר?

די מוטער איז געווען די ריידערקע. זי האָט געענטפערט:

— איך האָב מיין טאָכטער אדעלהייד מיטגעבראכט, זי וועט זיין די ריכטיגע מויד פאר אייך. דער הערר פריסטער האָט אונז היינט וועגען דעם פאָרגעלעזען.

דער אַלטער אמאָנט האָט בעטראכט דאָס מיידעל, דאן האָט ער געזאָגט קורץ:

— ווי אַלט איז זי דען די גרויסע ציעג דאָרט?

— צום הייליגען מיכעל, ווערט זי איין און צוואנציג.

— גוט, דאן קריעגט זי פופצעהן פראנק א מאָנאט און קעסט. זי קאָן נאָך מאָרגען אָנקומען. זי זאָל באלד זיין אין דער פריה און מיר מיין זופ מאכען.

אוןביידע פרויען זיינען אוועק.

ארעלהייד איז אויף מארגען אנגעקומען אין דיענסט און האט זיך גלייך א נעהם געטהאן צו דער ארבייט שטיל, אהן ווערטער, ווי זי איז ביי איהרע עלטערען געוועהנט געווען.

ווען זי האט ארום ניין א זייגער די קיך געריינינגט, האט זי אמאנט א רוף געטהאן:

— ארעלהייד!

— זי איז געקומען צו לויפען:

—פויער, דא בין איך!

אזוי שנעל ווי זי איז געשטאנען אנטקעגען איהם, קוקענדיג עטוואס פערשעהמט, די רויטע הענד ארונטערגעלאזט, האט ער ערקלעהרט:

— איצט גיעב אקארשט אכטונג, אז צווישען אונז זאל נישט זיין קיין שטרייט און קיין מיספערשטענדנים. דו ביזט מיין דיענסט, ווייטער נישט. הערסטו? אונזערע הילצערנע שיף ווע־לען מיר נישט אויסמישען.

— זעהר וואויל, פויער!

— נו, איז גוט, איצט קאנסטו ווידער געהן.

און זי האט זיך איבער א נייעס גענומען צו דער ארבייט.

צו מיטאג האט זי געבראכט דעם בעל הבית עסען אין דעם קליין שטיבעל. אזוי שנעל ווי די זופ איז געשטאנען אויף'ן טיש, האט זי געזאגט צום אלטען אמאנט.

— די זופ איז אויף'ן טיש, פויער!

ער איז אריין, האט זיך געזעצט, ארומגעקוקט זיך, פונאנדער־געעפענט די סערוועטקע, א ווײלע זיך מיישב געווען און דאן א רוף געטהאן מיט א ווילדער שטימע:

— ארעלהייד!

צושראקען איז זי אריינגעקומען.

ער האט געשריען מיט בענומענע קולות, ווי ער וואלט זי ווע־לען אומברענגען:

— צו אל די רוחות!... וואו בעהאלסטו זיך דארט?

— אבער פויער...!

ער האָט געוואַלדעוועט:

— איך האָב פיינט אַליין צו עסען, צו אַל די רוחות! דו וועסט זיך זעצען דאָ נעבען מיר, אָדער איך יאָג דיך גלייך אַרויס, אויב דו ווילסט ניט. געה ברענג דיר אַ טעלער און אַ גלאָז.

אין גאַנצען אויסער זיך האָט זי געבראַכט איהר טעלער און געשטאַמעלט:

— אָט דאָ איז עס, פויער.

און זי האָט זיך געזעצט איהם אַנטקעגען.

דאַן איז ער געוואָרען גאַנץ פריינדליך, האָט געטרונקען אויף איהר געזונד, געקלאַפּט אָן טיש, דערצעהלט מעשות, וועלכע זי האָט אויסגעהערט מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגען, ניט וואַגענדיג אויסצו־רעדען אַ וואָרט.

פון צייט צו צייט איז זי אויפגעשטאַנען, אום צו דערלאַנגען ברויט, סיידער און די שיסלען.

ווען זי האָט אַריינגעטראָגען דעם קאַפּעע, האָט זי אוועקגע־שטעלט נור איין קריגעל פאַר איהם. ער האָט זיך ווידער צוקאָכט און גענומען זידלען:

— נו, און פאַר דיר?

— איך טרינק ניט קיין קאַפּע, פויער.

— פאַרוואָס טרינקסטו ניט?

— איך האָב עס ניט ליעב.

דאַן איז ער ווידער אַרויס פון די כלים:

— צו אַל די רוחות, איך האָב פיינט מיין קאַפּע אַליין צו זויפען. ווען דו טרינקסט נישט גלייך אויף׳ן שטעל מיט מיר, יאָג איך דיך אַרויס. צו אַל די רוחות! איצט לויף און ברענג גלייך נאָך אַ קריגעל.

זי האָט געבראַכט אַ קריגעל, האָט זיך געזעצט, פערזוכט די שוואַרצע פליסיגקייט און מורא׳דיג דעם פנים פערקרימט. אָבער ווען זי האָט דערזעהן דעם צוקאָכטען פנים פון איהר בעל הבית, האָט זי דעם קאַפּע אין גאַנצען אין זיך אַריינגעגאָסען.

און דער אַלטער אָמאַנט האָט זי דאַן אָבגעלאָזען:

— נו, גנה, וואש דיר אויס דיין געשיר, דו ביזט א וואויל מיידעל.

אין אבענד ביי'ם עסען איז ווידער געווען דאס אייגענע. דאן האט זי געמוזט שפיעלען מיט איהם דאמינא און ערשט נאכדעם האט ער זי געשיקט שלאפען.

—איצט גנה שלאפען, איך קום שפעטער ארויף.

און זי איז אוועק אין איהר צימער, אויף'ן בוידים־שטיבעל אונטער'ן דאך. זי האט געזאגט איהר אבענד־געבעט, האט זיך אויסגעטהאן און געלעגט שלאפען.

אבער פלוצים איז זי אויפגעשפרונגען א צושראקענע, א צו־רייצטער געשריי האט געמאכט ציטערען דאס גאנצע הויז :

— ארעלהייד !

זי האט געעפענט די טיר און געענטפערט פון'ם בוידעם־שטי־בעל ארונטער :

— איך בין דא, פויער.

— וואו דא ?

— איך בין דאך אין בעט, פויער.

דאן האט ער גענומען דונערען :

— צו אל די רוחות, זאלסט גלייך ארונטערקומען, איך שלאף ניט גערן אליין. צו אל־די רוחות, און אויב דו ווילסט נישט, יאג איך דיך גלייך ארויס.

זי האט געענטפערט צושראקען פון אויבען ארונטער, ווערענד זי האט איהר ליכט געזוכט :

— איך בין דא, פויער.

און ער האט געהערט, ווי איהרע קליינע הילצערנע שיך האבען איבער די הילצערנע טרעפ געקלאפט און ווען זי איז פון דעם לעצ־טען טרעפעל ארונטער, האט ער זי אנגענומען פאר'ן ארעם און אזוי גיך ווי זי האט פאר דער טיר איהרע קליינע הילצערנע שיכ־לאך געבען די מעכטיגע שיך פון איהר בעל הבית געשטעלט, האט ער זי א שטויס געטהאן צו זיך אין צימער אריין און ארויסגע־ברומט :

— צו אל די רוחות, מאך עס אביסעל שנעלער !

און ניט וויסענדיג וואָס אייגענטליך זי זאָגט, האָט זי נאָכ־אנאנד איבערגע׳חזרט די אייגענע ווערטער :

— איך בין דאָ, פויער !

אין א האלב יאָהר ארום האָט זי איין מאָל א זונטאג בעזוכט איהרע עלטערן. איהר פאָטער האָט זי ערשטוינט אָנגעקוקט און גע־פרעגט :

— דו ביזט הפנים שוואנגער ?

מיט איהר געוועהנליך תם׳עוואטען אויסדרוק אין פנים האָט זי א קוק געטהאָן אויף איהר בויך און געזאָגט :

— דאָס גלויב איך נישט.

און ווייל ער האָט אלעס געוואָלט וויסען, האָט ער זי נאָך אמאָל געפרעגט :

— האָט איהר ניט אפשר אמאָל ביינאכט אייערע הילצערנע שיף איינס נעבען׳ס אנדערע געשטעלט ?

— יא, מיר האָבען זיי דעם ערשטען אבענד גלייך איינס נע־בען׳ס אנדערע געשטעלט און דערנאָך יעדען אבענד.

— נו, אויב אזוי, דאן ביזטו דאָך טאקע שוואנגער, אלטער גלאָמפּ דו.

זי האָט זיך צו־וויינט און שלוכצענדיג געשטאמעלט :

— דאָס האָב איך ניט געוואוסט, ניין, דאָס האָב איך דאָך ניט געוואוסט...

דער אלטער מאלאנדין האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרשענדיגע. כיטרע אויגען און מיט א צופריעדענעם אויסדרוק אין פנים און געפרעגט :

— וואָס האָסטו ניט געוואוסט ?

— שלוכצענדיג האָט זי געענטפערט :

— איך האָב דאָך ניט געוואוסט, אז אָט אזוי מאכט מען די קינדער.

איהר מוטער איז אהיים געקומען, און דער מאַן האָט צו איהר געזאָגט אָהן זיין געוועהנליכען כעס :

— איצט איז זי שוואנגער.

אָבער די פרוי איז אינסטינקטיוו געוואָרען שטאַרק אויפגע־

בראכט און געזידעלט און געשימפּפט דאָס מיידעל, וועלכע איז גע־
שוואומען אין טרעהרען, און זי גערופען: „ארומטרייבערקע“ און
„נארישע בהמה“.

ראן האָט איהר דער אלטער געהייסען שווייגען. און ווען ער
האָט גענומען זיין מיטצעל, אום צו געהן זיך דורכרעדען וועגען
רער דאָזיגער אנגעלעגענהייט מיט דעם אלטען צעזאר אָמאָנט, האָט
ער ערקלעהרט:

— ביי גאָט, די מויד איז נאָך פיעל נארישער ווי איך האָב
געדענקט. די דומע גאַנז האָט גאָרנישט געוואוסט אפילו, וואָס זי
טהוט דאָרטען.

אויף'ן צווייטען זונטאג האָט דער פּריסטער פון דער בימה
ארונטער אויסגערופען פאר דעם עולם וועגען דער פערלאָבונג פון
דעם הערר אָנאָפריוס צעזאר אָמאָנט מיט סעלעסטינע־אדעלהייד
מאלאנדין.



# א האָן האָט געקרעהט



יז דעמאָלט איז פרוי בערטהא דע־אַוואַנסעל טויב געווען צו אַלע רייד פון באַראָן דע־קרואַסאַר, וועל־כער איז פערליעבט געווען אין איהר. דעם גאַנ־צען ווינטער אין פּאַריז איז ער איהר נאָכגעלאָ־פען און איצט האָט ער לכבוד איהר אין זיין נאָרמאַנישען שלאָס קאַרוויל פעסטען געגעבען און געיעגען געמאַכט.

איהר מאַן, הערר דע־אַוואַנסעל, האָט, ווי געוועהנליך, גאָר נישט געזעהן און גאָר נישט געוואוסט. ער האָט געלעבט, ווי מען האָט דערצעהלט, אָפּגעזונדערט פון זיין פרוי מחמת זיין קערפּער־ליכער שוואַכקייט, וועלכע זיין פרוי האָט איהם ניט געקענט מוחל זיין. ער איז געווען אַ קורצער, דיקער, פליכעוואַטער מאַן. קורץ איז ביי איהם געווען אַלסדינג: הענד, פיס, האַלז, נאָז, און אַזוי ווייטער.

פרוי דע־אַוואַנסעל איז, פערקעהרט, געווען אַ הויכע, יונגע פרוי, מיט דונקעלע האָאָר, וועלכע האָט תמיד געלאַכט מיט אַ העלען געלעכטער איהר מאַן אין פנים אריין, בעת ער האָט זי פאַר מענ־שען בעליידיגט. מיט אַ צערטליכער מינע האָט זי געקוקט אויף די ברייטע שולטערן, די קרעפטיגע געשטאַלט און די לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס פון באַראָן דע־קרואַסאַר.

אָבער זי האָט איהם נאָך אַלץ ניט נאָכגעגעבען. דער באַראָן האָט זיך בדלות געשטעלט פאַר איהר. נאָכאַנאַנד האָט ער פעס־טען געגעבען, יאַגדען געמאַכט און אַנדערע פערגעניגענס אויסגע־טראַכט, אויף וועלכע ער האָט איינגעלאַדען אַלע פּריצים פון די אַרומיגע שלעסער.

גאַנצע טעג האָבען די וועלדער געהילכט מיט א בילען פון הינד, וואָס האָבען זיך דאָרט געיאָגט נאָך פוקסען און ווילדע חזרים, און אין די אבענדען האָבען בלענדענדיגע פייערוועריק אין גאָלדענע פאַנטאַנען זיך געהויבען צו די שטערן, און די העל־בעלייכטעטע פענסטער האָבען געוואָרפען גאַנצע סנאָפּעס ליכט אויף די גרויסע בלאָטעס, איבער וועלכע שאָטענס האָבען ארומגעשפּרונגען.

עס איז געווען אין הערבסט, בעת די נאַטור האָט גע׳גוסס׳עט. די בלעטער האָבען געווירבעלט און געדרעהט זיך ווי א מחנה פייג־לען. אין דער לופט האָט זיך געפיהלט דער גערוך פון פייכטער, נאַקעטער ערד, ווי דער גערוך פון נאַקעטען פרויען־פליישׁ, בעת די פרוי וואַרפט פון זיך ארונטער איהרע קליידער נאָך א באַלל...

אויף איינעם פון די פעסטען לעצטען פריהלינג האָט פרוי דע־וואַנסעל געטאַנצט דעם באַראָן דע־קרואַסאַר, בעת ער איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו איהר :

— ליעבער פריינד, אויב מיר איז בעשערט צו פאַלען, וועט עס געשעהן ניט פריהער, ווי די בלעטער וועלען פאַלען. דיזען זו־מער האָב איך צופיעל צו טהאָן : איך האָב ניט קיין צייט אויף דעם.

ער האָט גוט געדענקט די דאָזיגע געוואַגטע ווערטער און מיט יעדען טאָג איז ער איצט אַלץ מעהר און מעהר צוגעשטאַנען צו איהר, האָט זיך געסטאַרעט צו געווינען אַלץ מעהר און מעהר דאָס הארץ פון דער דאָזיגער שענער פרוי, וועלכע האָט זיך איצט גע׳עקשנ׳ט, דאַכט זיך, מעהר אויף־צו־פלייסען.

א גרויסע נעיעג האָט געזאָלט פאָרקומען. און אין דעם אבענד פאַר דעם האָט בערטהא זיך געווענדעט צום באַראָן מיט א געלעכ־טער :

— ליעבער באַראָן, אויב איהר וועט דערשיסען א חיה, קריעגט איהר ביי מיר דעם זיעגער־פּרייז.

ער איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, אום אויסצופאָרשען, וואו דער ווילדער שוויין ליעגט פערבעהאַלטען. ער האָט בעגלייט זיינע קנעכט, פערטהיילט די הינט און אליין בעזאָרגט יעדע קלייניג־קייט, פאָרגעברייט זיך, הייסט עס, צו זיין זיעג. און ווען דער

האָרן האָט גענומען שאַלען, איז ער ערשיענען אין אַן ענגען רויטען, מיט גאָלד־געשטריקטען יאַגד־ראָק, מיט א פרעהליכער מינע, לאַ־כענדיגע אויגען, פריש און שטאַרק, אזוי ווי ער וואָלט געווען אָט ערשט אויפגעשטאַנען פון'ם בעט.

די יעגערס זיינען ארויסגעפאָהרען. דער ווילדער שוויין, פון זיין הייהל ארויסגעטריעבען, האָט זיך געיאָגט איבער'ן וואלד, פון הינד פערפאָלגט. די פערד האָבען גענומען גאַלאָפּירען און גע־טראָגען איבער די שמאָלע וועגען פון'ם וואלד רייטער און רייטע־רינס, און איבער דעם וויכען הערבסט־וועג האָבען זיך שטיל גע־קייקעלט עקיפּאַזשען, וועלכע האָבען פון וויטען דעם געיעג בע־גלייט.

פרוי דע־אוואנסעל האָט איינגעהאלטען דעם באַראָן נעבען זיך און זיי זיינען געפאָהרען טריט־ביי־טריט איבער א לאַנגער און גלייכער אלעע, איבער וועלכע פיער ראַנדרען אייכען־ביימער האָבען זייערע צווייגען צושפּרייט.

ער האָט זיך אין גאַנצען געטרייסעלט פאַר ליעבע און אונ־געדולד. מיט איין אויער האָט ער זיך צוגעהערט צו די שפּאַטישע רייד פון דער יונגער פרוי, מיט דעם אנדערן צו דעם שאַלען פון די הערנער און דעם בילען פון די הינד, וואָס האָט זיך אלץ מעהר און מעהר דערווייטערט.

— אלזאָ איהר ליעבט מיך שוין ניט מעהר ? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט געענטפערט :

— ווי קאָן אזא זאַך אייך איינפאַלען ?

זי האָט ווייטער גערעדט :

— אָבער, ווי עס זעהט אויס, אינטערעסירט אייך דאָס געיעג מעהר ווי איך.

ער האָט ארויסגעקרעכצט :

— אָבער האָט איהר דען אליין מיר ניט געהייסען דערשיסען א חיה ?

און זי האָט אויף דעם בעמערקט מיט אַן ערנסטער מינע :

— יאָ, אונבעדינגט. איך מוז אַליין זעהן, ווי איהר וועט זי טויטען.

דאַן האָט ער אַ ציטער געטהאָן אויף זיין זאָטעל, האָט אַ זעץ געטהאָן דעם פערד מיט די שפּאָרען אזוי, דאָס ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף אַלע פיער, און ער האָט אונגעדולדיג אויסגעשריען:

— אָבער, מאדאם, דאָס וועט דאָך קיינמאָל ניט קענען זיין, ווען מיר וועלען דאָ בלייבען!

זי האָט זיך צולאַכט און געענטפערט:

— דאָס מוז זיין... אָדער... עס וועט זיין ערגער פאַר אייך!

דערנאָך האָט זי גענומען ריידען צו איהם צערטליך, געלייגט איהר האנד איהם אויף'ן ארעם, אָדער האָט פערטראַכט געגלעט זיין פערד איבער'ן האלז.

זיי האָבען זיך פערקירעוועט נאָך רעכטס אויף אַ שמאָלען גע־דיכט־בעוואַקסענעם וועג און פּלוצים האָט זי זיך אַ בויג געטהאָן צו איהם צו, כדי אויסצומיידען אַ צווייג, וואָס איז געהאנגען אי־בער'ן וועג. דערביי איז זי געווען אזוי נאָהענט נעבען איהם, דאָס איהרע האָאָר האָבען בעריהרט זיין האלז. דאַן האָט ער זי מיט אמאָל ארומגענומען, צוגעדריקט זיינע לאַנגע וואָנצעס צו איהר שלייף און זי פייערדיג אַ קוש געטהאָן.

צוערשט האָט זי זיך ניט געריהרט. דערנאָך האָט זי פּלוצים אַ דרעה געטהאָן דעם קאָפּ און — צי איז עס געווען על פי סיבה, צי ניט — איהר קליין מיילכעל האָט זיך צוגויפּגעטראָפען מיט זיינע ליפען אונטער די לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס.

און דערנאָך — צי ווייל זי האָט חרטה געהאַט, צי ווייל זי האָט זיך פערשעהמט — האָט זי אַ שמיץ געטהאָן איהר פערד, וועלכער האָט זיך אוועקגעטראָגען אין אַ שנעלען גאַלאָפּ. אזוי זיי־נען זיי געפאָהרען אַ לאַנגע צייט און האָבען זיך מיט איין בליק ניט אָנגעקוקט.

דער ליארם פון דעם געיעג האָט זיך געהערט אַלץ נעהענטער. דער גאַנצער וואלד האָט, דאַכט זיך, געציטערט. און פּלוצים האָט זיך בעוויזען דער ווילדער שוויין. ער האָט זיך געטראָגען, אין גאַנצען מיט שוויים בעדעקט, ברעכענדיג די צווייגען, און האָט זיך גע־

ווערט נעגען די הינט, וואָס האָבען זיך מיט זייערע צייהן איינ־
געגעסען אין זיין קערפּער.

דאַן האָט דער באַראָן ארויסגעלאָזט א פריידענס־געשריי און
אויסגערופען:

— ווער עס ליעבט מיך, וועט מיר נאָכגעהן!

און ער איז פערשוואונדען צווישען די ביימער, אזוי ווי דער
וואלד וואָלט איהם פערשלונגען.

עטליכע מינוט שפּעטער, ווען זי איז ארויסגעפאָהרען אויף א
פעלד, האָט זי דערזעהן, ווי דער באַראָן האָט זיך אויפגעהויבען,
אין גאנצען מיט שמוץ בעדעקט, מיט פערבלוטיגטע הענד, מיט א
צוריסענעם ראָק; דער ווילדער שוויין איז געלעגען אויף דר'ערד
מיט דעם יעגער־מעסער אין'ם הארצען טיעף ביז'ן הענטעל. ביי
פאקעל־ליכט האָט מען דערנאָך א סעודה פאר די הינט געפּראוועט
אין א מילדער מעלאנכאָלישער נאכט. די לבנה האָט געל גע־
פארבט די רויטע פלאמען פון די פאקעלן, וועלכע האָבען פערדונ־
קעלט די נאכט מיט זייער שווארצען, פעכיגען רויך. די הינט
האָבען געפרעסען די איינגעווייד פון דעם ווילדען שוויין, האָבען
זיך געריסען צווישען זיך און פערהילכט די לופט מיט זייער בילען.
די קנעכט, צוזאַמען מיט די פריצים זיינען געשטאנען ארום אין א
קרייז און האָבען מיט אלע קרעפטען געבלאָזען אין די הערנער. דאָס
שאלען האָט זיך צוטראָגען אין דער העלער נאכט ווייט איבער'ן
וואלד און האָט אָפּגעהילכט אין די ווייטע טהאלען, געוועקט די
אונרוהיגע הירשען, די קוויטשענדיגע פוקסען און געשראָקען די
קליינציקע גרויע קראָליקעס, וואָס האָבען געשפּאצירט איבער די
פעלדער.

די נאכט־פייגלען זיינען צושראָקען געפלויגען איבער די צו־
יושעטע הינט. און די פרויען, וועלכע זיינען אויפגערעגט געווען פון
דער ראָזיגער שיינקייט און ווילדקייט, האָבען זיך אָנגעשפּארט
אָן די ארעמס פון די מענער און זיינען פערשוואונדען ערגעץ אין
די אלעען, נאָך איידער די הינט האָבען זייער סעודה געהאט געענ־
דיגט.

פרוי דע־אוואַנסעל, אויסגעמאַטערט פון דעם גאַנצען טאָג אויפרעגונג, האָט זיך געווענדעט צום באַראָן:

— ליעבער פריינד, ווילט איהר זיך דורכגעהן אביסעל אין בער'ן פּאַרק?

ער האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן ביים אָרעם און, ציטערענדיג אין גאַנצען, האָט ער זי אוועקגעשלעפּט נאָך זיך.

און באַלד האָבען זיי זיך אַרומגענומען. זיי זיינען געגאַנגען שטיל, מיט לאַנגזאַמע טריט אונטער די הוילע צווייגען, דורך וועל־כע די לבנה האָט איהר ליכט געגאָסען; זייער ליידענשאַפט, זייע־רע ווינשען, דער פערלאַנג צו פיהלען זיך איינער ביים אַנדערן אין די אָרעמס, האָט זיי אַזוי בעהערשט, דאָס זיי זיינען שיער ניט גע־פאַלען ציפּוסען פון אַ בוים.

די הערנער האָבען מעהר ניט געהילכט. די מיעדע הינט זיינען געשלאָפען.

— לאָמיר פאָהרען אהיים — האָט די יונגע פרוי ארויסגע־פּליסטערט.

און זיי האָבען זיך צוריק געקעהרט.

דערנאָך, ווען זיי זיינען פאַר'ן שלאָס געשטאַנען, האָט זי אַרויסגערעדט שטיל, קוים וואָס ער האָט זי געהערט:

— איך בין אַזוי מיעד, איך וועל זיך גלייך לייגען.

און ווען ער האָט די אָרעמס געעפענט, אום זי אַ קוש צו טהאָן צום לעצטען מאָל די נאַכט, איז זי אַנטלאָפען פון איהם מיט די ווערטער:

— ניין, ניין... איך וויל שלאָפען... ווער עס ליעבט מיך, וועט מיר נאָכגעהן!...

אין אַ שעה אַרום, ווען אין'ם שלאָס איז געוועזן שטיל, אַזוי ווי אויסגעשטאָרבען, האָט דער באַראָן זיך אַרויסגע'גנב'עט אויף די שפּיץ־פינגער פון זיין צימער און שטיל אָנגעקלאַפּט ביי זיין געליעבטער אין דער טיר. זי האָט איהם ניט געענטפערט. ער האָט געפּרובט עפענען די טיר. זי איז ניט געווען פערריגעלט.

זי איז געזעסען אין פענסטער אָנגעלעהנט און האָט געטרוימט.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהרע פיס און דורך דאָס נאַכט־קלייד האָט ער איהרע קניע געקושט. זי האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט און מיט ליעבע גענומען גלעטען זיינע האָאַר.

אָבער פּלוצים האָט זי זיך אַ ריס געטהאָן, אזוי ווי זי וואָלט עפּעס אַ וויכטיגען בעשלוס אָנגענומען, און געזאָגט פעסט, דאָך גאַנץ שטיל:

— איך קום באַלד, וואַרט דאָ אויף מיר.

און זי האָט מיט'ן פינגער אָנגעוויזען אין די דונקעלהייט, אין הינטערגרונד פון'ם צימער, וואו דאָס ווייסע בעט האָט ניט קלאָר געשימערט.

דאַן האָט ער זיך אויסגעטאָן שנעל מיט ציטערענדיגע הענד און זיך געלייגט אויף דאָס פרישע בעטגעוואַנד. מיט פערגעניגען האָט ער זיך אויסגעצויגען, צוגעמאַכט די אויגען און זיס געטרוימט פון דעם אזוי לאַנג־געווינשטען גליק, וואָס ער וועט איצט געניסען. אָבער פּלוצים זיינען די גליעדער זיינע שווער געוואָרען, זיינע גע־ראַנקען האָבען גענומען דרימלען, זיינען געוואָרען אונבעשטימט, ניט קלאָר. די מיעדקייט האָט איהם איבערוועלטיגט און ער איז אנשלאָפען געוואָרען.

ער איז געלעגען ווי אַ דער'הרג'עטער, האָט געשלאָפען מיט דעם טיעפען שלאָף פון אַ מיעדען יעגער.

אזוי איז ער געשלאָפען ביז גרויסען טאָג.

דאָס פענסטער איז אָפען געבליבען. און פּלוצים האָט אַ האָהן אַ קרעה געטהאָן, וואָס איז ארויפגעפלויגען אויף אַ נאָהענטען בוים. דער העלער געשריי האָט אויפגעוועקט דעם באַראָן און ער האָט געעפענט די אויגען.

און דערפיהלט ביי זיין זייט אַ פרויען־לייב און דערזעהן זיך אין אַן אונבעקאַנטען בעט, איז ער שטאַרק פערוואונדערט געוואָרען און האָט ארויסגעשטאַמעלט פערשלאָפען:

— וואָס ? וואו בין איך ?

דאַן האָט זי, וועלכע האָט די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, אַ

קוק געטהאָן אויף דעם מאַן מיט די צופּאַטעלטע האָאָר, רויטע אוי־
גען, דיקע ליפּען און איהם געענטפערט מיט יענעם טאָן פון אויבען
ארונטער, מיט וועלכען זי פּלעגט צו איהר מאַן ריידען:

— גאָר נישט. א האָהן האָט געקרעהט. שלאָפט, שלאָפט.
ניט אייער עסק.



# דער שוויין מאַרען



יעבער פריינד, האָב איך געזאָגט צו לאַבארבען, דו האָסט שוין ווידער אויסגערעדט די דריי ווערטער: „דער שוויין מאַרען". צום טייפעל, פארוואָס האָב איך נאָך קיין מאָל פון מאַרען'ן ניט געהערט רעדען אנדערש ווי פון „דעם שוויין מאַרען" ?

לאַבארב האָט אָנגעשטעלט אויף מיר א פּאָאר פערוואונדערטע ברייט פארנאנדער געעפענ־טע אויגען:

— וואָס, דו ווייסט ניט מאַרען'ס געשיכטע און ביזט נאָך אליין פון לא־ראָשעל ?

איך האָב זיך מודה געווען, אז איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָ־גען. דאָ האָט לאַבארב זיך געריבען די הענד און גענומען דער־צעהלען:

—דו האָסט דאָך געקענט מאַרען'ן און דו געדענקסט נאָך אוודאי זיין גרויסען שניט־געשעפט אין לא־ראָשעל ?

— געוויס.

— אלזאָ דארף זיך מאכען, אז מאַרען זאָל זיין אין 1862 אָדער 63 צוויי וואָכען אין פאריז. און געווען איז ער דאָרט פאר זיין איינענעם פערגעניגען וועגען, הגם עס האָט געהייסען, אז ער פאָהרט צוליעב געשעפט.

דו ווייסט וואָס עס מיינט פאר א קליינשטעדטעלדיגען סוחר צו זיין פערצעהן טעג אין פאריז. דאָס קאָן איינעם אין גאנצען צודרומשקען. יעדען אבענד א הוליאנקע, שטענדיג פרויען, קורץ, מען קומט גאָר פון דער אויפרעגונג ניט ארויס.

מען ווערט משוגע.

מען זעהט גאַרנישט מעהר אויסער טענצעריננס אין טריקאָ, דעקאָלירטע אַקטריסען, רונדע פאַלקעס און פּרעכטיגע שולטערן. און דאָס אַלעס אַזוי נאָהענט, כמעט מיט די הענד אָנצוטאַפּען, מעהר נישט עס פעהלט מוטה דערצו.

קוים וואָס מען כאַפּט אַ מאָל אָדער צוויי וועלכע ניט איז פּרויענצימער. און מען פאָהרט אוועק נאָך אין גאַנצען אַ'ן אויפגערעגטער אין אַ געהויבענער שטימונג, מיט עפּעס אַ מין סאָרט נאָכגעשמאַק פון קושען, וועלכע קיצלען איינעם די ליפּען.

אין דעם דאָזיגען צושטאַנד האָט זיך געפונען מאַרען, ווען ער האָט גענומען אַ בילעט קיין לאַ־ראָשעל פאַר דעם שנעלצוג, וואָס געהט אָב אום אַכט פערציג אין אָבענד. פול מיט בעדויערען און אויפרעגונג איז ער ארומגעגאַנגען אהין און צוריק איבער'ן גרויסען וואַרט־זאַאל פון באַהנהויף, ווען ער איז פּלוצים געבליעבען שטעהן פאַר אַ יונגער פרוי, וועלכע האָט ארומגענומען אַ'ן עלטערע דאַמע. זי האָט אויפגעהויבען איהר שלייער גאַנץ הויך און מאַרען האָט ארויסגעברומט ענטציקט פאַר זיך:

— צום טייפעל, ווי שעהן זי איז!

ווען זי האָט זיך געזעגענט מיט דער אַלטער, איז זי אוועק אין וואַרט־זאַאל און מאַרען איז איהר נאָכגעגאַנגען. דאַן איז זי ארויף אויף דער פּלאַטפאָרמע — מאַרען איז ווידער נאָכגעגאַנגען. צום סוף איז זי אריין אין אַ ליידיגען וואַגאָן — מאַרען נאָך איהר.

נור עטליכע פּאַסאַזשירען זיינען געזעסען אין שנעל־צוג. דער לאָקאָמאָטיוו האָט גענומען פייפען. דער צוג האָט זיך אַ ריהר געטהאָן. זיי זיינען געוועזען אַליין.

מאַרען האָט זי געשלונגען מיט די אויגען. זי האָט אויסגעזעהן אַ יאָהר ניינצעהן אָדער צוואָנציג, איז געווען הויך און בלאָנד און, קאָנטיג, גאַנץ דרייסט.

זי האָט זיך איינגעוויקעלט אין די רייזע־דעקען, זיך אויסגעצויגען און געלייגט שלאָפען.

מאַרען האָט זיך געפרעגט: ווער קאָן זי זיין? און טויזענדע סברות, טויזענדע געדאַנקען זיינען איהם דורך'ן קאָפּ דורכגעפלויגען. ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין, מען דערצעהלט אַזוי

פיעל אייזענבאהנען פאסירונגען, אפשר, ווער ווייס, אפשר קאָן מיט מיר דאָ היינט אויך פאסירען עטוואָס אזוינס... ווער ווייס. א גרויס גליק קומט געוועהנליך אונערווארטעט, און אפשר וועט עס קומען צו מיר, ווען איך זאָל זיין נור אביסעלע דרייסטער. האָט דען דאנטאָן ניט געזאָגט: מוטה, מוטה, און צום דריטען מאָל מוטה. און אויב דאנטאן האָט עס ניט געזאָגט, האָט עס מסתמא געזאָגט מיראבאָ. קורץ : איך בין נור ניט גענוג דרייסט, אין דעם ליגט די גאנצע צרה. אָה, ווען מען זאָל וויסען וואָס עס טהוט זיך ביי איהר אין הארצען, ווען מען זאָל דאָרט קאָנען לעזען ! איך וואָלט וועטען, אז אליין ניט וויסענדיג פערלירט מען טאָג טעגליך די שענסטע, די וואונדערבארסטע געלעגענהייטען... זי דארף נור א ריהר טהאָן מיט א פינגער, מאכען א קליינע בעוועגונג, אום מיר אָנצודייטען, אז זי איז ניט דאגעגען.

און ער האָט געמאכט אלערליי פלענער, וועלכע זאָלען איהם פיהרען צו א׳ן ערפאָלג. ער האָט געטראכט וועגען עפּעס א העל־דישער טהאט, וועגען עפּעס אזוינס, וואָס ער זאָל טהאָן פון איה־רעטוועגען ; א לעבעדיגע אונטערהאלטונג וועט זיך דאן אנט־וויקלען, ער וועט ווערען גאלאנט און דאָס וועט זיך ענדיגען מיט א ליעבעס־ערקלעהרונג און מיט אלעס וואָס קומט געוועהנליך ארויס פון אזעלכע זאכען...

אָבער איהם האָט געפעהלט דער אָנפאנג, עפּעס אַן אויסרייד, אום אָנצוהויבען רעדען מיט איהר. און ער האָט געווארט אויף א גליקליכער געלעגענהייט, מיט א קלאפּעדיגען הארצען און גאנץ אויפגערעגטע געפיהלען.

אָבער די נאכט איז אוועק און די שעהנע, יונגע דאמע איז נאָך אלץ געשלאָפען, בעת מאָרען האָט זיך צובראָכען דעם קאָפּ מראכטענדיג ווי אזוי זי צו געווינען. צום סוף איז טאָג געוואָרען און די זון האָט געוואָרפען איהר ערשטען שטראהל, א לאנגען, לאנגען שטראהל, אויף דאָס זיס פּנים פון דער שלאָפענדער.

זי האָט אויפגעוואכט, זיך אויפגעהויבען, ארויסגעקוקט דורך׳ן פענסטער, א קוק געטהאָן אויף מאָרען׳ן און א שמייכעל געטהאָן. זי האָט געשמייכעלט, ווי א גליקליכע פרוי, פריינדליך און פרעה־

לאַך. מאַרען האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן. קיין צווייפעל, דער שמייכעל איז געווען פאַר איהם. עס איז געווען אַ געהיימע איינ־לאַדונג, די ערמוטיגונג, פון וועלכער ער האָט געטרוימט. דער דאָ־זיגער שמייכעל זאָל האָבען געזאָגט:

— זייט איהר דען אזא נאַר! זייט איהר דען אזא פערד! זייט איהר דען אזא גולם צו זיצען אויף איין אָרט, ווי אַ צוגעשמיע־טער, פון נעכטען ביינאַכט אָן?

קוקט מיך אָקאָרשט אָן. בין איך דען ניט רייצענד און איהר זיצט אָב אַ גאַנצע נאַכט גלייכגילטיג אנטקעגען אַ שעהנער פרוי און ריהרט זיך ניט פון אָרט. איהר גרויסער נאַר, וואָס איהר זייט!

זי האָט נאָך אַלץ געשמייכעלט און איהם אָנגעקוקט. זי האָט זאָגאר געלאַכט און ער האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ זוכענדיג אַ פּאַסענדען וואָרט, טראַכטענדיג וועגען עפּעס אַ שטאַרקען קאָמפּ־לימענט. ער האָט אָבער גאָרנישט געפונען, גאָרנישט, גאָרנישט. דאַן האָט ער מיט דער פרעכהייט פון אַ פּייגלינג אַ טראַכט געטהאָן:

„זאָל זיין וואָס עס וויל, איך'ל וואַגען מיט אמאָל" און פּלוצים, נישט זאָגענדיג אַ וואָרט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אין פאַר־אויס מיט אויסגעשטרעקטע הענד און דורשטיגע ליפּען און, ארומ־גענומען זי, האָט ער זי אַ קוש געטהאָן.

זי איז אין דער סעקונדע אויפגעשפּרונגען, שרייענדיג: „העלפט!" און קוויטשענדיג פאַר שרעק.

זי האָט אָן עפען געטהאָן די טירעל פון'ם וואַגאָן און, מאַכענ־דיג מיט די הענד אין לופטען, משוגע פאַר שרעק, האָט זי געפּרובט ארויסשפּרינגען, אין דער צייט, וועהרענד מאַרען, צומישט אַף זיכער ביי זיך, אַז זי וועט זיך ארויסוואַרפען אויף'ן וועג, האָט זי געהאַלטען פאַר'ן קלייד, שטאַמלענדיג: „פריילען... אך!... פריילען".

דער צוג האָט גענומען געהן לאַנגזאַמער, האָט זיך אָבגעע־שטעלט. צוויי בעדיענטע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אין וואַגאָן אויף די פערצווייפעלטע געשרייען פון דער פרוי, וועלכע איז גע־פאַלען צו זיי אויף די הענד שטאַמלענדיג: „דער דאָזיגער מענש

האָט געוואָלט... האָט געוואָלט... מיך... און איז געפאַ־
לען אין אונמאכט.

דער צוג האָט זיך געפונען אויף דער סטאַנציאָן מאָזע. א
זשאַנדאַר האָט ארעסטירט מאָרען׳ן.

ווען דער אָפּפער פון זיין גראָבקייט איז געקומען צו זיך, האָט
זי אויפגעהויבען געגען איהם א קלאַגע. מען האָט געמאַכט א פּראָ־
טאָקאָל און דער אונגליקליכער סוחר האָט זיך דערשלעפּט א היים
ערשט ביינאַכט; מען האָט איהם פערקלאָגט פאַר בעליידיגען די
גוטע זיטען אין אן עפענטליכען פּלאַץ.

## 2.

אין יענער צייט בין איך געווען דער הויפּט רעדאַקטאָר פון
דער צייטונג „דאָס ליכט פון שאַראַנט“; מאָרען׳ן האָב איך גע־
טראָפען יעדען אבענד אין א קאָפע, וואו עס פלעגען זיך פערקליי־
בען די סוחרים.

אויף מאָרגען אין־דער־פריה, נאָך דעם דאָזיגען צופאַל זיינעם,
איז ער געקומען צו מיר פרעגען א׳ן עצה. איך האָב פון איהם ניט
בעהאַלטען מיין בליק אויף דער דאָזיגער זאַך: „דו ביזט א
פּשוטער שוויין. אזוי פיהרט זיך קיין מענש ניט אויף“.

ער האָט געוויינט. זיין פרוי האָט איהם שרעקליך געזידעלט.
— ער האָט געזעהן פאַר זיך א מיאוס׳ן סוף: זיין געשעפט רו־
אינירט, זיין עהרליכער נאָמען פערשמוצט, זיין עהרע פערלאָרען,
זיינע פריינד וועלען איהם ניט וועלען מעהר קענען. איך האָב אויף
איהם אמת רחמנות געהאַט און האָב ארייגערופען מיין מיטאַר־
בייטער ריוווע, א קלוגען, דורכגעטריבענעם יונג, און געפרעגט זיין
מיינונג.

ער האָט מיר געראַטהען, איך זאָל זיך זעהן מיט דעם פּראָקו־
ראָר, מיט וועמען איך בין געווען גוט בעקאַנט. איך האָב געשיקט
מאָרען׳ן אהיים און אליין בין איך אוועק צו דעם בעאַמטען.

און איך האָב זיך דערוואוסט, אז די בעליידיגטע דאַמע איז
געווען א יונגע מיידעל: פריילען הענריעטטע באַנגע, וועלכע האָט
נור וואָס אָבגעגעבען אין פּאַריז איהר עקזאַמען אויף לעהרערין און

אזוי ווי זי האָט ניט געהאט ניט קיין פאָטער און ניט קיין מוטער, האָט זי זיך געקליעבען צו פערברייינגען איהר וואקיישאָן ביי אן אַנ־קעל און טאנטע, וואוילע, איינפאכע מענשען, וועלכע האָבען גע־לעבט פון רענט.

איין אומשטאנד האָט מאַרען׳ס לאגע געפעהרליך געמאכט. דער אַנקעל האָט אָנגעגעבען אין געריכט. דער פּראָקוראָר איז גע־ווען בערייט די זאך צו פערשטיקען, אויב די קלאגע זאָל צוריקגע־צויגען ווערען. און דאָס האָבען מיר אַלזאָ געמוזט אויספיהרען.

איך בין אוועק צוריק צו מאַרען׳ן. ער איז געלעגען אין בעט א קראנקער פאר אויפרעגונג און צער. זיין פרוי, א הויכע, דארע, ביינערדיגע פרויענצימער, האָט איהם געהאלטען אין איין זידלען. זי האָט מיך אריינגעפיהרט צו איהם אין צימער, שרייענדיג מיר גלייך אין פנים אריין:

— איהר ווילט זעהן דעם שוויין מאַרען. אָט איז ער, די מציאה!

און זי האָט זיך געשטעלט ביים בעט מיט די הענד אין די זייטען. איך האָב איהם ערקלעהרט ווי די זאך שטעהט און ער האָט מיך גענומען בעטען זיך צו זעהן מיט איהר פאמיליע. דאָס איז געווען ניט אזא אנגענעהמע שטיקעל ארבייט, דאָך האָב איך זיך אָנגענומען. דער ארימער יונג האָט געהאלטען אין איין טענה׳ן:

איך פערזיכער דיך, איך האָב זי אפילו נישט א קוש געטהאָן. איך קען דיר שווערען.

און איך האָב געענטפערט:

— דאָס איז אלץ איינס, דו ביזט און בלייבסט פאָרט א שוויין.

איך האָב גענומען די טויזענד פראנק, וועלכע ער האָט מיר גענעבען אונטער דער בעדינגונג, אז איך זאָל זיי געברויכען אזוי ווי איך וועל האלטען פאר נויטיג.

דאָך האָב איך ניט געוואגט צו קומען אליין צו די קרובים פון דער מיידעל און איך האָב געבעטען ריוועט׳ן, ער זאָל מיך בעגליי־טען. ער איז מרוצה געוואָרען, האָט מיר אָבער דערביי געשטעלט די בעדינגונג, אז מיר זאָלען גלייך פאָהרען אהין, ווארים אויף

מאָרגען נאָכמיטאָג האָט ער געהאַט אַנדערע זעהר נויטיגע געשעפ־טען אין לאַ־ראָשעל.

אין צוויי שעה אַרום האָבען מיר אָנגעקלונגען אין אַ טהיר פון אַ שעהנעם דאָרפישען הויז. אַ שעהן, יונג מיידעל האָט אונז געעפענט. דאָס איז זיכער געווען זי אַליין. איך האָב זיך אָנגע־רופען אין דער שטיל צו ריוווע'ן:

— צום טייפעל, מען קען אויף מאָרען קיין פּעראיבעל ניט האָבען.

צופעליג איז דער אָנקעל, הערר טאָננעלע, געווען אַ'ן אַבאָנענט פון אונזער צייטונג, אַ הייסער אַנהיינגער פון אונזער פּאָליטישער פּאַרטיי, און ער האָט אונז אויפגענומען מיט אָפענע אַרעמס, גע־דריקט אונז הערצליך די הענד און איז געווען גאַנץ גליקליך צו זעהן ביי זיך אין הויז ביידע רעדאַקטערע פון זיין צייטונג.

ריוווע האָט מיר אַ שושקע געטהאָן אין אויער אַריין:

— איך גלויב, אַז אונז וועט געלינגען צו ברייגנען אין אָרד־נונג דעם שוויין מאָרען'ס זאַך!

דאָס יונגע מיידעל איז אַוועק, און איך האָב גענומען רעדען — וועגען אונזער ענין. איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, אַז דאָ שטעהט פאַר אַן עפענטליכער סקאַנדאַל און, אַז דער טומעל און געפילדער וואָס אַזאַ געשיכטע וועט אויפהויבען, וועט זיכער זיין אונאַנגענעהם פאַר דער יונגער מיידעל, איבערהויפּט נאָך ווייל קיין מענש וועט ניט גלויבען, אַז דער גאַנצער טאַראַראַם איז אויפ־געהויבען געוואָרען בלויז צוליעב אַ קוש...

דער אַלטער האָט זיך קאָנטיג געשלאָגען מיט דער דעה. אָבער אָהן זיין פרוי האָט ער זיך צו קיין זאַך ניט געקענט ענטשליסען און זיין פרוי האָט געזאָלט קומען ערשט שפּעט ביי נאַכט אַהיים. פּלוצים האָט ער אויסגערופען מיט התפּעלות:

— הערט אויס, איך האָב אַ'ן אויסגעצייכענטען פּלאַן. איהר בלייבט דאָ. איהר וועט ביי אונז עסען און איבערנעכטיגען, איהר ביידע, און ווען מיין פרוי וועט צוריק קומען, וועלען מיר דאַן שוין ווי־עס־איז קומען צו עפּעס אַ טאָלק.

ריוווע האָט זיך צוערשט געקווייקעלט; אָבער דער וואונש

ארויסצושלעפּען דעם שוויין מאָרען פון א צרה האָט צום סוף דאָך אריבערגעוואויגען און מיר האָבען אָנגענומען די איינלאַדונג.

דער אָנקעל איז אויפגעשטאַנען א גליקליכער, האָט א רוף געטהאָן זיין פלימעניצע און אונז פאַרגעשלאָגען צו מאַכען א שפּאַציער איבער זיין גוט.

— די ערנסטע זאַכען וועלען מיר אָבלעגען אויף שפּעטער — האָט ער געזאָגט.

ריווע און ער האָבען גערעדט וועגען פּאָליטיק, איך אָבער בין געגאַנגען עטליכע טריט הינטער זיי, נעבען דער יונגער מיידעל. זי איז ווירקליך געוועזען שען, אָבער טאַקע אויף אַ'ן אמת שען.

זעהר פאַרזיכטיג האָב איך גענומען ריידען וועגען איהר צופאַל, פּרובענדיג זי צו געווינען אויף אונזער זייט.

זי איז קאָנטיג ניט געוועזען א האָאַר פערלעגען און האָט מיך אויסגעהערט מיט א מינע פון א מענשען, וועלכען די געשיכטע האָט שטאַרק אַמוזירט.

איך האָב צו איהר געזאָגט.

— ליעבעס פריילען, איך בעט אייך בעדענקט נור אַלע אונאַנגענעהמליכקייטען, וואָס איהר וועט דערפון האָבען. איהר וועט מוזען קומען אין געריכט, אַלע וועלען אָנשטעלען אויף אייך זייערע נייגעריגע אויגען און איהר וועט פאַר דעם גאַנצען עולם מוזען דערצעהלען די גאַנצע פּאַסירונג אויף'ן אייזענבאַהן. צווישען אונז גערעדט, וואָלט דען ניט געוועזען א סך גלייכער, ווען איהר וואָלט ניט געמאַכט אזא גערודער, וואָלט נור גוט אויסגעזידעלט דעם חברה־מאַן און דאַן אריין אין אַ'ן אנדער וואַגאָן...

זי האָט זיך צולאַכט:

— איהר זייט גאַנץ גערעכט, אָבער ווייסט איהר, איך האָב זיך זעהר דערשראָקען, און ווען איינער איז צושראָקען, דאַן איבערלייגט ער ניט וואָס שפּעטער וועט זיין. שפּעטער, ווען איך האָב פערשטאַנען וואָס איך האָב דאָ אָנגעמאַכט, איז מיר געוועזען אונאַנגענעהם, וואָס איך האָב גערופען די בעאַמטע, עס איז שוין אָבער געוועזען צו שפּעט. און דערצו מוזט איהר בערעכענען, אַז דער דאָזיגער פּרא־אדם האָט זיך אויף מיר ארויפגעוואָרפען, ווי א משוגע־

נער מיט אַ צוקרימטע פּנים, ניט ריידענדיג קיין וואָרט. איך האָב אפילו ניט געוואוסט וואָס אייגענטליך ער וויל פון מיר.

זי האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגען אָהן פערלעגענהייט און אָהן שאַם־געפיהל און איך האָב אַ טראַכט געטהאָן: זי איז אַ דורכגעטריעבענע מיידעל און איך פערשטעה שוין איצט, פאַרוואָס דער שוויין מארען האָט אַ טעות געהאַט.

איך האָב געענטפערט אויף שפּאַס:

— הערט אויס, ליעבעס פריילען, איהר מוזט צוגעבען, אז ער פערדיענט אַ'ן ענטשולדיגונג. עס איז דאָך ניט מעגליך צו זיצען מיט אַזאַ רייצענדער מיידעל, ווי איהר זייט, און ניט צו פיהלען דעם גאַנץ בערעכטיגטען וואונש זי אַ קוש צו טהאָן.

זי האָט זיך נאָך העכער צולאַכט, ארויסשטעלענדיג איהרע שענע צייהן, און געענטפערט:

— אָבער צווישען דעם וואונש און דער טהאַט, געעהרטער הער, ליעגט די אַכטונג.

איהר ענטפער איז געווען קאָמיש און ניט גאָר קלאָהר. איך האָב געפרעגט שנעל:

— וואָס וואָלט איהר געטהאָן, ווען איך זאָל אייך איצט אַ קוש טהאָן?

זי איז געבליעבען שטעהן, האָט מיך אָנגעקוקט פון אויבען ביז ארונטער און זיך גאַנץ רוהיג אָבגערופען:

— אך, איהר, דאָס איז שוין אַ גאַנץ אַנדער זאַך!

איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך בין שוין אַ גאַנץ אַנדער זאַך, ווארים אין דער גאַנצער געגענד האָט מען מיך גערופען „דער שענער לאַבּ״רב“ און אַלט בין איך דאַן געווען אַ יאָהר דרייסיג. אָבער איך האָב געפרעגט:

— אָבער פאַרוואָס עפּעס?

זי האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען:

— אָט, ווייל איהר זייט ניט אַזאַ נאַר ווי יענער.

דאַן האָט זי צוגעלייגט, וועהרענד זי האָט מיך אָנגעקוקט פון אונטען ארויף:

— און אויך ניט אַזוי העסליך.

איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט צו מאַכען אַ בעוועגונג, האָב איך שוין אָבגעדריקט אַ הייסען קוש אויף איהר באַק. זי האָט אַ שפּרונג געטהאָן אָן אַ זייט, אָבער צושפּעט. דאַן האָט זי געזאָגט:

— נו, ווי עס שיינט, זשעניררט איהר זיך אויך ניט שטאַרק. אָבער איך ראַט אייך, געהט ניט ווייטער.

איך האָב געמאַכט אַן אונטערוווירפיגע מינע און געזאָגט מיט אַ שטיל קול:

— אך, ליעבעס פריילען, איך האָב נור איין וואונש: צו שטעהן אין געריכט פאַר דעם אייגענעם פערברעכען, ווי מאָרען.

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט זי געפרעגט.

איך האָב איהר ערנסט אָנגעקוקט:

— ווייל איהר זייט אַ בילד־שענע מיידעל! ווייל עס וואָלט פאַר מיר געווען אַ רעקאָמענדאַציאָן, אַ רעקלאַמע, אַ פערדיענסט צו האָבען דעם וואונש אייך מיט געוואַלד צו בעזיצען. ווייל יעדער וואָס וואָלט אייך זעהן בלויז איין מאָל, וואָלט געזאָגט: „נו, ווען לאַבאַרב האָט אפילו ניט עררייכט אַלעס, וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער דאָך געהאַט גליק“.

זי האָט זיך ווידער פרעהלאך צולאַכט:

— וואָס פאַר אַ קאָמישער מענש איהר זייט!

זי האָט נאָך ניט בעוויזען אויסצורעדען דאָס וואָרט „קאָמי־שער“, ווי איך האָב זי שוין געהאַלטען אין מיינע אָרעמס און בע־שאָטען מיט הייסע קושען איהרע האָאָר, דעם שטערען, די אויגען, די ליפּען, די באַקען, דעם גאַנצען קאָפּ, יעדען ברעקעל פּלאַץ, וואָס זי האָט געלאָזען אָפען, זוכענדיג צו פערשטעלען די איבעריגע.

צום סוף האָט זי זיך פון מיר בעפרייט, שטאַרק פעררויטיגט און מיט אַ בעליידיגטער מינע:

— איהר זייט אַ גראָבער יונג, און עס פערדריסט מיר, וואָס איך האָב מיט אייך גערעדט.

איך האָב זי אָנגענומען פאַר אַ האַנד און געשטאַמעלט עטוואָס פערלעגען:

— ענטשולדיגט מיר, ענטשולדיגט מיר. איך האָב אייך בע־

ליידיגט, איך בין געווען גראָב, איך בעט אייך, זייט ניט בייז אויף מיר. ווען איהר זאָלט וויסען...

אומזיסט האָב איך געזוכט זיך צו ענטשולדיגען.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי געזאָגט:

— איך וויל גאָרנישט וויסען.

אָבער דאָ איז מיר איינגעפאַלען אַ גליקליכער געדאַנק און איך האָב אויסגערופען:

— ליעבעס פרײַלען, איך האָב אייך ליעב שוין זייט אַ יאָהר צייט.

זי איז געוואָרען זעהר ערשטוינט און האָט אויפגעהויבען אויף מיר איהרע פערוואונדערטע אויגען. איך האָב ווידער גענומען רעדען:

—יא, ליעבעס פרײַלען, הערט מיך אויס. מאַרען׳ן קען איך גאָרנישט, ער איז מיר גאַנץ גלייכגילטיג, פון מיינעט וועגען קאָן ער פאַר׳ן געריכט שטעהן און פון מיינעטוועגען קאָן ער אפילו זיצען! איך האָב אייך דאָ געזעהן פאַר אַ יאָהרען. איהר זייט געשטאַנען נעבען די שטאַכעטען און ווען איך האָב אייך דערזעהן, האָט מיך פּלוצים אַ צופּ געטהאָן ביי דער נשמה און פון דאַן אָן האָב איך אייער בילד בשום אופן ניט געקענט פאַרגעסען. גלויבט מיר יאָ, צו ניט — מיר איז עס אַלץ איינס! אין מיינע אויגען זייט איהר שעהן, רייצענד שעהן! די עראינערונג אָן אייך האָט מיך אויף קיין איין מינוט ניט געלאָזט רוהען. איך האָב אייך געוואָלט זעהן נאָך אַמאָל און דערפאַר האָב איך דעם פּרא־אדם מאַרען בענוצט אַלס אויסרייד און בין צו אייך געקומען! איך האָב געהאַט אַ גע־לעגענהייט און האָב אביסעל איבערגעכאַפּט די מאָס! פערצייהט מיר, איך בעט אייך, פערצייהט מיר!

זי האָט געזוכט צו דערגעהן דעם אמת אין מיין בליק, איז בערייט געווען ווידער זיך צולאַכען, און זי האָט געמורמעלט:

— ליגנער!

איך האָב אויפגעהויבען די האנד און געזאָגט מיט אַ גאַנץ אויפריכטיגען קול:

— איך שווער אייך, אז איך זאָג נישט קיין ליגען!

— דערצעהלט עס ווענען אנדערש.

מיר זיינען געוועזן אליין, גאַנץ אליין. ריווע און דער אָנקעל זיינען פערשוואונדען געוואָרען צווישען די געדרעהטע אלעען; און איך האָב איהר געמאכט א ריכטיגע ערקלעהרונג אין ליעבע, א לאנגע און א צארטע, דריקענדיג בשעת מעשה איהרע פינגער און בעשיטענדיג זיי מיט קושען. זי האָט אויסגעהערט מיין ערקלעה־רונג, ווי עטוואָס אנגענעהמעס און נייעס, גיט וויסענדיג צו זאָל זי מיר גלויבען צו ניט.

צום סוף בין איך אויף א'ן אמת געוואָרען אויפגערעגט און האָב אליין גענומען גלויבען אין מיינע רייד. איך בין געוואָרען בלייך, האָב געציטערט, און זי צערטליך אָנגענומען פאר דער טאליע.

איך האָב שטיל געשעפּצעט און די קליינע לאָקען איבער איה־רע אויערען. זי איז געוואָרען שטארק פערטראכט און איז געבלי־בען שטיל און שטאר, ווי טויט.

דאַן האָט איהר האנד בעריהרט מיינע און זי א דריק געטהאָן. איך האָב לאנגזאם געדריקט איהר טאליע מיט א ציטערענדיגער האנד, געדריקט אלץ שטארקער און שטארקער. זי האָט זיך מעהר ניט בעוועגט. איך האָב א גלעט געטהאָן איהר באק מיט די ליפּען און פּלוצים האָט מיין מויל, גאָר נישט זוכענדיג, געפונען איהרען און זיך בעהעפט מיט איהם אין א לאנגען, לאנגען קוש. ער וואָלט געדויערט נאָך פיעל לייננער, ווען איך זאָל פּלוצים א פּאָאר טריט הינטער מיר ניט דערהערען א גערויש און א אויסרוף:

— הם, הם !

זי איז אנטלאָפען צווישען די בוימער. איך האָב זיך א קעהר געטהאָן און דערזעהן ריווע'ן, וועלכער איז מיר נאָכגעגאנגען:

ער האָט זיך מיר געשטעלט אין מיטען וועג און געזאָגט גאַנץ ערנסט:

— שען ! אָט אזוי בעזאָרגסטו דאָס דעם שוויין מארען'ס געשעפטען ?

איך האָב געענטפערט עטוואָס זעלבסטבעוואוסט:

— אך ליעבער פריינד, יעדער טהוט וואָס ער קאָן. און וואָס

הערט זיך מיט׳ן אָנקעל ? האָסטו ביי איהם עפּעס געפּועל׳ט ?
מיט דער פלימעניצע וועל איך שוין פערטיג ווערען.

ריווע האָט געענטפערט :

— איך האָב מיט דעם אָנקעל וויינינגער גליק געהאַט.

איך האָב איהם גענומען אונטער׳ן אָרעם און מיר האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק אין הויז.

3.

ביים עסען האָב איך אין גאַנצען דעם קאָפּ פערלאָרען. איך בין געזעסען נעבען איהר, און אונטער׳ן טיש האָט מיין האַנד שטענדיג געזוכט איהר האַנד, מיין פוס האָט געדריקט איהר פוס, אונזערע בליקען האָבען גערוהט איינער אין אַנדער׳ן.

דערנאָך האָבען מיר געמאַכט אַ שפּאַציער פאַר דעם שיין פון דער לבנה און איך האָב איהר געשעפּטשעט אין די אויערען אַלע צערטליכקייטען, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעגאָסען די אויפרעגונג פון מיין פערליעבט האַרץ. איך האָב זי געדריקט צו זיך, קושענדיג זי יעדע ווייל, ניט אָברייסענדיג מיינע ליפּען פון איהר מויל. פאַר אונז זיינען געגאַנגען ריווע מיט׳ן אָנקעל, דיסקוטירענדיג וועגען עפּעס. זייערע שאָטענס האָבען זיך לאַנגזאַם געצויגען נאָך זיי איבער׳ן זאַמדיגען וועג.

מיר האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק אין הויז און באַלד האָט אַ טעלעגראַפיסט געבראַכט אַ טעלעגראַמע פון דער טאַנטע מיט דער מעלדונג, אַז זי וועט ערשט מאָרגען אום זיעבען אוהר מיט דעם ערשטען צוג אהיים קומען.

דער אָנקעל האָט געזאָגט :

— נו, אויב אַזוי, הענריעטטע, טאָ ווייז די העררן זייערע צימערען.

מיר האָבען אַ דריק געטהאָן דעם גוטען אַלטען די האַנד און זיינען אַרויף אויבען. זי האָט אונז צוערשט צוגעפיהרט צו ריווע׳ס צימער. ריווע האָט מיר אַ שושקע געטהאָן אין אויער :

— נו, געווים האָט זי אונז אַפריהער געבראַכט צו מיר.

דאַן האָט זי מיך בעגלייט צו מיין שלאָף־צימער. אַזוי שנעל

ווי איך בין געבליעבען מיט איהר אליין, האָב איך זי ווידער ארומ־גענומען און פּרובירט זי צומישען, פערמזיבען איהר פערשטאַנד און זי בעזיעגען. אָבער ווען זי האָט דערפיהלט, אז זי ווערט שוואַך, איז זי אַנטלאָפען.

איך האָב זיך געלייגט אין בעט צורייצט, בייז און עטוואָס פאַרשעהמט. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט אז איך וועל שוין נישט שלאָפען די נאַכט און איך האָב זיך געפּרעגט פאַרוואָס איך בין בעגאַנגען די נאַרישקייט און זי געלאָזט אַנטלויפען. ערשט פלוצים האָט מען גאַנץ שטיל אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר.

איך האָב געפרעגט.

— ווער איז דאָרט ?

א שטיל קול האָט געענטפערט :

— איך.

איך האָב שנעל ארויפגעוואָרפען אויף זיך מיינע זאַכען, גע־עפענט די טיר און זי איז אריין מיט די ווערטער :

— איך האָב גאָר פערגעסען אייך צו פרעגען, וואָס איהר ווילט טרינקען מאָרגען אין דער פריה : שאָקאָלאַד, טהעע אָדער קאַפע ?

איך האָב זי שטורעמדיג א כאַפּ געטהאָן אין מיינע אָרעמס, בעדעקט זי מיט קושען און געשטאַמעלט :

—איך וויל... איך וויל...

אָבער זי האָט זיך ארויסגעגליטשט פון מיינע אָרעמס, אויס־געלאָשען מיין ליכט און איז פערשוואונדען.

א צוקאָכטער בין איך געבליעבען אליין אין דער פינסטער־ניש, האָב געזוכט שוועבעלאַך און זיי ניט געקענט געפינען. צום סוף האָב איך זיי געפונען און בין ארויס אין קאָרידאָר האלב משוגע פאַר אויפרעגונג, מיט א לייכטער אין האנד.

וואָס האָב איך געוואָלט טהאָן ? איך האָב שוין מעהר ניט געטראַכט, איך בין געגאַנגען זי זוכען. איך האָב זי באַגעהרט און איך האָב א פּאָר טריט געטהאָן, ניט טראַכטענדיג פון קיין זאַך. פּלוצים איז מיר איינגעפאַלען א געדאַנק : און טאָמער פאַל איך אריין צום אָנקעל אין צימער, וואָס וועל איך דאַן זאָגען ? און איך בין געבליעבען שטעהן אונבעוועגליך מיט א קלאַפּענדיגען

הארצען און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. אָבער אין אַ פּאָאַר אוי־גענבליק בין איך געקומען צו זיך און געפונען אַ תירוץ:

צום טייפעל, איך וועל איינפאך ערקלעהרען, אז איך האָב גע־זוכט ריווע׳ס צימער, אום מיט איהם צו רעדען פון זעהר אַ וויכטי־גער אנגעלעגענהייט.

און איך האָב גענומען בעטראכטען אַלע טירען און געזוכט צו ענטדעקען, וועלכע עס פיהרט צו איהר.

אָבער קיין זאך האָט מיר ניט געהאָלפען. איך האָב בשום אופן ניט געקענט געפינען קיין שפור. דאַן האָב איך זיך פערלאָזען אויפ׳ן צופאל, האָב אָנגענומען די ערשטע בעסטע קליאמקע אין האנד, אַ דרעה געטהאָן, געעפענט און אריין אינעווייניג... הענ־ריעטטע איז געזעסען אין׳ם בעט און האָט מיך צומישט אָנגעקוקט.

דאַן האָב איך שטילערהייט פערריגעלט די טיר פון אינעווויי־ניג, בין צוגעגאנגען צו איהר אויף די שפּיץ פינגער און געזאָגט:

— ליעבעס פריילען, איך האָב זיך גאָר פערגעסען אייך צו בעטען, איהר זאָלט מיר געבען עפּעס אַ בוך צום לעזען.

זי האָט זיך געוועהרט ,אָבער איך האָב געעפענט דאָס בוך, וואָס איך האָב געזוכט. דעם נאָמען פון דעם דאָזיגען בוך וויל איך נישט אָנרופען. עס איז געוועזן דער שענסטער ראָמאַן און דאָס געט־ליכסטע געדיכט...

קוים האָב איך איבערגעמישט איין בלעטעל, האָט זי מיר שוין געלאָזט בלעטערען וויפיעל איך אליין האָב געוואָלט. און איך האָב געלעזען אזוי פיעל קאפּיטלאך, אז אונזערע ליכט האָבען אין גאנ־צען אויסגעברענט.

דאַן האָב איך איהר געדאנקט, און זיך גנב׳ענדיג אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ רויבער, בין איך אין מיין צימער אריין. דאָ האָט מיך אַ כאַפּ געטהאָן אַ פעסטע האנד און אַ שטימע — ריווע׳ס שטימע האָט אַ שעפּטשע געטהאָן אונטער מיין אויער:

— דו האָסט אַלזאָ די געשיכטע פון דעם שוויין מאַרען נאָך אַלץ ניט אין אָרדנונג געבראַכט!

ארום זיעבען אַ זייגער אין דער פריה האָט זי מיר אַליין גע־בראכט אַ טאסע שאָקאָלאַד. עפּעס אַ מין שאָקאָלאַד, וואָס מ׳האָט

אזוינס ניט געטרונקען. עפּעס א מין שאָקאָלאַד, וועלכען מען האָט געקאָכט טרינקען אָהן א סוף, אזוי זיס, שמעקעדיג, צארט און גע־שמאַק איז ער געווען. איך בין ניט אימשטאַנד געווען אָבצורייסען מיינע ליפּען פון דעם דאָזיגען זיסען, געטליכען געטראַנק.

ווי נור דאָס יונגע מיידעל איז אוועק, האָט זיך בעוויזען רי־ווע. ער איז קאָנטיג געווען נערוועז, אין כעס, ווי איינער, וואָס האָט שלעכט געשלאָפען די נאַכט, און ער האָט זיך אָנגערופען צו מיר אין ניט גאָר קיין פריינדליכען טאָן :

— ווייסטו ווען דו וועסט אזוי האַנדלען ווייטער, וועסטו דעם שוויין מאָרען'ס עסק אין גאַנצען איבערפיהרען.

ארום אכט א זייגער איז געקומען די טאַנטע.

די אונטעררעדונג צווישען אונז איז געווען א גאַנץ קורצע. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז די גוטע אַלטע זאָלען נעהמען צוריק זייער קלאַגע און איך האָב זיי דערפאַר פערשפּראָכען פינף הונדערט פראַנק פאַר די אָרימע לייט פון יענער געגענד.

דאַן האָבען זיי פערלאַנגט מיר זאָלען נאָך פערברענגען ביי זיי דעם טאָג. זיי האָבען אונז פאָרגעשלאָגען צו מאַכען א שפּאַ־ציער, אום צו בעטראַכטען געוויסע חורבות. העגריעטטע האָט צו מיר געוואונקען הינטער דעם רוקען פון איהרע קרובים און געמאַכט מיט'ן קאָפּ :

— בלייבט דאָ !

איך האָב איינגעווילינגט, אָבער ריווע האָט זיך איינגעשפּאַרט ניט אַנדערש, מיר מוזען פאָהרען.

איך האָב איהם אָבגערופען אָן א זייט, איהם געבעטען, גע־קלאַניעט און געטענה'ט צו איהם :

— מיין גוטער, אַלטער ריווע, טהו מיר די טובה, בלייב דאָ — צוליעב מיר.

אָבער ער איז געווען אויסער זיך און האָט געזאָגט, קוקענדיג מיר גלייך אין פנים אריין :

— איצט איז אָבער גענוג, הערסטו, אזש פון האַלז קריכט מיר שוין דעם שוויין מאָרען'ס געשיכטע.

און איך בין געצוואונגען געווען אָבצופאָהרען מיט איהם צו־

זאמען. דאָס איז געווען איינער פון די שווערסטע מאָמענטען אין מיין לעבען. איך וואָלט גערן צופריעדען געווען מיין גאנץ לע־בען צו בעזאָרגען מאַרענ׳ס געשיכטע.

נאָך דעם ווי איך האָב זיך מיט איהר געזעגענט, דריקענדיג איהר האנד שטום און שטארק און מיר זיינען שוין געזעסען אין וואגאָן, האָב איך געזאָגט צו ריווע׳ן :

— דו ביזט א חיה רעה.

ער האָט געענטפערט :

— מיין ליעבער, דו האָסט מיך גענומען צופיעל רייצען.

ווען מיר זיינען געקומען אין דער רעדאקציאָן פון „דאָס ליכט“, האָב איך דערזעהן אן עולם מענשען, וועלכער האָט אונז ערווארט. אזוי גיך ווי מען האָט אונז דערזעהן, האָט מען גענומען שרייען :

— נו, האָט איהר אויסגעגלייכט דעם עסק פאר דעם שוויין מאַרען ?

גאנץ לא־ראשעל איז געווען אויפגערעגט. ריווע, וועמענס שלעכטער מוט האָט זיך אויף׳ן וועג ביסלאכווייז איינגעשטילט, האָט זיך קוים איינגעהאלטען פאר געלעכטער, ווען ער האָט זיי געענטפערט :

— יאָ, א דאנק לאבארב׳ס בעמיהונגען איז די געשיכטע ווידער אין אָרדנונג.

און מיר זיינען אוועק צו מאַרען׳ן.

ער איז געלעגען אויף א פאטעל מיט זענעפט פלאסטערס אויף די פיס און קאלטע קאָמפרעסען אויף׳ן קאָפּ און איז אויסגעגאנגען פאר שרעק.

ער האָט ניט אויפגעהערט צו הוסטען מיט א אָפּטען און שטי־לען הוסט, ווי א טויט־קראנקער, הגם קיין מענש האָט ניט געוואוסט וואו ער האָט געכאפּט אזא קאלט. זיין פרוי האָט אויף איהם גע־קוקט מיט אויגען פון א טיגערין, ווי זי וואָלט איהם וועלען אויפ־עסען א לעבעדיגען.

ווי ער האָט אונז דערזעהן, האָט ער גענומען ציטערען פון קאָפּ ביז די פיס און איך האָב זיך אָנגערופען :

— דער עסק איז אויסגעגלייכט, דו שוויין איינער. אָבער

דו זאָלסט זיך ניט דערוועגען נאָך אַמאָל צו טהאָן עטוואָס אַזוינס.

ער איז אויפגעשטאַנען, קוים אָבכאַפּענדיג דעם אָטהעם, האָט אָנגענומען מיינעביידע הענד, זיי אַ קוש געטהאָן, האָט זיך צו־וויינט, איז שיער נישט געפאַלען אין חלשות, האָט אַ קוש געטהאָן ריווע׳ן און זאָגאַר ארומגענומען זיין פרוי, וועלכע האָט איהם אַ שטוים געטהאָן פון זיך אַזוי, דאָס ער איז געפאַלען צוריק אין זיין פאַטעל.

אָבער פון דער דאָזיגער געשיכטע איז ער שוין מעהר קיין מאָל ניט געקומען צו זיך. זיין שרעק איז געווען צו שטאַרק.

אין אונזער גאַנצער געגענד האָט מען איהם פון דאַן אָן גע־רופען ניט אַנדערש, ווי דער שוויין מאָרען, און דאָס דאָזיגע צו־נעמעניש האָט איהם יעדעס מאָל, ווען ער האָט עס געהערט, גע־שטאָכען, ווי מיט מעסערס.

ווען וועלכער ניט־איז גאַסען יונג האָט אויף דער גאַס אַ גע־שריי געטהאָן:

— שוויין! — דאַן האָט ער נישט ווילענדיג אומגעקעהרט דעם קאָפּ. זיינע פריינד האָבען פון איהם שטענדיג חוזק געמאַכט און יעדעס מאָל, ווען ער האָט געגעסען וואורשט, האָבען זיי גע־פרעגט:

— אין דאָס דיין אייגענע?

אין צוויי יאָהר אַרום איז ער געשטאָרבען.

איך אָבער בין אין 1875 געלאָפען אַלס דעפּוטאַט און איין מאָל בין איך אוועק מיט אַ בעזוך צו דעם נייעם נאָטאַריוס אין טוססע, אַ געוויסען הערר בעלאָנקל, ווען איך האָב געדאַרפט זעהן געשעפטליך. אַ הויכע, שעהנע פרוי האָט מיך אויפגענומען.

— איהר דערקענט מיך ניט? — האָט זי געפרעגט.

איך האָב געשטאַמעלט:

— ניין, גנעדיגע פרוי. איך... איך דערקען אייך ניט.

— מיין נאָמען איז הענריעטטע באַננעל.

— אַך!

און איך האָב דערפיהלט, אַז איך ווער בלאַס.

זי אָבער איז געווען זעהר רוהיג און האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעל.

אזוי שנעל ווי זי האָט מיך געלאָזען אליין מיט איהר מאן, האָט ער מיך אָנגענומען פאר ביידע הענד און זיי שטארק א דריק געטהאָן.

— געעהרטער הערר, שוין א צייט לאנג, ווי מיר ווילט זיך מיט אייך בעקאנט ווערען — האָט ער געזאָגט — מיין פרוי האָט מיר וועגען אייך אזוי פיעל דערצעהלט. איך וויים גאנץ גוט אונטער וועלכע אונאנגענעהמע, שווערע אומשטענדען איהר זייט מיט איהר בעקאנט געוואָרען. איך וויים אויך, ווי עדעל, טאקטיש און פול מיט זעלבסט אויפאָפּפערונג איהר האָט געהאנדעלט אין דער דאָזיגער אנגעלעגענהייט...

ער האָט זיך פארכאפּט און געזאָגט עטוואָס שטילער, ווי ער וואָלט געברויכט עפּעס א'ן אונאנשטענדיגען שימפּפוואָרט.

— איך מיין די געשיכטע מיט דעם שוויין מאָרען.



# א נארמאנישער שפאס

די פראצעסיאן האט זיך בעוועגט איבער'ן וועג, אונ־טער'ן שאטען פון די מעכטיגע בוימער, וועלכע האבען ארומגערינגעלט די פויערשע הויפע; אפריהער זיינען געגאנגען חתן־כלה, דאן די על־טערן, דערנאך די איבעריגע איינגעלאדענע ... און צום סוף די ארימע לייט פון יענער געגענד. אין מיטען זיינען ארומגעלאפען די דארף־איינגלאך, זיינען בעפא־לען די פראצעסיאן, ווי די פליגען, האבען איהר דא און דארט דורכגעבראכען און געקלעטערט אויף די נאהענטסטע בוימער, אום בעסער צו זעהן.

דער חתן, יאהאן פאטו, דער רייכסטער פויער פון דער געגענד, איז געווען אן אסאבע א יונג. פריהער פאר אלעם איז ער געווען א ליידענשאפטליכער יעגער, וועלכער האט צוליעב זיין פארקאכט־קייט אין גייעג מאנכעס מאל בעגאנגען נארישקייטען און אויסגע־געבען א מאסע מיט געלד אויף הינד, יאגד־היטער און געוועהר.

דער כלה, ראזאליע ראסעל, זיינען אלע בחורים, וועלכע זיינען געשטאנען אין שידוכים, ממש נאכגעלאפען, ווארום מען האט זי געהאלטען פאר א שענע און מען האט געוואוסט, אז זי קריעגט א שענעם נדן. אבער זי האט אויסגעקליבען פאטו. אפשר דערפאר ווייל ער איז איהר בעסער געפעלען געווען ווי די אנדערע, אבער גיכער איז א סברא, אז אלס קלוגע נארמאנין האט זי איהם אויסגעקליבען, ווייל ער איז געווען דער רייכסטער פון זיי אלעמען.

ווען זיי זיינען אריין אין דעם הויף פון דעם הויז, וואו די חתונה האט געזאלט געפייערט ווערען, האבען פלוצים א קנאל גע־טהאן פערציג שאסען, אבער די שיסער האט מען ניט געקענט

זעהן, ווייל זיי זיינען געלעגען בעהאַלטען אין אַ גרוב. ביי דעם דאָזיגען ליאַרם איז אויף די מענער פּלוצים אָנגעפאַלען אַזאַ שמחה, אַזאַ פרייד, דאַס זיי האָבען גענומען טאַנצען און שפּרינגען אין זייערע זונטאָגדיגע בגדים, ווי די משוגעים. פּאַטו אָבער האָט איינ־געלאָזט זיין יונגע פרוי, זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף אַ קנעכט, וועל־כען ער האָט דערזעהען הינטער אַ בוים, אַרויסגעריסען ביי איהם דעם ביקס און אַליין אויסגעשאָסען מיט גרויס געפּילדער, שפּרינ־גענדיג דערביי ווי אַ זשערעבעץ.

דאַן האָט די פּראָצעסיאָן זיך ווידער געלאָזט געהן אונטער די עפּעל־בוימער, וואָס זיינען בעהאַנגען געווען מיט שווערע פרוכ־טען, איבער דאָס הויכע גראָז, צווישען די קעלבער, וועלכע האָבען זייערע גרויסע אויגען אויסגעגלאָצט אויף די פּראָצעסיאָן און זיי־נען לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען און געבליבען שטעהן מיט אויסגע־צויגענע מאָרדעס.

ווען עס איז געקומען צום עסען, זיינען די מענער ווידער ערנסט געוואָרען. די רייכע האָבען געטראָגען גרויסע היט פון גלאַנציגען זייד, די אַנדערע — איינפאַכע היטלען און גאָר די אָרי־מע — פּראָסטע מיצלאַך.

די פרויען האָבען זייערע טיכער פון הינטען אביסעל אַרונ־טערגעלאָזט און האָבען ביידע עקען פון פאָרענט פייערליך צו־זאַמען געהאַלטען. די טיכער זיינען געווען רויט, קאָלירט און שרייַענדיג. און זייער פיעלפאַרביגקייט האָט, ווי עס שיינט, די שוואַרצע היהנער אויפ׳ן מיסט, די ענטלאַך אויפ׳ן טייך און די טויבען אויף׳ן דאַך פון׳ם הויז שטאַרק פערוואונדערט.

די גרינקייט פון די פעלדער, פון די גראָז און בוימער האָט בלוי אָבגעשלאָגען פון דער גליהענדער רויטקייט און אונטער דעם בלענדענדיגען שיין פון דער זון האָט דער דאָזיגער געמיש פון פאַר־בען די אויגען געשטאָכען.

דאָס גרויסע הויז דאָרט אַם ענד פון דעם גרינעם דאַך, וואָס די עפּעלבוימער האָבען געבילדעט, האָט זיי געשיינט צו ערוואַר־טען. עפּעס אַ מין סאָרט פּאַרע האָט געשלאָגען פון דער טיר און

פון די אָפענע פענסטער אַרויס. און א שטאַרקער גערוך פון עסענ־וואַרג האָט אַרויסגעשטראָמט פון דער גרויסער געביידע, פון אַלע איהרע שפּאַלטען און אַפילו פון די ווענט, דאַכט זיך אויך.

ווי א שלאַנג האָט זיך די פּראָצעסיאָן פון די געסט איבער׳ן הויף געדרעהט. די ערשטע האָבען דערגרייכט דאָס הויז, זיינען אַריין אינעווייניג און זיך צושפּרייט אין אַלע זייטען, ווערהענד אַביסעל ווייטער אונטען זיינען נאָך מענשען דורך דעם אָפענעם טויער אַריינגעקומען. און נאָך ווייטער זיינען געשטאַנען א רייהע אינגלאַך און נייגיעריגע אָרימע־לייט. מען האָט נאָך אַלץ נאָכ־אַנאַנד געשאָסען. אויף אַלע זייטען האָט געקנאַלט און געטראַס־קעט, אַזוי, דאָס די לופט איז פול געוואָרען מיט דעם גערוך פון פּולווער, וועלכער האָט אייך געקאָנט פערטויבען, ווי אבסינט.

פאַר דער טיר האָבען די פרויען אָבגעשאָקעלט דעם שטויב פון זייערע קליידער, אָבגעבונדען די הוטבענדער, אויסגעטהאָן די שאַלען, אַריבערגעוואָרפען זיי איבער׳ן אָרעם און זיינען ערשט דאַן אַריין אין הויז, אום די דאָזיגע טהייערע זאַכען אין גאַנצען אויסצוטהאָן.

דער טיש איז געווען געדעקט אין דער גרויסער קיך, אין וועלכער עס האָבען געקאָנט אַריין הונדערט מענשען.

צוויי א זייגער האָט מען זיך געזעצט און אַכט א זייגער איז מען נאָך געזעסען בײַם עסען. די מענער האָבען אָבגעשפּיליעט די וועסטען, אויסגעטהאָן די רעקלאַך און געפּרעסען מיט רויטע פּנים׳ער, פיעל און וואָס זיי האָבען נור געקאָנט. דער געלער עפּעל־וויין האָט געלויכטען קלאָר און גאָלדיג אין די גרויסע גלעזער נעבען דעם דונקעלען בלוט־פאַרביגען רויט־וויין.

צווישען יעדען געריכט איז געמאַכט געוואָרען א לאָך, אַ נאָרמאַנישע לאָך, מיט א גלאָז שנאַפּס, וועלכע האָט אָנגעגאָסען פייער אין די אָדערען און משוגעת אין די קעפּ.

פון צייט צו צייט איז איינער פון די געסט, א פולער ווי א וויין־פאַס, אַרויסגעגאַנגען ביז צו די נאָהענטסטע בוימער, האָט זיך דאָרט גרינגער געמאַכט און איז דאַן מיט א פרישען אַפּעטיט צוריק אין הויז אַריין.

די פּויערטעס זיינען געווען רויט ווי פּייער, די יאַקלאַך זיינען ביי זיי אויפגעבלאָזן געווען ווי גומענע פּילקעס פון דעם קאָרסעט, וואָס איז אין צוויי העלפט צוזאַמענגעקוועטשט געווען, און זיי האָבן אויסגעזעהן אויבן רונד און אונטען רונד. זיי האָבן זיך געשעהמט און זיינען געבליבן זיצען ביים טיש. אָבער נור איי־נע פון זיי, וועלכע האָט עס זעהר נויטיג געדאַרפט, איז אַרויסגע־גאַנגען, דאַן זיינען אַלע אַנדערע אויך אויפגעשטאַנען, און צוריק־געקומען זיינען זיי צופרידענער און פרעהליכער, בעריייט צום שפּאַ־סען און וויצלען זיך. און איצט האָט געגומען האָגלען מיט וויצען.

אַ מבול פון געפעפערטע וויצען האָט זיך אַ גאַס געטהאָן פון אַלע זייטען טיש, אַלע מיט אַן אָנצוהערעניש אויף דער חתונה נאַכט. די פּויערים האָבן אַרויסגעבראַכט אַלץ וואָס זיי האָבן נור געהאַט אין קאָפּ. זייט הונדערטע יאָהרען האָבן די אייגענע וויצען ביי די אייגענע געלעגענהייטען זיך געהערט. און הגם יעדערער האָט זיי גוט געקענט, דאָך האָבן זיי נאָך געמאַכט אַ׳ן איינדרוק און יעדעס מאָל ביי יעדען וויץ האָט אויסגעבראָכען אַ פרעהליכער געלעכטער צווישען אַלע געסט.

אויף׳ן ברעג טיש האָבן פיער יונגע לייט, שכנים, פאָרגע־בראַכט זייערע שפּיצלאַך. עס האָט געשיינט, אַז זיי האָבן אויסגעטראַכט עפּעס גאָר אַ רעכטען שפּאַס, ווייל זיי האָבן זיך געשושקעט און גערעדט איינער מיט׳ן אַנדער׳ן שטאַרק פאַרטהאָן.

און דערזעהנדיג, אַז עס איז אויף אַ׳ן אויגענבליק שטיל גע־וואָרען, האָט איינער פון זיי געזאָגט:

— היינט ביינאַכט וועלען די וואַלד־גנבים האָבן לייכטע אַרבייט ביי דעם העלען שיין פון דער לבנה. זאָג אָקאָרשט, יאָ־האַן, דו וועסט היינט מסתמא ניט קוקען אויף דער לבנה?

דער חתן האָט זיך שנעל אַ קעהר געטהאָן:

— זאָלען די וואַלד־גנבים נור פּרובען קומען!

אָבער דער אַנדערער האָט זיך צולאַכט:

— עט, וויסטו, זיי מעגען קומען, דו וועסט דאָך צוליעב זיי ניט אַנטלויפען היינט ביינאַכט.

אַלע האָבען זיך געקייקעלט פאַר געלעכטער, די פּאַרלאָגע האָט געציטערט, די גלעזער האָבען געקלונגען.

אָבער דער חתן איז געוואָרען אויסער זיך ביי דעם געדאַנק, אז מען קאָן בענוצען זיין חתונה־נאַכט, אום ביי איהם אין וואַלד אויף געיעג צו געהן, און ער האָט אויסגערופען:

— איך זאָג נור: זיי זאָלען פּרובען קומען!

דאָ האָט זיך ווידער א שאָט געטהאָן א גאַנצע מאַסע צווייי־דייטיגע וויצען, אזוי, דאָס די כלה איז רויט געוואָרען, ציטערענדיג פאַר ערוואַרטונג.

נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעטרונקען נאָך א פּאַאַר פּעסלאַך בראַנפען, זיינען זיי אַלע אוועק שלאָפען, און דאָס יונגע פּאַאַר איז אוועק אין זייער צימער, וואָס האָט זיך געפונען אונטען גלייך מיט דער ערד, ווי אַלע צימערן פון׳ם פויערשען הויף. און אזוי ווי עס איז געווען וואַרעם, האָבען זיי געעפענט דאָס פענסטער און פערמאַכט די לאָדענס. אויף דער קאָמאָדע האָט געברענט א קליינער ניט־שענער לאָמפּ, א מתנה פון דער כלה׳ס פאָטער. דאָס בעט איז געשטאַנען בערייט אויפצונעהמען דאָס יונגע פּאַאַר, וועלכעס האָט ביי זייער ערשטער אומאַרמונג ניט געמאַכט אזוי פיעל צערעמאָניעס, ווי די שטאָדטישע מענשען.

די יונגע פרוי האָט שוין אויסגעטהאָן איהרע קליידער, צולאָזען איהרע האַאר, איז געווען נור אין אונטערקלייד און האָט אַרונ־טערגעשלעפּט איהרע שיך, ווען יאַהאָן האָט געענדיגט רויי־כערען א סיגאַר און דערביי נאָכגעקוקט זיין פרוי.

מיט בליסטשענדיגע אויגען, מעהר ליידענשאַפטליך ווי צערט־ליך, האָט ער זי בעטראַכט, דען ער האָט זי בעגעהרט מעהר ווי ער האָט זי געליעבט. און פּלוצים האָט ער פון זיך אַרונטערגע־וואָרפען דעם ראָק, ווי איינער, וועלכער נעהמט זיך צו דער אַרביים.

זי האָט דערוואייל אויסגעטהאָן די שיך און איצט האָט זי אַרונטערגעשלעפּט די זאָקען. דאַן האָט זי צו איהם געזאָגט: —

— שטעל זיך אַקאָרשט אויף א ווייל אונטער דעם פּאַר־

האַנג, איך זאָל זיך קענען לייגען אין בעט. (זיי האָבען זיך זייט זייער קינדהייט געזאָגט „דו“.)

פריהער האָט ער ניט געוואָלט. דערנאָך איז ער מיט א כיטרער מינע אוועק און זיך בעהאַלטען, נור דעם קאָפּ האָט ער ארויסגע־רוקט. זי האָט געלאַכט, געוואָלט איהם די אויגען פערשטעלען און אזוי האָבען זיי געשטיפּט און געשפּאַסט איינער מיט'ן אנדער'ן פערליעבט און פרעהלאַך, אָהן מורא און אָהן פאַלשער חרפּה.

צום סוף האָט ער נאָכגעגעבען. דאַן האָט זי אין איין אוי־גענבליק דאָס לעצטע קלייד פון זיך אראָבגעלאָזען, וועלכעס איז אראָבגעפאַלען און געבליעבען ליגען ביי איהר צופוסען. זי האָט עס נישט אויפגעהויבען, האָט אריבערגעטרעטען איבער דעם, א נאַ־קעטע, אין איין העמד, און איז אריין אין בעט, וועלכע האָט גע־נומען קרעכצען אונטער איהר געוויכט.

דאַן איז ער אָהן שיך, אין הויזען, צוגעקומען צו איהר, האָט זיך אריבערגעבויגען איבער זיין פרוי און געזוכט איהרע לי־פּען, וועלכע זי האָט אין די קישען בעהאַלטען. דאָ האָט זיך פּלו־צים פון דערווייטענס דערהערט א שאָס. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער קומט פון וואַלד אין דער געגענד פון ראַפּעס.

א צושראָקענער האָט ער א שפּרונג געטהאָן אין דער לופטען, איז צוגעלאָפען צום פענסטער און געעפענט דעם לאָדען.

דער ליכטיגער שיין פון דער לבנה האָט פערגאָסען דעם הויף מיט זיין העלען ליכט. די שאָטענס פון די עפּעל־בוימער האָבען געוואָרפען שוואַרצע פלעקען אַרום און פון ווייטען אין דרויסען האָט געלויכטען דאָס פעלד מיט זיינע פאַרטיגע תבואות.

ווען יאָהאַן האָט זיך ארויסגעבויגען און זיך צוגעהערט צו דעם גערויש פון דער נאַכט, האָבען צוויי נאַקעטע אָרעמס זיך אַרום זיין האַלז ארומגעכאַפּט און זיין פרוי האָט געזאָגט, ציהענדיי איהם צו זיך:

— אַך, לאָז צופרידען, וואָס מאַכט עס אויס! קום דאָך!

ער האָט זיך אומגעקעהרט, האָט זי א נעהם געטהאָן, ארומ־גענומען זי, ארומגעטאַפּט זי אונטער דעם דינעם לייווענד, אויפ־

געהויבען זי אין דער הויף מיט קרעפטיגע הענד און אריינגעטראַ־
גען אין בעט.

אין דעם אויגענבליק, ווען ער האָט זי אויף'ן בעט א וואָרף
געטהאָן, וועלכע האָט אונטער איהר געוויכט צוזאַמענגעזונקען,
האָט זיך דערהערט נאָך א שאָס, שוין אביסעל נעהנטער.

דאָ איז אויף יאַהאַנען פּלוצים אָנגעפאַלען א מורא'דיגער כעס
און ער האָט גענומען שילטען:

— צו אַל די שווארץ יאָהר, זיי מיינען הפּנים, אז צוליעב
דיר וועל איך ניט ארויסקומען. אָבער ווארט אָקאָרשט.

ער האָט אָנגעטהאָן די שטיוועל, ארונטערגענומען דעם ביקס,
וועלכער איז תמיד איבער'ן בעט אויף דער וואנד געהאנגען, און
אזוי ווי זיין פרוי איז איהם געפאַלען צו די פיס און א צושראָקענע
זיך ביי איהם געבעטען, האָט ער זיך שנעל ארויסגעריסען, איז
צוגעלאָפען צום פענסטער און איז מיט איין שפרונג געווען דרויסען.

זי האָט געוואַרט א שטונדע... צוויי שטונדען... ביז גרויסען
טאָג. איהר מאַן האָט זיך ניט צוריקגעקעהרט. דאַן האָט זי פער־
לאָרען דעם קאָפּ, גערופען איהרע קרובים, זיי דערצעהלט פון יאַ־
האַן'ס כעס און אז ער איז אוועק כאַפּען די וואלד־גנבים.

דאַן האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען די קנעכט, די פוהרמאַנעס
און די יונגען און זיינען אוועק זוכען זייער בעל־הבית.

זיי האָבען איהם געפונען צוויי מייל ווייט פון הויף, געבונ־
דען הענד און פיס, האַלב טויט פאר כעס, מיט א צובראָכענעם
ביקס, די הויזען אויסגעדרעהט און אָנגעטהאָן אויף דער לינקער
זייט, מיט דריי טויטע האָזען אויף'ן האַלז און א צעטעלע אויף
דער ברוסט, וואו עס איז געשטאַנען:

„ווער עס געהט אויף געיעג, פערליערט זיין פּלאַץ".

ווען ער האָט שפּעטער אמאָל גערעדט פון זיין חתונה־נאַכט,
האָט ער צוגעלייגט:

— נו, דאָס איז געווען א נישקשה'דיגער וויץ, אביסעל א
צו שטאַרקער וויץ.

— זיי האָבען מיך געכאַפּט, ווי א האָהן, די באַנדע! און האָ־

ן מיר דעם קאָפּ אין א זאַק אריינגערוקט. אָבער דערגעה איך
ען עס איז ווער דאָס איז געווען, דאַן איז אז אָך און וועה צו זיי.
אַן מעג איין גאָט אויף זיי רחמנות האָבען!
אָט אזוי שפּאַסט מען און מען וויצעלט זיך אין נאָרמאַנדיען.



# דער הייליגער אנטאָן

מען האָט איהם גערופען הייליגער אנטאָן, מסתמא דערפאַר, ווייל ער, אנטאָן, האָט ליעב געהאט די אכילה און דעם כוס, איז געווען א גרויסער שפּאַס־מאַכער, תמיד לוסטיג און פרעהלאך, און איז נאָכ־געלאָפען יעדען ווייבערשען שירץ, הגם ער איז גע־ווען א מאַן איבער זעכציג יאָהר אַלט.

ער איז געווען א פּויער פון סאַאו געגענד מיט באַקען, וואָס האָבען געשפּריצט מיט בלוט און געזונד, א מעכטיגער ברוסט און א דיקען בויך אויף לאַנגע פיס, וועלכע זיינען, האָט זיך געדאכט, צו שוואַך געווען פיר דעם דאָזיגען געוואַלדיגען קערפּער.

ער איז געווען א אַלמן און האָט געוואָהנט מיט זיין דיענסט און צוויי קנעכט אויף זיין פאַרם, וועלכע ער האָט פערשטאַנען ווי צו פיהרען. אין זיינע געשעפטען, פּיהצוכט און לאַנדווירטשאַפט איז איהם גאָר נישקשה׳דיג געגאַנגען. זיינעביידע זיהן ווי זיינע דריי טעכטער זיינען געווען גוט אויסגעגעבען, האָבען ניט ווייט געוואָהנט און איין מאָל אין מאָנאַט זיינען זיי אַלע געקומען צו איהם אויף א דינער. זיין קראַפט האָט געהאט א שם אין דער גאַנצער געגענד און איז עמיצער זעהר שטאַרק געווען, האָט מען אויף איהם געזאָגט : ער איז געזונד ווי דער הייליגער אנטאָן.

ווען דער קריעג מיט די פּרייסען האָט אויסגעבראָכען, האָט דער הייליגער אנטאָן געשוואָרען אין שענק, אז ער וועט אויס־הרג׳ענען א גאַנצע אַרמעע, וואָרים ווי אַן עכטער נאָרמאַנער איז ער געווען א גרויסער בעריהמער און טאַקי א פּייגלינג אויך. ער האָט א האַק געטהאָן מיט׳ן פויסט איבער דעם הילצערנעם טיש, מיט אַזאַ גוואַלד, דאָס די טעלער און גלעזער האָבען גענומען טאַנ־

צען און האָט אָנגעהויבען צו ליארמען מיט א פנים, רויט ווי צונטער, און מיט אויגען, ווי ביי א ווילדען וואָלף:

— זאָל מיך גאָט שטראָפען, אויב איך צורייס זיי ניט אויף שטיקער. זאָלען זיי נור אהערקומען, די פרייסען!

ער איז געווען זיכער, אז די פרייסען וועלען אין זיין געגענד ניט קענען קומען. אָבער ווען ער האָט שפּעטער זיך דערוואוסט, אז זיי זיינען שוין אין דער געגענד, האָט ער זיך פערשפּארט אין זיין הויז, אויף דרויסען ממש זיך ניט בעוויזען, און נאָכאנאנד ארויס־געקוקט פון׳ם קיך־פענסטער אויף די גאַס, ריכטענדיג זיך אלץ, אז אָט־אָט וועט ער זיי דערזעהן, די שרעקליכע פרייסען, ווי זיי מאַר־שירען אריין מיט זייערע ביקסען.

איינמאָל אין־דער־פריה, ווען ער איז געזעסען מיט זיינע קנעכט ביים טיש און האָט געגעסען, איז אריינגעקומען דער אָרטס־פאָרשטעהר שיקאָ און נאָך איהם א סאָלדאט, וואָס האָט געטראָגען א שווארצען העלם מיט א מעשענעם שפּיץ.

דער הייליגער אנטאן איז אויפגעשפּרונגען ווי א אָפּגעבריהטער און זיינע קנעכט האָבען איהם מיט שרעק אָנגעקוקט, ווייל זיי האָ־בען געמיינט, אז ער וועט זיכער דעם פרייסישען סאָלדאט צורייסען אויף שטיקער. אָבער דער הייליגער אנטאָן איז אזוי שלעכט ניט געווען, האָט נור דעם פאָרשטעהער די האנד געדריקט.

— הייליגער אנטאן, דאָ איז איינער פיר דיר. די נאכט זיי־נען זיי אָנגעקומען — האָט דער פאָרשטעהער געזאָגט — נו, מאך ניט קיין געשעפטען, וואָרים זיי סטראשען, זאָל עפּעס פּאסירען, וועלען זיי פון דער גאנצער געגענד מאכען א תל. געדענק־זשע, גיעב איהם עסען. ער זעהט אויס צו זיין גאָר א נישקשה׳דיגער מענ־שעל. אדיע. איך געה צו דיין שכן. יעדער קריגט איינעם.

און ער איז אוועק.

דער אַלטער אנטאָן איז בלייך געוואָרען און האָט א קוק גע־טהאָן אויף דעם סאָלדאט. ער איז געווען א שטארקער, קרעפּטיגער יונג, מיט א ווייסען פּנים, בלויע אויגען, בלאָנדע האָאָר און א גרויסער באָרד. ער האָט אויסגעקוקט אביסעל נארישעוואטע, אבי־סעל שרעקעדיג און גוטמוטהיג. דער כיטרער נאָרמאנער האָט איהם

גלייך אָפּגעשאַצט, האָט זיך בערוהיגט און איהם מיט דער האנד אָנגעוויזען, ער זאָל זיך זעצען. דערנאָך האָט ער איהם געפרעגט, אויב ער וויל סופּ. דער סאָלדאַט האָט ניט פערשטאַנען קיין וואָרט. דאָ איז דעם הייליגען אנטאָן איינגעפאלען, א שפּאַס צו טהאָן מיט'ן סאָלדאַט, האָט איהם צוגעטראָגען א טעלער סופּ אונטער די נאָז און געזאָגט:

— נא פרעס, גראָבער שוויין דו!

דער סאָלדאט האָט געענטפערט: — יא, און זיך צוגעכאַפּט צום עסען מיט גרויסען אַפּעטיט. דער פויער האָט טריאומפירט: ער האָט זיך גאָר ניט אָפּגעשראָקען צו זאָגען דעם שונא, וואָס ער איז. זיין רעפּוטאַציאָן איז געראַטעוועט געווען. ער האָט גענו־מען ווינקען מיט די אויגען צו זיינע קנעכט; יענע האָבען גע־מאַכט מאָדנע העויות, אביסעל פאַר מורא און אביסעל, כדי דאָס לאַכען צו פערשטיקען.

ווען דער סאָלדאַט האָט אַרונטערגעשלונגען זיין טעלער סופּ, האָט אנטאָן איהם אָנגעגאָסען א צווייטען, וואָס דער סאָלדאַט האָט אויך אזוי ארונטערגעשלונגען. אָבער פון א דריטען טעלער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. דאן האָט אנטאן איהם מיט גוואלד געוואָלט צווינגען, ער זאָל נאָך עסען און ער האָט צו איהם גערעדט:

— וואָס שווייגסטו? עס! שטאָפּ אָן דיין קישקע, אז דו זאָלסט ווערען פעט, דו גראָבער שוויין!

דער סאָלדאַט האָט זיך נור אָנגעשטויסען, אז מען וויל איהם געבען א סך עסען, האָט ער צופריעדען געלאַכט און געגעבען מיט די הענד צו פערשטעהן, אז ער קען ניט מעהר.

דאָ איז דער הייליגער אנטאָן מיט איהם געוואָרען גאָר גוט ברודער, האָט איהם א קלאַפּ געטהאָן אויפ'ן בויך און אויסגעשריען:

— איז ביי דיר שוין די קישקע פול, גראָבער שוויין?

אָבער פּלוצים האָט ער זיך אזוי צולאַכט, דאָס ער איז רויט געוואָרען ווי א בוריק און קיין וואָרט ניט געקענט ארויסריידען. א געדאנק איז איהם אויפ'ן זינען ארויף, פון וועלכען ער האָט זיך אזוי צולאַכט.

— איצט וועט זיין פרעהלאך, זעהר פרעהלאך! דער היי־

ליגער אנטאן און זיין שוויין. ער איז מיין שוויין ! — האָט ער ארויסגערעדט זיין געדאנק.

און זיינעביידע קנעכט האָבען זיך אויף הויך צולאכט.

דער אלטער אנטאָן איז געווען אזוי צופריעדען פון דעם דאָזיגען געדאנק, דאָס ער האָט געהייסען זיין דיענסטמיידעל, זי זאָל דער־לאַנגען שנאַפּס צום טיש און דוקא פון דעם בעסטען. ער האָט אלעמען מכבד געווען. מען האָט געטרונקען מיט'ן סאָלדאט, וועל־כער אויס העפליכקייט האָט מיט דער צונג צוגעקלאַפּט, כדי צו ווייזען, ווי גוט דער שנאַפּס געפעהלט איהם.

און דער הייליגער אנטאן האָט צו איהם געשריען :

— ער געפעהלט דיר, הא ? אזא שנאַפּס האָסטו נאָך קיינ־מאָל אפילו ניט א שמעק געטהאָן ביי דיר אין דער־היים, דו גראָ־בער שוויין !

פון איצט אָן האָט דער הייליגער אנטאן קיין טריט נישט גע־טהאָן אָהן זיין סאָלדאט. ער האָט זיך ארומגעפיהרט מיט זיין דייטש און איזדעקעוועט זיך איבער איהם, נאטירליך, מיט ווער־טער נור, וואָס דער סאָלדאט האָט ניט פערשטאנען. אויף אזא אופן האָט ער געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט'ן שונא. און די איינ־וואוינער פון דער געגענד, וועלכע האָבען געציטערט פאר דעם שונא, האָבען איצט געלאכט הינטער דעם סאָלדאט'ס רוקען און אָנגעקוואָ־לען פון דעם אלטען אנטאָן. אזא שפּאס האָט טאקי געקענט אויס־טראכטען נור דער אלטער שפּאס־מאכער.

נאָכמיטאָג איז ער אימער געגאנגען געארמט מיט זיין דייטש צו די שכנים, האָט מיט געלעכטער איהם זיי געוויזען, געקלאַפּט איהם אויף'ן אקסעל און גערעדט :

— קוקט נור אָן, דאָס איז מיין גראָבער שוויין. זעהט נור, ווי ער ווערט פעט ביי מיר.

און די פויערים האָבען געשטיקט אין זיך דעם געלעכטער. ער איז געווען אזא וויצלינג, דער הייליגער אנטאָן מיט'ן דיקען בויך !

— צעזאר, איך פערקויף דיר איהם, מיין גראָבען שוויין.

—אנטאן, איך קויף איהם ביי דיר, אָבער אָן אָפּגעשונדרענעם.

און די פּויעוים האָבען מיט אלע קרעפטען איינגעהאלטען אין זיך דעם געלעכטער, ווייל לאכען הויך אויף׳ן קול האָבען זיי מורא געהאט, טאָמער שטויסט זיך אָן פּאָרט דער סאָלדאט, אז מען לאכט פון איהם. נור אנטאן איז יעדען טאָג געוואָרען פרעכער, האָט איהם געקניפּען אין די קניע און געברומט:

— ער ווערט פּעט ביי מיר, פּעט!

דערנאָך האָט ער איהם געפּאטשט אויף דעם הינטען און געשריען: — דאָס איז שמאלץ, הוילע שמאלץ!...

צום סוף האָט ער איהם נאָר אויפגעהויבען אין דער הויך מיט זיינע מעכטיגע הענד, וועלכע האָבען געקענט, דאכט זיך, אן אָקס אויפהייבען, און ערקלעהרט:

— זעקס הונדערט פונט וועגט ער, קיין איין לויט ווייניגער.

ער האָט זיך איינגעוואָהנט, צו געבען זיין שוויין עסען אומעדום, וואו ער האָט איהם געבראכט צו שלעפּען.

— גיט איהם עסען, וואָס איהר ווילט, ער וועט אלסדינג פערשלינגען — האָט ער געזאָגט, באלד ווי ער איז צו עמיצען געקומען מיט זיין סאָלדאט.

און מען האָט אוועקגעשטעלט פאר דעם דייטש ברויט און פּוטער, קארטאָפעל און וואורשט.

דער נאָרישער און גוטמוטהיגער סאָלדאט האָט נאָכאנאנד געגעסען אויס העפליכקייט צו די העפליכע און פריינדליכע מענשען, איז אָפּט קראנק געוואָרען פון צופיעל עסען און האָט דאָך ווייטער געגעסען, כדי צו בלייבען א העפליכער מענש. ער איז אויף אַן אמת דיק געוואָרען, אזוי דיק, דאָס די קליידער זיינען איהם צו ענג געוואָרען. און דער הייליגער אנטאָן האָט דערפון אָנגעקוואָלען און אלץ געטענה׳ט:

— דו ווייסט, גראָבער שוויין, אז דו וועסט זיך מוזען מאכען א נייע יוניפאָרם?

איבריגענס זיינען זיי געוואָרען די בעסטע פריינד. און ווען דער אלטער האָט געהאט צו פאָהרען ערגעץ וועגען זיינע געשעפטען אין דער געגענד, האָט דער סאָלדאט איהם אלע מאָל בעגלייט, נור פון פערגעניגען וועגען, כדי צוזאמען מיט איהם צו זיין.

עס איז געווען זעהר קאַלט. דער פראָסט האָט מורא'דיג גע־בושעוועט, דער שרעקליכער ווינטער פון 1870 האָט, קענטיג, פאַר פראַנקרייך נור צרות און אונגליקען געהאַט.

דער הייליגער אַנטאַן האָט זיך געכאַפּט, אַז עס וועט איהם אויספּעהלען מיסט פיר די פעלדער אין'ם פריהלינג, איז ער אַוועק צו זיינעם אַ שכן, אַ האַלב מייל פון איהם, וועלכער איז געווען אין אַ נויט, און ביי איהם מיסט געקויפט. ער האָט מיט איהם אָפּגע־מאַכט, אַז יעדען פאַרנאַכט זאָל ער קומען מיט אַ וואָגען און אָנ־לאָדען איהם מיט מיסט.

יעדען טאָג, אַזוי גיך ווי עס איז דונקעל געוואָרען, איז ער אַהין געפאָהרען אויף זיין וואָגען און אַלע מאָל האָט איהם זיין שוויין בעגלייט און יעדעס מאָל איז דאָרט פרעהלאך געווען, בעת דער שוויין האָט געגעסען. מענשען פון דער גאַנצער געגענד זיינען אַהין געלאָפען, ווי אויף אַ בייז וואונדער.

מיט אַמאָל האָט דער סאָלדאַט אָנגעהויבען זיך אָנצושטויסען און ווען מען האָט זעהר געלאַכט, האָט ער זיך אונרוהיג אומגעקוקט. עפּעס אַ מין צאָרן האָט אין זיינע אויגען יעדע ווייליע אַ פלאַקער געטהאָן.

און איינמאָל ביינאַכט, אַז ער האָט זיך זאַט אָנגעגעסען, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט מעהר נעהמען קיין ביסען אין מויל. ער האָט געוואָלט אַוועקגעהן פון'ם טיש. אָבער דער הייליגער אַנטאַן האָט איהם אַ כאַפּ געטהאָן ביים אָרם און איהם אַזוי אַ זעץ גע־טהאָן אויף זיין אָרט צוריק, דאָס דער שטול אונטער דעם סאָלדאַט איז צובראָכען געוואָרען.

אַ שטורמישער געלעכטער האָט דאָס הויז פערהילכט און דער הייליגער אַנטאַן האָט מיט אַ שטראַהלענדיגען פּנים זיין שוויין אויפגעהויבען און זיך אָנגערופען :

—אויב דו ווילסט ניט עסען, זאָלסטו טרינקען. דאָס מוז ער.

דער בעל הבית האָט געבראַכט אַ גרויסע פלאַש קאָניאַק.

דער סאָלדאַט האָט בייז געקוקט ארום זיך, דאָך אָבער האָט ער געטרונקען, געטרונקען, פיעל זיי אַליין האָבען געוואָלט. דער הייליגער אַנטאַן האָט אויך פיעל געטרונקען, אַזוי ווי ער וואָלט

מיט'ן סאָלדאַט אין אַ ווערט געגאַנגען, ווער פון זיי ביידען קען מעהר טרינקען.

ער איז געווען רויט ווי אַ טאָמייטאָ און זיינע אויגען האָבען געברענט — ער האָט אָנגעפילט די גלעזער, איינע פיר דעם סאָל־דאַט, די אנדערע פיר זיך און געברומט:

— פיר דיין געזונד, גראָבער שוויין מיינער!

און דער דייטש האָט ארונטערגעלאָזט אין האלז גאנצע גלע־זער פון קאָניאַק און קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט.

איצט איז דאָס טאַקי געווען אַ קאַמפף, אַ אמת'ער קאַמפף, ווער פון זיי ביידען וועט קענען מעהר אויסטרינקען. ווען די פלאַש איז לעדיג געוואָרען, האָבען זיי ביידע מעהר ניט געקענט טרינ־קען. זיי זיינען אוועק אהיים, געגאנגען איינער נעבען אנדערן הינ־טער דעם וואָגען מיט מיסט וואָס איז געשלעפט געווען פון צוויי פערד, און דאָבען זיך אויף די פיס געשאָקעלט. מאָרגען האָבען זיי געזאָלט ווידער דעם דאָזיגען קאַמפף אויפנעהמען.

אַ שנעע האָט אָנגעהויבען צו שיטען, און די דונקעלע נאַכט — קיין לבנה האָט ניט געשיינט — האָט טרויעריג אויסגעזעהן, בעלייכטעט פון'ם מאַטען אפשיין פון דעם ווייסען שנעע. די קעלט האָט נאָך מעהר צוהיצט די מוחות פון די ביידע שיכורע מענער און דער הייליגער אנטאָן, וואָס איז בייז געווען, ווארום ער האָט ניט געזיעגט, האָט כלומרשט אויף שפאַס אָנגעהויבען צו שטופען און צו שטויסען זיין שוויין. דער סאָלדאַט האָט איהם נאָכאנאַנד אויס־געוויכט און יעדעס מאָל האָט ער דערביי געזאָגט אויף דייטש אַ פּאָאָר בייזע ווערטער, פון וואָס דער פויער האָט הויך אויף'ן קול געלאַכט.

צום סוף האָט דער דייטש אין גאנצען זיין געדולד פערלאָרען און ווען אנטאָן האָט איהם ווידער אַ שטויס געטהאָן, האָט דער סאָלדאַט איהם אזא זעץ געטהאָן מיט'ן פויסט אין פנים, דאָס דער ריעז אנטאָן איז שיער ניט געפאַלען.

דאָן האָט דער שיכור'ער אלטער אַ כאַפּ געטהאָן דעם סאָלדאַט און עטליכע רגע'ס איהם געטרייסעלט ווי אַ קליין קינד. דערנאָך דאָט ער איהם מיט אַ מעכטיגען וואָרף אַ שליידער געטהאָן ביז

אויף דער אנדער זייט פון'ם וועג. מעהר האָט ער ניט געוואָלט, געוויזען איהם, וואָס ער קען. ער האָט צונויפגעלעגט זיינע ארמס און ווידער אָנגעהויבען הויך צו לאַכען.

אָבער דער סאָלדאט האָט זיך גלייך אויפגעהויבען מיט א הייד לען קאָפּ. זיין העלם איז אויף'ן שנעע געבליבען ליגען. ער האָט פּלוצים ארויסגעכאפּט דעם שפּיז פון'ם שייד, וואָס איז ביי איהם געהאנגען אויף א זייט, און זיך א וואָרף געטהאָן אויף'ן הייליגען אנטאן.

אז דער פויער האָט דאָס דערזעהן, האָט ער אויסגעשטעלט נעגען איהם זיין בייטש, זיין גרויסע, געל געשטרייפטע בייטש, וועל־כע איז געווען שטארק און בייגיג.

דער סאָלדאט איז געלאָפען צו איהם מיט א איינגעבויגטען קאָפּ, דעם שפּיז אויסגעשטעלט, זיכער מיט דער אבזיכט, איהם צו דערשטעכען. אָבער דער אלטער האָט מיט דער האנד דעם שפּיז אָנגעכאפּט, אָפּגעשטויסען איהם אָן א זייט און אזא האק געטהאָן מיט'ן בייטש דעם דייטש איבער'ן שלייף, דאָס יענער איז צו זיינע פיס געפאלען, ווי א אונטערגעהאקטער בוים.

צושראָקען און צוטומעלט האָט ער געזעהן ווי דער קערפּער, אויף'ן בויך אויסגעצויגען, האָט זיך א ווייל געצאפּעלט און איז פּלוצים געבליבען אונבעוועגליך. ער האָט זיך איינגעבויגט, אומ־געדרעהט דעם סאָלדאט און א צייט לאנג געקוקט אויף איהם.ביים סאָלדאט זיינען די אויגען צוגעמאכט געווען און דאָס בלוט האָט געשטראָהמט פון דער קליינער וואונד אויף זיין שטערן. כאָטש עס איז געווען נאכט, האָט דער הייליגער אנטאָן געקענט זעהן די דונקעלע שפּורען פון'ם בלוט אויף דעם שנעע. ער איז געבליבען שטעהן, האָט אין גאנצען פערלאָרען דעם קאָפּ, ווערהענד די פערד מיט'ן וואָגען זיינען זיך דאָרט לאנגזאם געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער.

וואָס זאָל ער טהאָן? מען וועט איהם דערשיסען. זיין הויף וועט מען פערברענען און די גאנצע געגענד פערוויסטען! וואָס הויבט ער אָן צו טהאָן? ווי בעהאלט מען דעם קערפּער? ווי פערבאָרגט מען דעם דער'הרג'עטען? ווי נארט מען אָפּ די

פרייסען? ער האָט דערהערט פון ווייטען שטימען אין דער שוויי־גענדיגער שטילקייט פון דער שנעע־לאַנדשאַפט. דאָ האָט ער אויפגעהויבען דעם העלם, ארויפגעטהאָן איהם דעם דער׳הרג׳עטען אויף׳ן קאָפּ. דערנאָך האָט ער אָנגענומען דעם קערפּער ביים בויך, אויפגעהויבען איהם אין דער־הויך און זיך אוועקגעלאָזט נאָך׳ן וואַ־גען, דעריאָגט איהם און א וואָרף געטהאָן דעם דער׳הרג׳עטען אויף׳ן מיסט. אין דער־היים וועט ער שוין זעהן, וואָס ער זאָל ווייטער טהאָן.

טריט ביי טריט איז ער נאָכגעגאנגען דעם וואָגען, האָט אלץ געטראַכט, וואָס ער זאָל טהאָן און קיין עצה זיך ניט געקענט גע־בען. ער האָט געזעהן, אז ער איז פערלאָרען. ער איז געקומען אויף זיין הויף. איין פענסטער איז נאָך העל געוועזן. דאָס הויז־מיידעל האָט נאָך ניט געשלאָפען.

דאַן האָט ער שנעל דעם וואָגען צו דעם סאמען ברעג פון דער מיסט־גרוב צוגערוקט און געטראַכט, אז ווען ער וועט דעם גאַנ־צען וואָגען מיסט אהין אויסשיטען, דאַן וועט דער קערפּער אויף אהין ארונטערפאַלען און די מיסט וועט איהם בעדעקען.

און אזוי איז עס טאַקי געוועזן. ער איז בעגראָבען געוואָרען אונטער דעם מיסט אין דער גרוב. דער הייליגער אנטאָן האָט דערנאָך אויסגעגלייכט די קופּע מיט דעם מיסט־גאָפּעל, גערופען דעם קנעכט און געהייסען איהם ארייננפיהרען די פערד אין דעם שטאַל. דאַן איז ער ארויף צו זיך אין דאָס צימער.

ער האָט זיך געלעגט און ניט געקענט איינשלאָפען. עס האָט איהם געוואָרפען א צאָהן אָן א צאָהן. ער האָט אזש געשוויצט פאַר מורא. מען וועט יענעם זיכער זוכען. ער האָט מעהר ניט געקענט איינליגען.

דאַן איז ער ארונטערגעגאנגען אין די קיך, האָט גענומען די פלאַש שנאַפּס פון׳ם בופעט און איז צוריק ארויף צו זיך.

דאָרט האָט ער אויסגעטרונקען צוויי גרויסע גלעזער, אזוי דאָס זיין פריהערדיגע שיכרות איז איצט ווידער אָפּגעפרישט געוואָרען. אָבער ער איז ניט רוהיגער געוואָרען דערפון.

וואָס זאָל ער טהאָן? אזא אונגליק!...

ער איז אַרומגעגאַנגען איבער זיין צימער הין און צוריק, האָט געזוכט עפּעס אַן עצה, אַן אויסגאַנג, עפּעס אַ פּלאַן און פון צייט צו צייט האָט ער אַ זופּ געטהאָן פון דעם שנאַפּס, כדי זיך צו שטאַרקען.

אָבער ער האָט גאָר נישט, גאָר נישט ניט געקענט אויס־טראַכטען.

אַרום האַלבע נאַכט האָט זיין הונד, וואָס איז געשטאַנען אויף'ן הויף צוגעבונדען צו אַ קייט, אָנגעהויבען מורא'דיג צו בילען.

דער הייליגער אַנטאָן האָט געציטערט פון קאָפּ ביז צו די פיס און יעדעס מאָל, ווען דער הונד האָט דאָרט אויפגעהויבען זיין ווילדע מורא'דיגע בילעריי, איז אַ קעלט איהם אַריבער איבער'ן לייב.

ער איז געפאַלען אויף זיין שטול אָהן כחות. מעהר האָט ער ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם בילען פון'ם הונד.

אונטען האָט דער זייגער געשלאָגען פינף. דער הונד האָט זיך נאָך אַלץ ניט בערוהיגט. איצט איז דער פויער אין גאַנצען פון זיינע כלים אַרויס. ער איז אויפגעשטאַנען, דעם הונד פון דער קייט אַרונטערצולאָזען, כדי ניט צו הערען מעהר זיין בילען. ער איז אַרונטערגעגאַנגען, געעפענט די טיר צום הויף צו און איז אַרויס אין די פינסטערע נאַכט.

דער שנעע האָט נאָך אַלץ געשאָטען. אַלסדינג איז ווייס געווען. די געביידעס אויף'ן הויף האָבען אויסגעזעהן ווי גרויסע שוואַרצע פלעקען. דער פויער איז צוגעגאַנגען צו דער בודקע פון'ם הונד. דער הונד האָט זיך אַ ריס געטהאָן פון זיין קייט. אַנטאָן האָט איהם אָפּגעלאָזט. דאָ האָט דער הונד אַ שפּרונג געטהאָן אין פאָראויס און איז גלייך שטעהן געבליבען מיט אויפגעשטעלטע האָאָר געגען דער קופּע מיסט.

דער הייליגער אַנטאָן איז פערציטערט געוואָרען און האָט אַרויסגעשטאַמעלט :

— וואָס האָסטו דאָרט דערזעהן ?

און דערביי האָט ער אַ פּאָאַר טריט געטהאָן צו דעם הונד צו

און בעמיהט זיך די אָרומיגע דונקעלהייט מיט די בליקען דורכ־צודרינגען.

און ער האָט דערזעהן אַ געשטאַלט, אַ מענשליכע געשטאַלט אויף דער קופּע מיסט זיצען.

עס האָט איהם אַ האַק געטהאָן אין׳ם הארצען און ער איז געבליבען שטעהן, ווי אַן איינגעגראָבענער.

אָבער פּלוצים האָט ער דערפיהלט מיט׳ן פוס דעם שטאָל פון דעם מיסט־גאָפּעל, וואָס איז אין די ערד אריינגעזעצט געווען. ער האָט ארויסגעצויגען דעם מיסט־גאָפּעל און מיט יענער פערצווייפ־לונג, וואָס מאכט דעם שרעקענדיגסטען מענשען פאר אַ העלד, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער געשטאַלט, אום צו זעהן, ווער און וואָס איז דאָרט.

ער איז דאָס געווען, זיין דייטש, וועלכער, אין גאַנצען מיט קויט בעדעקט, איז ארויסגעקראָכען פון דער קופּע מיסט, וואָס האָט איהם דערוואָרעמט און צוריק איהם דאָס לעבען געגעבען. מעכאניש האָט ער זיך געזעצט און איז אַזוי געזעסען אונטער דעם שנעע, אין גאַנצען פערבלוטיגט און מיט שמוץ בעדעקט, נאָך ניט גוט אויסגעניכטערט פון דעם שנאַפּס, בעטויבט פון דעם מיסט־געבוך, און פון דער וואונד אָפּגעשוואכט.

ער האָט בעמערקט דעם הייליגען אנטאָן. אָבער ער האָט זיך נאָך ניט געגנוג אַטשוכעט, אום ריכטיג צו פערשטעהן, וואָס אַזוינס דאָ האָט פּאַסירט, און נור געפּרובט זיך אויפהויבען. אָבער אַזוי גיך ווי דער אַלטער האָט איהם דערקענט, איז ער ווילד געוואָ־רען ווי אַ צורייצטע חיה, און ער האָט ארויסגעשטאַמעלט:

— וואָס, דו שווין, דו ביזט ניט טויט, דו ווערסט מיך ארויסגעבען, האַ? ! וואַרט נור, וואַרט נור!

און ער איז צוגעשפּרונגען צום דייטש און מיט דער גאַנ־צער קראַפט פון זיינע מעכטיגע אָרמס האָט ער אריינגעהאַקט די פיער שאַרפע שפּיצען פון דעם מיסט־גאָפּעל איהם אין ברוסט.

דער סאָלדאַט איז געפאַלען אויף׳ן רוקען און ארויסגעלאָזט אַ לאַנגען זיפץ. דער אַלטער פויער האָט זיך דאַן אין גאַנצען צו־יושעט, אַרויסגעצויגען דעם מיסט־גאָפּעל פון דעם סאָלדאַט׳ס

ברוסט און איהם ווידער אריינגעהאַקט אין דעם בויך, אין דעם מאָגען, אין דעם נאַקען, האָט געשטאָכען ווי אַ משוגענער אין דעם צאַפּעלדיגען קערפּער אריין, פון וועלכען דאָס בלוט האָט זיך גע־גאָסען שטראָמענווייז.

דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אָהן אַן אָטהעם פאַר רציחה און אנשטרענגונג, און טיעף אריינגעזויגט אין זיך די לופט. איצט, ווען ער האָט יענעם דער׳הרג׳עט, איז ער געוואָרען רוהיגער.

אַז די העהנער האָבען אָנגעהויבען צו קרייהען און עס האָט גענומען טאָגען, האָט ער זיך צו דער ארבייט אַ נעהם געטהאָן, אום דעם קערפּער צו בעגראָבען.

ער האָט אויסגעגראָבען אַ גרויסע לאָך אין דעם מיסט, ביז ער האָט די ערד דערפיהלט, דאַן האָט ער געגראָבען נאָך טיעפער אין דער ערד, געגראָבען מיט אַלע זיינע אונגעוועהנליכע קרעפטען פערצווייפעלט.

און אַז די לאָך איז גענוג טיעף געוואָרען, האָט ער מיט׳ן מיסט־גאָפּעל אָנגענומען דעם קערפּער און איהם אהין אריינגע־וואָרפען, פערשאָטען די גרוב ווידער מיט דער ערד, איינגעטראָ־טען זי פעסט מיט די פיס, ארויפגעוואָרפען אויף דעם דערנאָך אַ הויכע קופּע מיסט און גענומען שמייכלען, בעת ער האָט דער־זעהן דעם געדיכטען שנעע, וואָס האָט זיין ארבייט פערענדיגט און אַלע בלוטיגע שפּורען מיט אַ ווייסען שלייער צוגעדעקט.

דערנאָך האָט ער אריינגעזעצט דעם מיסט־גאָפּעל ווידער אין דער קופּע און איז צוריק אַוועק אין׳ס הויז.

די פלאַש שנאַפּס איז נאָך געשטאַנען אויף׳ן טיש. ער האָט זי אין איין אָטהעם אויסגעטרונקען, אַ וואָרף געטהאָן זיך אויף׳ן בעט און איז אַנשלאָפען געוואָרען ווי אַ דער׳הרג׳עטער.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז ער געווען ניכטער. דאַן האָט ער רוהיג ארומגעקלערט, וואָס צו טהאָן.

אַ שטונדע דערנאָך איז ער ארומגעלאָפען איבער דער גאַנ־צער געגענד און זיך אומעדום נאָכגעפרעגט אויף׳ן סאָלדאַט. ער איז אויך אַוועק צו די דייטשע אָפיציערען מיט אַ טענה, פאַר־וואָס מען האָט פון איהם אַוועקגענומען זיין סאָלדאַט,

און אַזוי ווי אומעדום האָט מען געוואוסט וועגן זייער ביי־דענס גרויסע פריינדשאַפט, איז קיינעם גאָר ניט איינגעפאַלען איהם צו פערדעכטיגען. ער האָט נאָך ארויסגעלאָזט א קלאַנג, אַז דער סאָלדאַט איז יעדען אבענד נאָכגעלאָפען די ווייבער אין׳ם דאָרף, כדי מען זאָל דעם שולדיגען זוכען צווישען יענע, וואָס האָבען געהאַט ווייבער אָדער טעכטער.

אָן אַלטער אויסגעדיענטער זשאַנדאַרם, וואָס האָט אין דער געגענד געהאַלטען א שענק און געהאַט א שענע טאָכטער, איז טאַקי שפּעטער ארעסטירט געוואָרען און מען האָט איהם דערשאָ־סען.



# די שטוהל־פלעכטערין



ער דינער, וואָס איז געגעבען געוואָרען ביי דעם מאר־
קיז בערטראַן לכבוד דער ערעפנונג פון דעם געיעג,
איז געוועזען צו ענדע. עלף יעגער, אכט יונגע פרויען
און א דאָקטאָר פון דער נאכבארשאפט זיינען גע־
זעסען ארום דעם גרויסען העל־בעלויכטענעם טיש,
אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען פרוכט און
בלומען.

מען האָט גערעדט פון ליעבע און עס האָט אויסגעבראָכען א
גרויסער שטרייט, דער אייביגער שטרייט וועגען דעם, אויב מען
קאָן אין'ם לעבען ליעבען עטליכע מאָל אָדער די אמת'ע ליעבע קומט
נור איין מאָל. מען האָט אָנגערופען אלערליי מענשען, וועלכע האָ־
בען געהאט נור איין אמת'ע ליעבע, דאן האָט מען גערעדט פון
אזעלכע, וועלכע האָבען אייניגע מאָל ליידענשאפטליך געליעבט.
כמעט אלע מענער האָבען בעהויפטעט, אז די ליידענשאפט, פונקט
ווי א קראנקהייט, קאָן עטליכע מאָל בעפאלען איינעם און דעם
זעלביגען מענשען און איהם טויטליך פערוואונדען, אויב א וועלכע
ניט איז שטערונג שטעהט איהר אין'ם וועג. הגם מען האָט געגען
אזא מין בליק אייגענטליך ניט געקענט שטרייטען, דאָך האָבען די
פרויען, וועלכע האָבען זייערע ערפאהרונגען געשעפט מעהר פון
די ראָמאנען, ווי פון'ם ווירקליכען לעבען, בעהויפטעט, אז די ליעבע,
די אמת'ע ליעבע, די גרויסע ליעבע, קאָן נור טרעפען דעם מענשען
איין מאָל, אז זי איז ווי דער בליץ ; און איז איינמאָל דאָס הארץ
פון אזא מין ליעבע געטראָפען, ווערט עס אין גאנצען פערברענט
און פערטריקענט אזוי, דאָס קיין אנדערער שטארקער געפיהל, אָדער
א טרוים זאָגאר, וועט שוין דאָרט מעהר קיין פלאץ ניט געפינען.

דער מארקיז, וועלכער האט אין זיין לעבען פיעל מאל גע־ליעבט, האט זיך שטארק געשטעלט אנטקעגען דער דאזיגער מיי־נונג.

— איך זאג אייך, אז א מענש קאן ליעבען מיט אלע זיינע קרעפטען, מיט זיין גאנצער נשמה מעהרערע מאל. איהר ברייינגט מיר אלס ביישפיעל מענשען, וועלכע זיינען געשטארבען אויס ליעבע און ווילט דערמיט בעווייזען די אונמעגליכקייט פון א צווייטער ליידענשאפט. איך קאן אייך אבער דערויף ענטפערען, אז ווען זיי וואלטען ניט געהאט בעגאנגען די דאזיגע נארישקייט, זיך צו נעהמען דאס לעבען, וואס עס האט פון זיי אוועקגענומען די מעגליכקייט זיך ווידער צו פערליעבען, וואלטען זיי אין גיכען געהיילט געווארען. זיי וואלטען דאן געליעבט פון דאס ניי, ווידער אמאל און נאך אמאל, און אזוי ביז׳ן טויט. מיט די פערליעבטע איז פונקט אזוי ווי מיט די שיכורים. ווער עס האט איין מאל גע־טרונקען, טרינקט ווייטער, ווער עס האט איינמאל געליעבט, פער־ליעבט זיך ווייטער, דאס איז א זאך פון טעמפעראמענט.

אלס ריכטער האט מען אויסגעקליעבען דעם דאקטאר, אן אל־טען פאריזער דאקטאר, וועלכער האט אויפגעגעבען זיין פראקטיק און זיך בעזעצט אין דארף. מען האט איהם געבעטען, ער זאל אויס־שפרעכען זיין מיינונג וועגען דער דאזיגער פראגע.

אבער גראד וועגען דעם האט ער ניט געהאט קיין פעסטע, בעשטימטע אייגענע מיינונג און ער האט זיך אנגערופען:

— דער מארקיז האט זעהר ריכטיג בעמערקט: דאס איז א פראגע פון טעמפעראמענט. איך וויים אבער פון א ליידענשאפט, וואס האט אנגעהאלטען גאנצע פינף און פופציג יאהר און האט זיך גענענדיגט ערשט מיט׳ן טויט.

די מארקיזע האט גענומען פאטשען אין די הענד:

— ווי שען דאס איז! און וואס פאר א גליק, אזוי שטארק געליעבט צו ווערען! וואס פאר א גרויס גליק אבצולעבען פינף און פופציג יאהר, ארומגערינגעלט מיט אזא טרייער, מיט אזא ריה־רענדער ליעבע. ווי גליקליך דארף זיין דער מאן און ווי דארף ער־דאנקען גאט פאר אזא שטארקען, אזא שטענדיגען געפיהל.

דער דאָקטאָר האָט א שמייכעל געטהאָן :

— יא, ווירקליך, מאדאם, אין דעם האָט איהר גראָד קיין טעות ניט געהאט. די געליעבטע פערזאָן איז געווען א מאַן. איהר קענט איהם אויך, דאָס איז הערר שוקע, דער דאָרפישער אפטהעקער. און די פרוי האָט איהר אויך אַלע געקאָנט. דאָס איז געווען די אַלטע שטוהל־פלעכטערין, וועלכע פלעגט קומען איין מאָל א יאָהר אין שלאָס. אָבער איך וועל אייך די דאָזיגע געשיכטע דערצעהלען אין גאנצען.

די בעגייסטערונג פון די פרויען איז גלייך פערשוואונדען, א מין סאָרט עקעל האָט זיך אויף זייערע פּנים׳ער בעוויזען, ווי די ליעבע וואָלט געווען געשאפען נור פאר די פיינע, אריסטאָקראטי־שע לייט און וואָלט געהאט א׳ן אינטערעס נור פאר דער גוטער גע־זעלשאפט.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעהויבען :

— מיט דריי מאָנאטען צוריק האָט מען מיך גערופען צום טוי־טען־בעט פון דער דאָזיגער אַלטער פרוי. זי איז געקומען צופאָה־רען מיט א טאָג פריהער אין א וואָגען, וועלכער האָט איהר גע־דיענט אַלס הויז. דער דאָזיגער וואָגען איז געשלעפּט געווען פון איין פערד און בעגלייט פון צוויי גרויסע, שווארצע הינד, וואָס זיי־נען געווען איהרע פריינד און בעשיצער. דער פריסטער איז שוין געווען דאָרט. זי האָט אונז געבעטען, מיר זאָלען אויספיהרען איהר צוואה. און אום קלאָהר צו מאכען דעם זין פון איהר לעצטען ווי־לען, האָט זי אונז דערצעהלט די געשיכטע פון איהר גאנץ לעבען. איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געהערט עטוואָס מערקווירדיגערעס, עטוואָס מעהר ריהרענדערעס.

איהר פאָטער איז געווען א שטוהל־פלעכטער, איהר מוטער דאָסגלייכען. זי האָט קיין מאָל ניט געוואָהנט אין קיין געבויטען הויז.

אַלס קינד איז זי ארומגעלאָפען א שמוציגע, א פארלייזיגטע, אין צוריסענע טראָנטעס.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט ביים אריינגאנג פון יערען דאָרף און אויסגעשפּאנט דעם וואָגען. דער פערד האָט זיך געפּיטערט

אויף'ן גראָז, דער הונד האָט געשלאָפען, די מאָרדע אויף די לאַפּעס אָנגעשפּאַרט, און דאָס מיידעלע האָט זיך געוואַלגערט אין גראָז, ווערהענד איהר פאָטער און מוטער האָבען אונטער'ן שאָטען פון די אולמען־בוימער אויף'ן וועג אַלע אַלטע שטוהלען פון דאָרף פער־ריכט.

אין דעם ראָזיגען בעוועגליכען הויז האָט קיינער נישט גע־רעדט, סיידען מען האָט זיך מיישב געווען און בעשלאָסען, ווער עס זאָל ארומגעהן פאַר די הייזער פון'ם דאָרף און ארויסשרייען דעם בעקאַנטען געשריי : „שט־וה־לען פלע־כ־טען !" און דאַן האָט מען זיך געזעצט אַנטקעגען אָדער איינער נעבען אַנדערן און מען האָט שטום געאַרבייט. ווען דאָס קינד איז אנטלאָפען צו ווייט, אָדער האָט זיך פערשפּיעלט מיט עפּעס אַן אינגעל פון'ם דאָרף, האָט דער בייזער קול פון דעם פאָטער זי גערופען צוריק :

— דו זאָלסט מיר גלייך אהער געהן, דו נאַרישע מויד !

דאָס זיינען געווען די איינציגע צערטליכע ווערטער, וואָס זי האָט ווען־עס־איז געהערט.

ווען זי איז גרעסער געוואָרען, האָט מען זי גענומען אין די הייזער, צו העלפען שלעפּען די לעכערדיגע שטוהלען. דאַן האָט זי אָנגעהויבען צו פערפיהרען בעקאַנטשאַפטען מיט די דאָרפישע אינגלאך. אָבער די עלטערן פון איהרע נייע פריינד האָבען אויף זייערע קינדער גראָב געשריען :

„דו זאָלסט מיר גלייך אהער געהן, דו נאַרישער יונג, דו זאָלסט זיך מיר ניט אוועקשטעלען רעדען מיט אזא באָרוועסער שלעפּערקע !"

אָפט האָבען די אינגלאך געוואָרפען אין איהר שטיינער.

צייטענווייז האָט איהר איינע פון די פרויען געשענקט א פּאָאַר סו, וועלכע זי האָט זעהר פאָרזיכטיג בעהאַלטען.

איין מאָל, זי איז דאַן אַלט געווען עלף יאָהר, זיינען זיי דורכ־געפאָהרען אין דער געגענד און דאַן האָט זי הינטער'ן בית עולם בעגעגענט דעם קליינעם שוקע, וועלכער האָט ביטער געוויינט, פאַר־וואָס א חבר האָט ביי איהם אָבגענומען צוויי העללער. די טרעה־רען פון דעם אינגעל, וואָס האָט נאָך דער מיינונג פון דער אָרי־

מער, עלענדער מיידעלע, געהערט צו יענעם קלאס, וועלכער איז אימער גליקליך און צופריעדען, האט זי טיעף געריהרט. זי איז צוגעגאנגען צו איהם און, ווען זי האט זיך דערוואוסט, פארוואס ער וויינט, האט זי איהם אריינגעשטופט אין האנד אלע איהרע אב־געשפארטע געלד : זיעבען סו. ער האט זיי צוגענומען און זיך אבגעווישט די טרעהרען. דאן איז זי געווארען אזוי ווילד פאר פרייד, דאס זי האט איהם געוואגט א קוש צו טהאן. פערנומען מיט בעטראכטען די מטבעות, האט ער ניט פראטעסטירט. און ווען זי האט דערזעהן, אז מען שטויסט זי ניט אב און מען שלאגט זי ניט, האט זי איהם א קוש געטהאן נאך אמאל, ארומגענומען איהם פעסט און צוגעדריקט צו איהר הארצען. דאן איז זי אנטלאפען.

וואס איז פארגעקומען אין איהר אונגליקליכער נשמה ? האט זי זיך צוגעבונדען צו דעם דאזיגען אינגעל דערפאר, ווייל זי האט איהם אבגעגעבען איהר גאנץ פערמעגען, די פאאר בעטלערשע גראשען, אדער דערפאר, ווייל ער איז געווען דער ערשטער, וועמען זי האט צערטליך געקושט ? דער דאזיגער סוד איז פאר קינדער און פאר ערוואקסענע — איינער און דער זעלבער.

מאנאטען לאנג האט זי גע'חלום'ט פון דעם ווינקעל אויפ'ן בית עולם, וואו זי האט דעם אינגעל געטראפען. און האפענדיג איהם ווידער צו זעה'ן, האט זי בא'גנב'עט איהרע עלטערן, געכאפט א סו ביים פארריכטען די שטוהלען אדער ביים איינקויפען עסענ־ווארג.

און ווען זי איז ווידער אהערגעקומען, האט זי שוין געהאט גאנ־צע צוויי פראנק אין דער קעשענע. אבער דעם אפטייקער אינגעל האט זי נור געקאנט זעהן פון וויטען, א ריינעם, א זויבערן הינטער דעם פענסטער פון זיין פאטערס אפטהעק צווישען א רויטער פלאש און א גלעזערנער כלי מיט ספירימ.

איצט האט זי איהם געליעבט נאך מעהר, פערפיהרט, געבלענ־דעט, בעצויבערט פון דעם וואונדערליכען שימער, וועלכען דאס רויטע גלאז האט אויף איהם געווארפען, פון דעם גלאנץ, וועלכער איז געפאלען אויף איהם פון דעם בליסטשענדיגען קריסטאל.

זי האט בעהאלטען טיעף אין איהר הארצען די דאזיגע ער־

אינערונג און ווען זי האָט איהם אויף׳ן צווייטען יאָהר געטראָפען הינטער׳ן שול־הויף, שפּיעלענדיג מיט זיינע חברים אין מארבעלס, האָט זי זיך אויף איהם א וואָרף געטהאָן, אנגעכאפּט איהם פאר׳ן ארעם און גענומען קושען מיט אזא ברען, דאָס ער האָט גענומען קוויטשען פאר שרעק. אום איהם צו בערוהיגען, האָט זי איהם אָבגעגעבען איהר געלד : דריי פראנק צוואנציג סאנטים, א גאנ־צער אייגענס, וועלכען ער האָט בעטראכט מיט וויט אויפגעריי־סענע אויגען.

ער האָט גענומען דאָס געלד און זיך געלאָזט לאָסטשען ווי־פּיעל זי האָט געוואָלט.

פיער יאָהר נאָכאנאנד האָט זי איהם אָבגעגעבען אַלע איהרע אָבגעשפּאָרטע גראָשענס, וועלכע ער האָט גאנץ פאָרזיכטיג אראָב־געלאָזען אין קעשענע, ערלויבענדיג איהר דערפאר איהם צו קו־שען. אמאָל האָט זי איהם געבראכט דרייסיג סו, א׳ן אנדער מאָל דריי פראנק און איין מאָל נור צוועלף סו — זי האָט ביטער גע־וויינט פאר וועהטאָג און שאנדע, וואָס זי האָט אזוי ווייניג, אָבער דער יאָהר איז געווען זעהר א שלעכטער — און דאָס לעצטע מאָל האָט זי איהם געגעבען פינף פראנק, א גרויסע, רונדע גאָלדשטיק, וועלכע האָט ביי איהם ארויסגערופען א צופריעדענעם שמייכעל.

זי האָט געטראכט נור פון איהם און אויך ער האָט זי יעדעס מאָל ערווארטעט מיט אונגעדולד און איז איהר געלאָפען אנטקעגען אזוי שנעל, ווי ער האָט זי דערזעהן, אזוי, דאָס דער מיידעלס הארץ האָט געקלאפּט פאר פרייד.

דערנאָך איז ער פערשוואונדען. מען האָט איהם אריינגע־געבען אין א גימנאזיאום. זי האָט זיך וועגען איהם פאָרזיכטיג נאָכגעפרעגט און זיך וועגען דעם דערוואוסט. דאן האָט זי אָנ־געווענדעט די פערשיעדענסטע מיטלען, אויסגעטראכט די פערשיע־דענסטע פּלענער, ווי אזוי צו בעוועגען איהרע עלטערען, צו ענדערען זייער רייזע־מארשרוט, אום זיי צו ברענגען אין דאָרף אין יענער צייט, ווען ער איז אהין געקומען אויף קאניקולעס. און נאָך א גאנצען יאָהר איינריידען זיי, איז איהר ענדליך דאָס געלונגען. אויף אזא׳ן אופן האָט זי איהם גאנצע צוויי יאָהר ניט געזעהן, און

ער האָט זיך אזוי פערענדערט, דאָס זי האָט איהם קוים דערקאָנט. ער איז אויסגעוואקסען, האָט אויסגעזעהן העכער, שעהנער, סטאַ־טעטשנער אין זיין ראָק מיט די גאָלדענע קנעפּ. ער האָט זיך גע־מאכט, ווי ער בעמערקט זי ניט און איז שטאָלץ פערביי געגאנגען איהר.

צוויי טעג נאָכאנאנד האָט זי איבער דעם ניט אויפגעהערט צו וויינען און פון דעמאָלט אָן האָט זי איהר שמערץ קיין מאָל ניט געקענט פארגעסען.

יעדען יאָהר איז זי ווידער אהער אין דאָרף געקומען, איז פארביי איהם פארבייגעגאנגען און ניט געוואגט איהם צו בעגריסען. ער האָט אויף איהר אפילו ניט א קוק געטהאָן. זי האָט איהם משוגע געליעבט. זי האָט צו מיר געזאָגט :

— ער איז דער איינציגער מאן, וועלכען איך האָב געזעהן אויף דער גאנצער וועלט, הערר דאָקטאָר. איך האָב אפילו ניט געוואוסט, צו עס זיינען פאראן נאָך אנדערע אויך.

איהרע עלטערן זיינען געשטאָרבען. זי האָט פארטגעזעצט זייער געשעפט, אָבער אנשטאט איין הונד, האָט זי געהאלטען צוויי, צוויי גרויסע, בייזע הינד, פאר וועלכע אלע האָבען מורא געהאט.

איין טאָג, בעת זי האָט זיך צוריקגעקעהרט אין דאָרף, וואו זי האָט אויף אייביג איהר הארץ פערלאָרען, האָט זי דערזעהן א יונגע פרוי, ארויסקומענדיג פון אפּטהעק געארעמט מיט איהר געליעב־טען. דאָס איז געווען זיין פרוי. ער איז געווען פערהייראט.

אין אבענד פון יענעם טאָג האָט זי זיך אריינגעוואָרפען אין טייך אויף דעם הויפּט פּלאַץ פון דאָרף. א פערשפּעטיגטער שיכור האָט זי ארויסגעשלעפּט פון׳ם וואסער און זי געבראכט אין אפּ־טהעק אריין. דער יונגער שוקע איז ארונטערגעקומען אין שלאָף־ראָק, אום איהר צו העלפען און, ווי נישט דערקענענדיג זיי, האָט ער איהר אויסגעטהאָן, זי גוט אויסגעריבען און געזאָגט צו איהר דאן מיט א האַרטען טאָן :

— איהר זייט משוגע ! איהר דארפט ניט טהאָן אזעלכע נארישקייטען.

דאָס איז געווען גענוג זי אויסצוהיילען. ער האָט מיט איהר

גערעדט. דאָס האָט זי גליקליך געמאַכט אויף אַ לאַנגער, לאַנגער צייט.

ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָננעהמען פון איהר קיין געצאָהלט פאַר זיין מיה, הגם זי האָט ניט אַנדערש געוואָלט נור איהם צו בעצאָהלען.

און אַזוי איז אַוועק איהר לעבען. זי האָט געפלאָכטען די שטרוי און דערביי שטענדיג געטראַכט פון שוקע'ן. יעדען יאָהר האָט זי איהם געזעהן הינטער די שויבען פון זיין אַפּטהעק. זיא האָט זיך צוגעוועהנט צו קויפען ביי איהם פערשיעדענע היימישע רעצעפּטען. אויף אַזאַ אופן האָט זי איהם געזעהן גאַנץ נאָהענט, האָט מיט איהם גערעדט און איהם ווידער געלד געגעבען.

ווי איך האָב אייך אין אָנהויב פון מיין ערצעהלונג געזאָגט, איז זי ערשט היינטיגען פריהלינג געשטאָרבען. נאָכדעם ווי זי האָט מיר דערצעהלט איהר טרויעריגע געשיכטע, האָט זיך מיך געבעטען איבערצוגעבען דעם מאַן, וועמען זי האָט אַזוי גערולדיג געליעבט, אלסדינגג, וואָס זי האָט אָבגעשפּאָרט פאַר איהר גאַנץ לעבען, דען זי האָט געאַרבייט נור פאַר איהם, אליין האָט זי געליטען הונגער, ניט געגעסען און ניט געטרונקען, אבי נור צו שפּאָרען; אום זי זאָל זיין זיכער, אז ער וועט זיך כאָטש איין מאָל אָן איהר דערמאָנען, נאָכדעם ווי זי וועט שוין זיין טויט.

זי האָט מיר איבערגעגעבען צוויי טויזענד דריי הונדערט זיעבען און צוואַנציג פראַנק. איך האָב געלאָזט זיעבען און צוואַנציג פראַנק ביי'ם פּריסטער קבורה־געלד פאַר איהר און דאָס איבעריגע געלד האָב איך צוגענומען צו זיך נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעהויכט איהר לעצטען אָטהעם.

אויף'ן צווייטען טאָג בין איך אַוועק צו דער פאַמיליע שוקע. זיי האָבען נור־וואָס געענדיגט עסען זייער פריהשטיק און זיינען געזעסען איינער אַנטקעגען אַנדערן דיק, רויט, געזונד, דורכגענומען מיט דעם גערוך פון אַפּטהעק, וואַזשנע און זעלבסט־צופריעדען.

מען האָט מיך געבעטען זיצען און דערלאַנגט אַ שנאַפּס, וועלכען איך האָב אויסגעטרונקען. דאַן האָב איך זיי גענומען דער־

צעהלען די געשיכטע מיט א בעוועגטען טאָן, זייענדיג איבערצייגט, אז איך וועל זיי ריהרען ביז צו טרעהרען.

אזוי גיך ווי ער האָט בעגריפען אז די דאָזיגע שלעפערקע, די בעטלערקע, די שטוהל־פלעכטערין האָט איהם געליעבט, איז ער געוואָרען אויסער זיך, ער איז אזש אויפגעשפרונגען פאר צאָרן, אקוראט ווי זי וואָלט ביי איהם צוגענומען זיין גוטען נאָמען, זיין עהרע, די אכטונג פון אלע מענשען, וואָס איז איהם געווען טהייערער ווי דאָס לעבען.

זיין פרוי האָט זיך געפיהלט בעליידיגט און צורייצט, פונקט אזוי ווי ער, און האָט ניט אויפגעהערט צו קאָכען זיך :

— אזא אלטע שלעפערקע, אזא שלעפערקע ! אזא בעט־לערקע !...

זי האָט ניט געקענט געפינען קיין אנדער וואָרט.

ער איז אויפגעשטאנען, האָט גענומען שפרייזען מיט גרויסע טריט ארום טיש אין א קליין מיצעל, וועלכע איז איהם אראָב־געפאָהרען אויף אן אויער, און געשטאמעלט :

— וואָס זאָגט איהר דערצו, דאָקטאָר, ווי איז דאָס מעגליך ? דאָס איז דאָך א שרעקליכע זאך פאר א מאן ווי איך. וואָס זאָל מען איצט טהאָן ? ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט, ווען זי האָט נאָך געלעבט, וואָלט איך זי געלאָזט ארעסטירען און אין געפענגניס פערשפארען און איך פערזיכער איך, אז זי וואָלט שוין ביי מיר פון דאָרט ניט ארויסגעקומען.

איך בין געוואָרען שטארק צומישט פון דער דאָזיגער ערקלעה־רונג זייגער. איך האָב ניט געוואוסט ניט וואָס צו זאָגען און ניט וואָס צו טהאָן. אָבער איך האָב געמוזט אויספיהרען דער אלטער'ס בקשה און איך האָב געזאָגט :

זי האָט מיר געהייסען אייך איבערגעבען איהרע אָבגעשפּאָר־טע געלד, צוויי טויזענד דריי הונדערט פראנק. אָבער אזוי ווי איך זעה, אז דאָס וואָס איך האָב אייך מיטגעטהיילט, איז אייך עהר אונאנגענעהם, וואָלט אפשר געווען דאָס בעסטע, ווען מען זאָל דאָס דאָזיגע געלד פערטהיילען צווישען די אָרימע לייט.

מאַן און ווייב האָבען מיך אָנגעקוקט, ווי פון אַ דונער גע־טראָפען.

איך האָב ארויסגענומען פון קעשענע דער אונגליקליכער'ס שוואָר־פערהאָרעוועטע מטבעות פון אלע לענדער, פון אלערליי מינים, גאָלד און קופער אויסגעמישט אין איינעם. דאן האָב איך געפרעגט:

— אלזאַ, וואָס דענקט איהר צו טהאָן ?

פרוי שוקע האָט זיך אָנגערופען די ערשטע:

— אזוי לאַנג ווי דאָס איז געווען דער לעצטער ווילען פון יענער פרוי... דאכט זיך מיר, אז אונז וועט שווער זיין זיך דער־פון אָבצוזאָגען.

דער מאַן האָט צוגעלייגט עטוואָס פערלעגען:

— אויף יעדען פאַל האָבען מיר דערפאַר געקאָנט קויפען עפּעס פאַר אונזערע קינדער.

איך האָב געענטפערט טרוקען:

— טהוט וואָס איהר ווילט.

און ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— אזוי לאַנג ווי זי האָט אייך געהייסען עס אונז איבערצו־געבען, טאָ גיט עס אהער, מיר וועלען שוין וויסען, ווי עס צו פער־ברויכען אויף עפּעס אַ גוטער זאַך.

איך האָב אָבגעגעבען דאָס געלד, זיך געזעגענט מיט זיי און בין אוועק.

---

אויף'ן צווייטען טאָג איז שוקע געקומען צו מיר און געזאָגט מיט כעס:

— אָבער זי האָט דאָך דאָ געלאָזט איהר וואָגען אויך, יענע... יענע פרוי. וואָס וועט איהר דערמיט טהאָן, איך מיין מיט דעם וואָגען ?

— גאָרנישט, איהר קאָנט איהם אויך צונעהמען, אויב איהר ווילט.

— זעהר גוט, איך דאַרף איהם טאַקע האָבען, איך וועל דאַרפען מאַכען אַ ליעטאַנקע פאַר מיין אויבסט־גאָרטען.

ער איז אוועק. איך האָב איהם גערופען צוריק:

— זי האָט נאָך איבערגעלאָזט א'ן אלטען פערד און איהרע צוויי הינט. ווילט איהר זיי אויך האָבען ?

ער איז געבליעבען שטעהן ערשטוינט, האָט געטראכט א ווײלע, און דערנאָך געענטפערט :

— אך, ניין, וואָס קאָן איך דערמיט טהאָן ? טהוט איהר מיט זיי וואָס איהר ווילט.

ער האָט זיך צולאכט. דערנאָך האָט ער מיר דערלאנגט די האנד, וועלכע איך האָב א דריק געטהאָן. וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן ? וואָהנענדיג אויף איין פלאץ, טאָר זיך דער דאָקטאָר מיט'ן אפטהעקער ניט קריעגען.

די הינט האָב איך געלאָזט ביי זיך און דער פריסטער, וועל־כער בעזיצט א גרויסען הויף, האָט צוגענומען דעם פערד. דער וואָ־גען דיענט שוקע'ן אלס א מין ליעטאנקע און פאר דאָס געלד האָט ער געקויפט פינף אייזענבאהן אקציעס.

דאָס איז די איינציגע טיעפע ליעבע, וואָס איך האָב אין מיין לעבען געטראָפען.

דער דאָקטאָר איז אנשווייגען געוואָרען.

דאן האָט די מארקיזע א זיפץ געטהאָן און מיט אויגען פול מיט טרעהרען האָט זי ארויסגערעדט :

— יא, נור פרויען קאָנען אמת ליעבען !



# דאָס שייטעל האַלץ

דער סאלאן איז געווען קליין, אין גאַנצען בעשלאָ־
גען מיט דונקעלע טאפעטען און דורכגענומען
מיט געשמאַקע ריחות פון פארפיום. אין דעם
ברייטען קאמין האָט דאָס פייער געפלאַקערט
און דער איינציגער לאָמפּ, אונטער אַ שירם
פון אלט־פרענקישע שפּיצען, האָט געוואָרפען
זיין מילדע ליכט אויף די צוויי מענשען, וואָס האָבען זיך אונטער־
האַלטען.

זי, די בעל הבית׳טע פון׳ם הויז, איז געווען איינע פון יענע
רייצענדע וויים־האָאריגע אַלטינקע, אָהן איין קנייטש אויף׳ן פּנים,
מיט אַ הויט, גלאַט און דין, ווי פיינע פּאַפּיר. זי האָט אין גאַנ־
צען געשמעקט פון די פערשיעדענע פּארפיומען, מיט וועלכע זי
האָט זיך אזוי לאַנג געוואַשען. האָט מען איהר האַנד געקושט,
האָט זיך אויסגעוויזען, ווי מען וואָלט אַ קעסטעלע שמעקענדיגע
פלאָרענטינער איריז־פּודרע געעפענט.

ער איז געווען אַן אַלטער פריינד, וואָס איז פערבליבען אַן
אַלטער בחור, אַ פריינד, וואָס האָט זי בעזוכט יעדע וואָך, אַ גוטער
בעגלייטער אויף דער לעבענס־רייזע, און ניט מעהר.

זיי זיינען אַנשווינען געוואָרען. ביידע האָבען געקוקט אויף
דאָס פייער, אין געדאַנקען פערלאָרען, אין יענעם פריינדשאַפט־
ליכען שווייגען פון מענשען, וואָס האָבען ניט נויטיג נאָכאַנאַנד
צו ריידען, אום צו פיהלען זיך אַנגענעהם איינער נעבען אַנדערן.

פּלוצים האָט אַ גרויסע ברענענדיגע שייטעל האָלץ, ווי אַ
שטאַם מיט פלאַקערענדיגע וואָרצלען, זיך אַרויסגעקייקעלט פון
דעם קאמין, האָט זיך אַרויסגעקייקעלט, אַריבערגעשפּרונגען דעם

קאַמין־שטאַכעט און האָט זיך אָוועקגעקייקעלט איבער׳ן טעפּיך, וואַרפענדיג אַרום זיך פונקען.

די אַלטינקע האָט מיט אַ שטילען געשריי זיך אַ כאַפּ געטהאָן פון דעם פּאָטעל, אַזוי ווי זי וואָלט ברעה געהאַט צו אַנטלויפען; נור ער האָט מיט אַ פוס־שטויס צוריק געשליידערט דאָס ברענענדיגע שייטעל האָלץ אין קאַמין אַריין און אויסגעטראָטען מיט די פּאָדעשוועס די צוואָוואָרפענע פונקען.

ווען אַלסדינג איז ווידער פעררּיכט געווען, האָט זיך דאָך אין דעם סאַלאָן אָפּגעשטעלט אַ שטאַרקער גערוך פון שמאַליעניש.

דער הערר האָט זיך ווידער אָוועקגעזעצט געגען זיין פריינדין און, אָנווייזענדיג אויף דאָס שייטעל האָלץ אין דעם קאַמין, האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכעל:

— אָט ווער עס איז שולדיג, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געהייראַטעט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט מיט יענעם נייגעריגען פרויען־אויג, וואָס וויל וויסען אַלסדינג, מיט יענעם אויג פון אַן עלטערער פרוי, וואָס פערבאָרגט אין זיך אַן אויסגערעכענטע, איבערלייגטע נייגעריגקייט און זי האָט געפרעגט:

— וואָס הייסט?

— אַך, דאָס איז אַ גאַנצע געשיכטע, אַ גאַנץ טרויעריגע און העסליכע געשיכטע! — האָט ער געענטפערט.

מיינע אַמאָליגע חברים האָבען זיך ניט איינמאָל געוואונדערט איבער די פּלוצומדיגע קאַלטקייט צווישען זשוליען, איינעם פון מיינע בעסטע פריינד, און מיר. זיי האָבען ניט געקענט פערשטעהן, ווי אַזוי האָט געקאָנט געמאָלט זיין, דאָס אַזויגע אינטימע פריינד, ווי מיר זיינען געווען, זאָלען מיט אַמאָל ווערען פרעמד איינער צום אַנדערען. איך וועל אייך ערקלערען ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט.

פריהער האָבען מיר ביידע, איך און ער, געוואָהנט צוזאַמען. קיינמאָל האָבען מיר זיך ניט צושיידט, און אונזער פריינדשאַפט איז אַזוי פעסט געווען, דאָס קיינער און גאָר נישט האָט, דאַכט זיך, זי ניט געקענט ברעכען.

איינמאָל אַ ביינאַכט, קומענדיג אהיים האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער געהט הייראַטהען.

דאָס האָט אויף מיר אַזאַ איינדרוק געמאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט מיך בע'גנב'עט אָדער פערראַטהען. ווען אַ פריינד האָט חתונה געהאַט, איז נאָך דער פריינדשאַפט. די אייפערזיכטיגע ליעבע פון אַ פרוי, אין וועלכער עס זיינען שטענדיג פערבאָרגען מיס־טרויען, אונרוהע און זינליכקייט, קען ניט פערטראָגען די קרעפ־טיגע, פרייע צונויגונג צווישען צוויי מענער, קען ניט פערטראָ־גען די דאָזיגע גייסטיגע ליעבע.

ווייסט איהר, מאַדאַם: ווי שטאַרק די ליעבע זאָל ניט זיין צווישען מאַן און פרוי, מיט זייער גייסט און זעעל וועלען זיי דאָך תמיד פערבלייבען פרעמד איינער דעם אַנדערן. זיי וועלען פער־בלייבען פיינד. זיי געהערען צו בעזונדערע ראַסען; צווישען זיי וועלען שטענדיג זיין זיעגער און בעזיעגטע, הערען און שקלאַ־פען. דאָ בעזיעגט ער, דאָ בעזיעגט זי, אָבער גלייך זיינען זיי קיינ־מאָל ניט. זיי דריקען זיך די הענד, וואָס ציטערען פאַר ליעבעס־פייער, אָבער קיינמאָל ניט מיט אַ פעסטען שטאַרקען, עהרליכען האַנד־דרוק, מיט יענעם האַנד־דרוק, וואָס מען גיט אַ פריינד, בעת דאָס האַרץ עפענט זיך אין אַ מאָמענט פון אויפריכטיגער, קרעפ־טיגער, הערצליכער צונויגונג. אַ פערשטענדיגער מענש, אַנשטאַט צו הייראַטהען און ברענגען קינדער אויף דער וועלט אַלס טרייסט פאַר די עלטערע יאָהרען, — קינדער וואָס וועלען איהם סוף כל סוף דאָך פערלאָזען, — זאָל ער זיך בעסער אויפזוכען אַ גוטען, טרייען פריינד אום אויסצולעבען מיט איהם זיינע יאָהרען אין יענער געמיינזאַמקייט פון גייסטיגע אינטערעסען, וועלכע איז נור מעגליך צווישען מאַן און מאַן.

קורץ, מיין פריינד זשוליען האָט געהייראַטעט. זיין פרוי איז געוועזען שען, רייצענד, אַ רונד, קליין ווייבעלע מיט בלאָנדע לאָקען, און האָט איהם, דאַכט זיך, פערגעטערט.

צוערשט בין איך געגאַנגען צו זיי זעלטען. איך האָב זייער האָניג־מאָנאַט ניט געוואָלט שטערען און געפיהלט זיך אַן איב־ריגער צווישען זיי. אָבער זיי האָבען מיך אַלץ גערופען צו זיך,

נאָכאנאַנד מיך געשלעפּט צו זיך. זיי האָבען מיך, קאַנטיג, ליעב געהאַט.

ביסלעכווייז האָב איך זיך געלאָזט פערשלעפּען אין דעם זיסען רייץ פון זייער געמיינזאַמען לעבען אריין און אָפט האָב איך ביי זיי געגעסען. און ביינאַכט, ווען איך בין אהיים געקומען, האָב איך איצט אָפט געטרוימט, צו טהאָן, ווי זשוליען: הייראַטהען. דען מיין וואָהנונג האָט איצט אויסגעזעהן איינזאַם, טרויעריג און וויסט.

זיי האָבען, דאַכט זיך, פערגנעטערט איינער דעם אַנדערן און איינער אָהן דעם צווייטען האָט, דאַכט זיך, לעבען ניט געקענט.

איינמאָל אַ ביינאַכט בעקום איך פון זשוליען אַן איינלאַדונג צו סאַפּער. איך קום צוגעהן, זאָגט ער מיר:

— מיין ליעבער, באַלד נאָך סאַפּער מוז איך אוועקגעהן וועגען אַ נויטיגען געשעפט. פריהער פון עלף וועל איך ניט קענען זיין, אָבער עלף בין איך זיכער צוריק. איך וויל, דו זאָלסט דאָ פערברענגען מיט בערטהאַ'ן.

ווען איך בין געקומען, האָט די יונגע פרוי אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

— דאָס איז געווען מיין פּלאַן צו שיקען נאָך אייך.

איך האָב איהר די האַנד געדריקט:

— איהר זייט זעהר פריינדליך.

איך האָב דערפיהלט אַ לאַנגען, הייסען דרוק פון איהרע פינגער, אָבער בשעת מעשה איז עס מיר גאָר ניט אויפפאַלענד געוואָרען.

מיר האָבען זיך געזעצט צום טיש און פונקט אום אכט האָט זשוליען אונז פערלאָזען.

גלייך ווי ער איז אַרויס, האָבען מיר, איך און זיין פרוי, זיך גענומען פיהלען עפּעס אין אַ מין מאָדנער פערלעגענהייט. ביז היינט זיינען מיר נאָך קיינמאָל ניט געוועזן אליין און, טראָץ דער פריינדשאַפט, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט צווישען אונז מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר און מעהר, איז דאָס בלייבען איצט אליין פאַר אונז געווען מאָדנע ניי, אונגעוועהנליך ניי. מיר האָבען זיך דער־

פיהלט אין עפּעס א גאַנץ נייער לאַגע. איך האָב אָנגעהויבען צוריידען וועגען אַלגעמיינע זאַכען, ווי מען טהוט עס געוועהנ־ליך, בעת מען פיהלט זיך אין אַזאַ לאַגע. זי האָט ניט געענט־פערט, איז געזעסען געגען מיר אויף דער אַנדער זייט פון דעם קאַמין מיט אַן אַרונטערגעלאָזטען קאָפּ און צוטראַגענע אויגען, אויסגעשטרעקט איין פוס געגען פייער, אַזוי ווי זי וואָלט דעם קאָפּ געבראָכען איבער עפּעס א שווערע פראַגע. ווען די באַנאַלע טהע־מאַס האָבען זיך אויסגעלאָזט, בין איך אַנשווייגען געוואָרען. מאָד־נע, ווי שווער עס איז אַמאָל צו געפינען וועגען וואָס צו ריידען. און דערנאָך האָב איך דערפיהלט אין דער לופט עפּעס נייעס, עפּעס, וואָס לאָזט זיך ניט אויסדריקען אין ווערטער, א געהיימ־ניספולען הויך, וואָס וואָרענט אונז וועגען געדאַנקען און געפיה־לען, גוטע אָדער בייזע, וועלכע א צווייטער מענש פערבאָרגט ביי זיך אין'ם האַרצען צו אייך...

דאָס דאָזיגע פיינליכע שווייגען האָט געדויערט א היבשע ווײלע. דאַן האָט בערטהא זיך אָנגערופען צו מיר:

— ליעבער פריינד, וואַרפט צו נאָך האָלץ אין קאַמין. איהר זעהט, דאָס פייער געהט באַלד אויס...

איך האָב געעפענט דעם קאַסטען, וואו דאָס האָלץ איז גע־לעגען, וועלכער איז געשטאַנען פּונקט אַזוי ווי אייערער אָט דאָ, אַרויסגענומען דאָס גרעסטע שייטעל האָלץ און עס אויפגעשטעלט ווי א טהורם אויף די אַנדערע שייטלעך, וואָס זיינען שוין דריי־פיערטעל געוועזן אויסגעברענט.

און מיר האָבען ווידער געשוויגען.

אין עטליכע מינוטען אַרום האָט דאָס שייטעל זיך צופלאַ־קערט אַזוי, דאָס די היץ האָט אונז אין פּנים א זעץ געטהאָן. די יונגע פרוי האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי מאָדנע און אַרויסגערעדט:

— דאָ איז צו־הייס; לאָמיר זיך זעצען אויף דער זאָפע.

מיר האָבען זיך געזעצט אויף דער זאָפע.

פּלוצים האָט זי מיך געפרעגט, קוקענדיג מיר גלייך אין די אויגען אריין:

— וואָס וואָלט איהר געטהאָן, ווען אַ פרוי זאָל אייך זאָגען, אַז זי ליעבט אייך?

איך בין אביסעלע צומישט געוואָרען און האָב געענטפערט:

— איך פערזיכער אייך, אַז איך האָב וועגען דעם נאָך ניט געטראַכט, און ווידער: עס ווענדעט זיך, וואָס פאַר אַ פרוי.

זי האָט זיך צולאַכט מיט אַ טרוקענעם, נערוועזען, פאַלשען געלעכטער, וועלכער, דאַכט זיך, האָט געקאָנט גלעזער צושפּאַלטען און צוברעכען, און זי האָט צוגעלייגט:

— די מענער זיינען קיינמאָל ניט דרייסט און ניט פערשטענדיג...

זי איז אַנשוויגען געוואָרען און דערנאָך ווידער אָנגעהויבען:

— זייט איהר אמאָל געווען פערליעבט, הערר פויל?

איך האָב זיך פאַר איהר מודה געווען, אַז איך בין אמאָל יאַ געווען פערליעבט.

—דערצעהלט, ווי דאָס איז געווען — האָט זי געבעטען.

איך האָב איהר דערצעהלט עפּעס אַ געשיכטע. זי האָט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ און אָפּט מיך אונטערבראָכען מיט בעמער־קונגען, וואָס זיינען געווען ניט גאָר שמייכעלהאפט פאַר מיר, פּלוצים האָט זי אויסגעשריען מיט היץ:

— ניין, איהר פערשטעהט גאָר נישט פון ליעבע, אָבער טאַקי גאָר נישט! די אמת׳ע, די ריכטיגע ליעבע, מוז איבערקעהרען די נשמה, מוז אויפטרייסלען די נערוועז, מוז משוגע מאַכען... זי מוז — ווי זאָל איך עס אויסדריקען? — זי מוז אַלסדינג ברע־כען: די הייליגע שבועה, געזעץ, פריינדשאַפט, אַלסדינג, אַלס־דינג. אַ רוהיגע ליעבע, אַ געזעצליכע, אָהן יעדער געפאַהר, — קאָן מען דען דאָס אָנרופען ליעבע?

איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערען און ביי זיך האָב איך געטראַכט, מעשה פילאָזאָף:

— אָה, פרוי, איך דערקאָן דיך!

בשעת זי האָט עס גערעדט, האָט זי אויף זיך בלומרשט ארויפ־געצויגען אַ גלייכגילטיגע מינע און, אָנלעהענדיג זיך אָן דעם קישען, האָט זי זיך אָוועקגעלייגט, אויסגעצויגען זיך און איהר קעפּעלע

אָן מיין שולטער אָנגעשפּאַרט. איהר קלייד האָט זיך אַביסעלע פערקאַשערט און געלאָזט אַרויסזעהן אַ רויטע זיידענע זאָק, אויף וועלכער דאָס פייער פון דעם קאַמין האָט אָפּגעשטראַהלט.

אין אַ מינוט אַרום האָט זי געזאָגט:

—איך שרעק אייך, האַ?...

איך האָב פּראָטעסטירט. זי האָט זיך אין גאַנצען צוגעדריקט צו מיין ברוסט און, ניט קוקענדיג אויף מיר, האָט זי אַרויסגע־רעדט:

— ווען איך וואָלט זיך פאַר אייך ערקלערט אין ליעבע, וואָס וואָלט איהר געטהאָן?

איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט איהר צו ענטפערען, ווי זי האָט פערוואָרפען איהרע אָרעמס אַרום מיין נאַקען, אַ ציה גע־טהאָן מיין קאָפּ צו זיך און איהרע ליפּען האָבען זיך איינגעגעסען אין מיינע.

אַך, מיין טהייערע, גלויבט מיר, אַז אין יענער מינוט איז מיר גאָר ניט געווען פרעהליך. וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן? ווי אַזוי האָב איך געזאָלט האַנדלען? בעטריגען זשוליען׳ען? ווערען דער ליעבהאָבער פון דער דאָזיגער קליינציקער, פערדאָר־בענער און כיטרער ווייבעלע, וועלכע איז געווען פול תאוה און וועמען איהר מאַן איז ניט גענוג געווען? נאָכאַנאַנד בעטריגען, פערראַטהען, שפּיעלען דעם פערליעבטען? צוליעב וואָס? צוליעב דעם רייץ פון דער פערבאָטענער פרוכט? און צוליעב דעם זיך שטעלען אין געפאַהר און שענדען אַ לאַנג יאָהריגע פריינדשאַפט?

ניין, דאָס וועל איך ניט טהאָן! דאָס פּאַסט ניט פאַר מיר! אָבער וואָס טהוט מען? שפּיעלען דעם יוסף׳ן? אַנטלויפען, ווי ער איז אַנטלאָפען פון פּוטיפרת׳ן? אַ נאַרישע און דערצו זעהר אַ שווערע ראָלע. ווייל די דאָזיגע פרוי, וועלכע האָט געברענט מיט חוצפה און געצאַפּעלט זיך פאַר פייערדיגע פערלאַנגען, האָט געקאָנט היגרייסען. אַה, זאָל יענער אויף מיר דעם ערשטען שטיין וואַרפען, ווער עס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די פייערדיגע לאַסקעס פון אַ פרויענצימער, ווען זי האָט איהם זיי אָנגעבאָטען...

קורץ, נאָך איין מינוט... איהר פערשטעהט... נאָך איין מי־

גוט, וואָלט איך... דאָס הייסט וואָלט זי... פּאַרדאָן, איך מיין, וואָלט ער...

דאָ האָט זיך דערהערט אַ מורא׳דיגער ליאַרם, און מיר זיינען אויפגעשפּרונגען אין טויט־שרעק.

דאָס שייטעל־האָלץ, גנעדיגע פרוי, יאָ דאָס שייטעל־האָלץ, איז אַרויסגעשפּרונגען פון׳ם קאַמין, האָט אומגעוואָרפען דעם קוילען־שופעל און דעם קאַמין־שטאַכעט, אַוועקגעקייקעלט זיך אַי־בער׳ן טעפּיך, איהם אָנגעצונדען און איז געבליבען ליגען אונטער אַ פאָטעל, וועלכער וואָלט זיך זיכער אָנגעצונדען.

איך האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן, ווי אַ פערריקטער, און ביז וואַנען איך האָב דאָס שייטעל־האָלץ צוריק אריינגעוואָרפען אין קאַמין, האָט זיך די טיר געעפענט! זשוליען איז אריינגעקומען מיט אַ שטראַהלענדיגען פּנים און געזאָגט:

— איך בין פריי. די געשיכטע האָט זיך געענדיגט מיט צוויי שעה פריהער, ווי איך האָב גערעכענט!

יאָ, ליעבע פריינדין, ווען ניט דאָס דאָזיגע שייטעל־האָלץ וואָלט איך געפּאַקט געוואָרען ביים פערברעכען. איהר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלען, וואָס דאַן וואָלט געוועזן!

איך האָב זיך דערנאָך געהיט נישט אריינצופאַלען ווידער אין אַזאַ לאַגע. שפּעטער האָב איך אָנגעהויבען צו בעמערקען, אַז זשוליען איז צו מיר קעלטער. הפנים, זיין פרוי האָט אונטערגע־גראָבען אונזער פריינדשאַפט. ביסלעכווייז האָבען מיר זיך דער־ווייטערט איינער פון דעם אַנדערן, ביז מיר האָבען זיך אין גאַנ־צען אויפגעהערט צו זעהן.

איך האָב קיינמאָל ניט געהייראַטעט. איצט וועט איהר זיך ניט וואונדערען, וואָרום!

# פיעררא

מאדאם לעפעוור, א דאָרפס־פרוי, אן אלמנה, איז גע־
ווען איינע פון יענע האלב פריצה'טעס און האלב
פויערטעס, וועלכע טראָגען שטענגעס און היט מיט
פעדערען, ריידען מעשה וואזשנע דאמע, האלטען
זיך אין געזעלשאפט מיט ווירדע און פערבאָרגען
אונטער זייערע לעכערליכע מאניערען א גראָבע
נשמה, ווי אונטער די ווייסע זיידענע האנדשוה — זייערע גראָבע,
רויטע הענד.

זי האָט געהאט א דיענסט, א פשוטע, עהרליכע דאָרפס־מייד־
רעל מיט'ן נאָמען ראָזא.

ביידע פרויען האָבען געוואָהנט אין א קליין שטיבעל מיט
גרינע לאָדענס פאזע וועג אין נאָרמאנדיען אין'ם סאמען צענטר
פון דער געגענד קאָ.

אנטקעגען הויז האָבען זיי געהאט א קליין גערטעל, וואו זיי
האָבען פערזייהט גרינצייג.

איינמאָל ביינאכט האָט מען ביי זיי גע'גנב'עט א דוצענד
ציבעלעס.

ווי נור ראָזא האָט בעמערקט די גנבה, אזוי גלייך איז זי
אוועק און געמעלדעט וועגען דעם איהר בעל הבית'טע, וועלכע איז
גראד רעמאָלט געווען אין גאָרטען ארוים אין איין וואָלענעם אונ־
טערקליידעל. הימעל עפען זיך! מאדאם לעפעוור האָט מען בע־
גנב'עט! דאָן, הייסט עס, אז אין דער געגענד האָבען זיך גנבים
איינגעגנאַדיעט און זיי קאָנען נאָך קומען א צווייטען מאָל אויף!

די צושראָקענע פרויען האָבען גענומען זוכען שפורען פון פיס
אויף דר'ערד, גערעדט אָהן א מאָס און געבויט סברות.

— זעהט איהר ווי זיי האָבען זיך אריינגעגנב'עט ? זיי זיי־נען אריבערגעקראָכען דעם פּארקאַן און פון דאָרט אויף די בעטען.

די פרויען האָבען מורא געהאט פאר ווייטערע גנב:ת. ווי אזוי וועלען זיי איצט קאָנען רוהיג שלאָפען !

דער קלאנג וועגען דער גנבה האָט זיך צוטראָגען. שכנים זיינען געקומען, האָבען זייערע מיינונגען ארויסגעזאָגט און די פרויען האָבען זיך פאר יעדען פון זיי זייער הארץ אויסגערעדט.

און איין שכן האָט זיי געגעבען אַ'ן עצה : — איהר מוזט זיך פערשאפען אַ הונד.

ער איז גערעכט. זיי מוזען האָבען אַ הונד, וואָס זאָל זיי היי־טען. אוודאי קיין גרויסען הונד, וואָס זאָל זיי בדלות שטעלען מיט זיין פרעסען, ווילען זיי ניט ! אַ קליין הינטעל, וואָס זאָל נור האווקען, וועט אויך זיין גוט !

ווען אַלע שכנים זיינען זיך צוגאנגען, האָט מאדאם לעפעוור לאנג ארומגעטראַכט די פראגע וועגען הונד. דער עיקר האָט זי מורא געהאט, טאָמער וועט דער הונד צופיעל פרעסען.

ראָזא, וועלכע האָט ליעב געהאט חיות, האָט זי איינגערעדט און צום סוף האָט זי ביי איהר געפועלט, צו קריגען אַ הינטעל, אַ גאנץ קליין הינטעל.

זיי האָבען גענומען זוכען. אָבער עס האָבען זיך אַלץ געמאכט גרויסע הינט, פרעסערס, וועלכע האָבען אויף זיי אַ פחד אָנגעוואָר־פען. ביים קרעמער פון ראלעוויל איז געווען אַ קליין הינטעל, האָט ער פיר איהם פערלאנגט צוויי פראנק — אזוי פיעל — האָט ער געזאָגט — האָט איהם אָפּגעקאָסט עס אויפצוהאָדעווען. מאדאם לעפעוור האָט ערקלערט, אַז זי איז צופריעדען עסען צו געבען דעם הינטעל, אָבער נאָך געלד צאָהלען פיר דעם — ניין, דאָס ניט !

איינמאָל האָט דער בעקער, וועלכער האָט געוואוסט, אַז מאַ־דאם לעפעוור זוכט אַ הינטעל, געבראַכט צופיהרען אויף זיין וואָ־גען עפּעס אַ מין מאָדנע געלע בעשעפעניש, אַ הינטעל כמעט אָהן לאפּקעס, מיט אַ קערפּער פון אַ קראָקאָדיל, מיט אַ קאָפּ פון אַ פוקס און מיט אַן אונטערגעבויגטען וויידעל, וואָס איז לענגער געווען ווי דער גאנצער קערפּער. דעם בעקערס אַ קונד האָט גע־

וואָלט פון איהם פטור ווערען. מאדאם לעפעוור האָט זיך אָנגע־
כאַפּט פיר דאָס דאָזיגע העסליכע בעשעפעניש, וואָס זי האָט גע־
קראָגען אומזיסט. ראָזא האָט עס צוגעדריקט צו איהר הארצען
און געפרעגט, ווי מען רופט עס. דער בעקער האָט געענטפערט :
— פיעררא !

דעם הינטעל האָט מען אריינגעלייגט אין אן אַלטער זייפ־
קאסטען און מען האָט איהם צוערשט געגעבען וואסער צו טרינקען.
ער האָט אויסגעטרונקען. דערנאָך האָט מען איהם געגעבען א
שטיקעל ברויט. ער האָט אויפגעגעסען. פרוי לעפעוור האָט זיך
דערשראָקען. באַלד אָבער האָט זי זיך געטרייסט מיט'ן געדאנק :
ווען ער וועט זיך צוגעוועהנען צום הויז, וועט מען איהם דאן קאָ־
נען ארויסלאָזען אויף דרויסען און, ארומלויפענדיג אין דער גע־
געגד, וועט ער זיך אַליין אויפזוכען וואָס צום פרעסען.

און מען האָט איהם טאַקי ארויסגעלאָזט, און ער איז ארומ־
געלאָפען אויך. דאָך איז ער שטענדיג געווען הונגעריג. איברי־
גענס האָט ער געבולען נור, ווען ער האָט פרעסען געוואָלט. דאן
האָט ער געבולען אזוי בייז.

יעדער איינער האָט רוהיג געקאָנט קומען אין גאָרטען, פיעררא
האָט זיך צו יעדען געלאַסצעט און קיינמאָל ניט געבולען.

מאדאם לעפעוור האָט זיך אָבער שוין צוגעוועהנט צו איהם
און האָט איהם זאָגאר ליעב געקראָגען. פון צייט צו צייט האָט זי
איהם מיט די אייגענע הענד א פּאָאַר שטיקלאָך ברויט געגעבען,
וועלכע זי האָט אין דעם סאָוס פון איהר עסען געטונקט.

אָבער קיינמאָל איז איהר ניט איינגעפאלען, אז זי וועט דאר־
פען צאָהלען פיר איהם הונד־שטייער. און ווען מען האָט פער־
לאנגט פון איהר אכט פראנק — בערעכענט נור, גאנצע אכט פראנק!
— פיר דעם דאָזיגען הינטעל, וואָס בילט אפילו ניט, האָט זי
שיער ניט גע'חלש'ט פאר שרעק.

זי האָט גלייך בעשלאָסען, פטור צו ווערען פון פיעררא'ן.
אָבער קיינער אין יענער געגענד האָט איהם ניט געוואָלט געהמען
ביי איהר, קיינער האָט איהם ניט געוואָלט אָנקוקען. דאן האָט
זי בעשלאָסען, צו געבען איהם מערגעל פרעסען.

מערגעל פּרעסען האָט געהייסען: איהם אין מערגעל־גרוב אריינוואַרפען, אום פון איהם פּטור צו ווערען.

אין מיטען אויף אַ ברייטען סקווער שטעהט אַ מין בודקע, אָדער ריכטיגער, אַ ניעדריגער שטרויענער דאַך פון אַ בודקע נאָהענט צו דר׳ערד. דאָס איז דער אריינגאַנג אין די מערגעל־גרוב. אַ גרויסען, גלייכען ברונים צוואַנציג מעטר טיעף אונטער דר׳ערד מיט אַ גאַנצער רייהע אונטעראירדישע לאַנגע אריינגאַנגען שטעלט פאָר די דאָזיגע מערגעל־גרוב.

אין דער דאָזיגער גרוב לאָזט מען זיך איין מאָל אין יאָהר אַרונטער, בעת מען בעמיסטיגט די פעלדער מיט מערגעל. די איבריגע צייט איז זי אַ בית עולם פיר הינט, וואָס זיינען צום טויט פעראורטהיילט. אָפט, בעת מען געהט פערביי אָט די דאָזיגע גרוב, קאָן מען הערען אַ מורא׳דיגען וואויען, לאַנגע קרעכצען, אַ צורייצטען אָדער אַ פערצווייפעלטען בילען, וואָס טראָגט זיך פון אונטער דר׳ערד אַרויף.

די יאַגד־הינט און די שעפער־הינט לויפען מיט שרעק פון דער דאָזיגער גרוב, וועלכע איז אָנגעפילט מיט מורא׳דיגע יאָמע־רען פון הינט. עס טראָגט זיך פון איהר אַ שרעקליכער גערוך פון צופוילטען פלייש.

מורא׳דיגע דראַמעס שפּיעלען זיך דאָרט אָפּ אין דער דונקעל־הייט אונטער דר׳ערד.

ווערענד איין הונד געהט דאָרט אויס אין אַ משך פון צעהן אָדער צוועלף טעג, אויפהאַלטענדיג זיין לעבען מיט די שרעקליכע רעסטען פון די פריהערדיגע הינט, וואַרפט מען אהין אַרונטער אַ צווייטען הונד, אַ גרעסערען און אַ שטאַרקערען. ביידע בלייבען דאָרט הונגעריגע, מיט ברענענדיגע אויגען. זיי קוקען איינער אויף׳ן אַנדערן, האָבען מורא, קווענקלען זיך. אָבער דער הונגער לאָזט זיי ניט רוהען: זיי וואַרפען זיך איינער אויף׳ן אַנדערן, קעמפּפען לאַנג, ווילד, און דער שטאַרקערער פרעסט אויף דעם שוואַכערען, פרעסט איהם אויף אַ לעבעדיגען.

ווען מען האָט בעשלאָסען, אַז פיערראַ׳ן זאָל מען אויך אהין אַוועקשיקען, האָבען זיי גענומען זוכען איינעם, ווער עס זאָל אויס־

פיהרען דעם ראַזיגען פּלאַן. א שטיין־האקער, וואָס האָט געאַר־בייט אויפ׳ן שאָסעע, האָט פערלאַנגט צעהן סו. פערלאַנגען צעהן סו פיר אזא קליינינקייט האָט מאדאם לעפעוור געהאַלטען פשוט פיר א חוצפּה. דער איינגעל פון א שכן האָט פערלאַנגט פינף סו, אבער דאָס איז אויך געווען צופיעל. און ווען ראָזא האָט פאַר־געשלאָגען, אז זיי זאָלען אליין איהם אהין אַפּטראָגען, איז מאדאם לעפעוור נישט געווען געגען דעם און ביי זיי איז געבליבען, אז טאַקי באלד ווי די נאַכט וועט צופאַלען זאָלען זיי דאָס טהאָן.

פאַרנאַכט האָט דער הונט געקראָגען דעם בעסטען מאָהלצייט אין זיין לעבען — סופּ מיט א לעק פוטער דארין. ער האָט עס אויפגעגעסען ביז דעם לעצטען טראָפּען. און דערנאָך, ווען ער האָט צופריעדען מיט׳ן ווײדעל געדרעהט, האָט איהם ראָזא גענו־מען אין איהר שירץ.

מיט איילענדיגע טריט, ווי א פּאָאַר פערברעכער, זיינען זיי געלאָפען איבער דער גאָס. באלד זיינען זיי געווען נעבען דער מערגעל־גרוב און זיינען שטעהן געבליבען. מאדאם לעפעוור האָט זיך צוגעבויגט צו דער גרוב, כדי צו הערען, אויב א הונט וואויעט דאָרט נים. ניין. קיינער איז דאָרט נישט געווען. פיעררא וועט דאָרט, הייסט עס, זיין אליין. דאָ האָט איהם ראָזא א קוש גע־טהאָן, זיך צו־וויינט, ארונטערגעוואָרפען איהם אין די טיעפע פינסטערע לאָך אוןביידע, אי זי, אי מאדאם לעפעוור, האָבען זיך איינגעבויגט און אויפגערעגט זיך צוגעהערט.

צוערשט האָבען זיי געהערט א דומפּפען געררויש, דערנאָך א שאַרפען מורא׳דיגען וואויען פון א פערוואונדעטער חיה, דערנאָך א שרעקליכען סקאַוואוטשען, און גלייך א פערצווייפעלטען האווקען פון זייער הינטעל, וואָס האָט זיך דאָרט ווילד ארומגעדרעהט, דעם קאָפּ ארויף פערריסען.

איצט האָט ער געבולען. אָה, איצט האָט ער שוין געקענט בילען!

דאָ האָט חרטה אין זייער הארצען ערוואַכט און שרעק. און זיי זיינען אנטלאָפען פון דאָרט.

ביינאַכט האָבען זיי מורא׳דיגע חלומות געזעהן. מאדאם

לעפעוור'ן האָט זיך גע'חלום'ט, אז ביים עסען, בעת זי האָט ארונ־טערגענומען דעם דעקעל פון דער שיסעל סופּ, איז פון דאָרט ארויס־געשפּרונגען פיעררא און איהר א ביס געטהאָן אין די נאָז. אז זי האָט זיך אויפגעכאפּט, האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אז זי הערט א בילען. זי האָט זיך איינגערעדט — גיין, דאָס האָט זיך איהר אויס־געגעבען.

זי איז ווידער איינגעשלאָפען און עס האָט זיך איהר ווידער גע'חלום'ט, אז זי איז געגאנגען אויף דער גאַס און האָט פּלוצים דערזעהן א גרויסען קאָרב אליין שטעהן און זי האָט זיך פאר דעם קאָרב דערשראָקען.

צום סוף אָבער האָט זי פאָרט געוואָלט זעהן, וואָס איז דאָרט אין דעם דאָזיגען קאָרב געוועזען, האָט זי איהם געעפענט און פיעררא איז דאָרט געזעסען, האָט א כאפּ געטהאָן איהר האנד און זי בשום אופן ניט אָפּגעלאָזט.

זי האָט געמאכט א גוואלד, א ריס געטהאָן איהר אָרם און פיעררא איז אלץ געבליבען הענגען, מיט די צייהן איינגעגעסען זיך אין איהר האנד.

גלייך ווי עס איז טאָג געוואָרען, איז זי אויפגעשטאנען, משוגע כמעט פאר שרעק, און איז אוועקגעלאָפען צו דער מערגעל־גרוב.

ער האָט נאָך געבולען, אלץ נאָך געבולען. די גאנצע נאכט האָט ער געבולען. און דאָ האָט זי אָנגעהויבען צו כליפען און איהם אָנגערופען מיט די צערטליכסטע נעמען. און אויף איהרע אלע צערטליכע נעמען האָט ער געענטפערט מיט זיין בילען.

דאָ האָט זיך איהר פערגלוסט, איהם ווידער צו האָבען און בעשלאָסען, צו האַלטען איהם ביי זיך אזוי לאנג ווי ער וועט לע־בען. זי איז אוועקגעלאָפען צו דעם מאן, וואָס איז גוט בעקאנט געוועזען מיט דער מערגעל־גרוב, און האָט איהם דערצעהלט, וואָס זי וויל. ער האָט געזאָגט:

— ווען איהר ווילט האָבען אייער הונד צוריק, וועט עס אייך קאָסטען פיער פראנק.

זי האָט זיך א כאפּ געטהאָן:

— פיער פראנק, זייט איהר משוגע? פיער פראנק!

ער האָט געענטפערט:

— וואָס דען האָט איהר געמיינט, אז אומזיסט וועל איך אייך קריכען מיט מיינע ארבייטער אין די גרוב. און אפשר נאָך כאפען א ביס פון אייער הונט אויך? האָט איהר איהם ניט געזאָלט ארונ־טערוואַרפען.

זי האָט איהם פערלאָזען א צוקאָכטע:

— סטייטש, פיער פראנק!!

געקומען אהיים, האָט זי ראָזא'ן דערצעהלט, פיעל דער מאַן האָט געבעטען. ראָזא איז אויך אויפגערעגט געוואָרען און האָט גע־זאָגט:

— פיער פראנק, אָהאָ!

דערנאָך האָט זי צוגעלעגט:

— מען דארף בעסער וואָס עסען איהם אהין ארונטערוואַר־פען, אז ער זאָל דאָרט ניט קראַפּירען!

מאדאם לעפעוור האָט זיך אָן דעם אָנגעכאפּט און זיי ביידע זיינען אוועקגעלאָפען צו דער גרוב מיט א גרויסען פּוטער־ברויטעל אין דער האנד.

זיי האָבען עס צושניטען אויף קליינע שטיקלאך, געוואָרפען איינס נאָך'ן אנדערן אהין און בעת דעם גערופען: פיעררא! פיעררא! און אזוי גיך ווי דער הונד האָט איין שטיקעל ארונ־טערגעשלונגען, האָט ער ווידער גענומען בילען, ביז ער האָט א צווייטען שטיקעל געקראָגען.

און פארנאכט זיינען זיי ווידער אהין געקומען און אויף מאָר־גען ווידער, קורץ יעדען טאָג.

און איינמאָל, ווען זיי זיינען אהין געקומען און שוין געוואָלט דעם ערשטען ביסען ארונטערוואַרפען, האָבען זיי פּלוצים דער־הערט א שרעקליכען וואויען אין דער גרוב. עס זיינען דאָרט גע־ווען צוויי הינט. אנאנדער הונט האָט מען אהין ארונטערגעוואָר־פען, א גרויסען.

ראָזא האָט א רוף געטהאָן: „פיעררא!“ און פיעררא האָט געבולען, געבולען. דאָ האָבען זיי אָנגעהויבען דאָס ברויט ארונ־טערצו־וואַרפען, א שטיקעל נאָך א שטיקעל, אָבער יעדעסמאָל האָ־

בען זיי געהערט א מורא'דיגען קאמפף דארט אונטען, דערנאך די פערצווייפעלטע קוויטשערייען פון פיעררא'ן, וועלכען דער אנדערער, דער גרויסער הונט האט דארט געביסען, דאס פרעסעןביי איהם אוועקגענומען, ווייל ער איז געווען דער שטארקערער.

זיי האבען גענומען שרייען:

— פיעררא, דאס איז פיר דיר!

פיעררא האט אבער דארט גאר נישט בעקומען.

דיביידע פרויען האבען זיך אנגעקוקט צושראקען און מאדאם לעפעוור האט זיך אנגערופען:

— איך קען דאך ניט אויסהאלטען מיט פרעסען אלע הינט, וואס מען ווארפט אהין ארונטער. גענוג, מיר מוזען עס אויפגעבען.

און זי איז אנטלאפען פון דארט, האט מיטגענומען זאגאר דאס שטיק ברויט, וואס איז געווען פערבליבען, און אויף'ן וועג עס געגעסען.

ראזא איז איהר נאכגעלאפען און האט געווישט מיט'ן ברעג פון איהר בלויען שירץ די אויגען.



# אין וואלד

דער געמיינדע־פארשטעהער האט זיך נור וואס גע־וואלט זעצען צום טיש, ווען מען האט איהם אנ־געזאגט, אז דער וואלד־וועכטער ערוואַרטעט איהם אין געמיינדע־הויז מיט צוויי געפאנגענע.

ער איז גלייך אוועק אהין און האט דארט געטראפען זיין וועכטער האכעדור, וועלכער האט מיט אן ערנסטער מינע בעוואכט א'ן עלטערע פאאר פאלק פון שטאדט.

דער מאן, א בעלייבטער מענש מיט א רויטער נאז און ווייסע האאר, האט אויסגעזעהן זעהר מיעד, בעת די פרוי, א קליין ווייבע־לע אין זונטאגדיגע בגדים, א רונדע, א דיקע, מיט צופלאמטע באַ־קען, האט בייז בעטראכט דעם היטער פון גערעכטיגקייט, וועלכער האט זיי ארעסטירט.

דער געמיינדע פארשטעהער האט געפרעגט:

— וואס איז דען געשעהן, האכעדור?

דער וועכטער האט גענומען דערצעהלען:

ער איז היינט אין דער פריה צו דער געוועהנליכער שטונדע ארוים אין וואלד מאכען זיין פאטראל־גאנג. אויף'ן פעלד האט ער ניט באמערקט קיין שום בעזאנדערעס. עס איז געוועזן א שעה־נער וועטער און די תבואה איז געשטאנען אויף א'ן ארט. אבער דא האט דער יונגער ברעדעל, וועלכער האט געארבייט אין זיין וויין־גארטען, צו איהם אויסגערופען:

— העי, האכעדור, געהט אקארשט צו צום עק וואלד! דארט צווישען די ערשטע בושעס וועט איהר געפינען א פאאר טייבעלאך! ביידע צוזאמען זיינען אוודאי א יאהר הונדערט און דרייסיג אלט!

ער איז גלייך אוועק אין יענער ריכטונג און האָט דערהערט ווערטער און זיפצען, וועלכע האָבען ערוועקט דעם פערדאכט, אז דאָ איז פאָרגעקומען א פערברעכען אנטקעגען דער מאָראל. ער האָט זיך א לאָז געטהאָן אויף די קניע און אויף די הענד, ווי נאָך א וואלד גנב, און באלד האָט ער דערטאפּט דאָס דאָזיגע פּאָאָר פאָלק אין רעכטען מיטען פון זינדיגען פערקעהר...

דער פאָרשטעהער האָט גאנץ צושראָקען אָנגעקוקט די פער־ברעכער. דער מאַן האָט געמוזט זיין א יאָהר זעכציג און די פרוי געווים א יאָהר פינף און פופציג.

ער האָט זיי גענומען צו פערהער, פריהער דעם מאַן, וועלכער האָט געענטפערט אזוי שטיל, אז מען האָט איהם קוים געקענט הערען.

— ווי הייסט איהר ?

— ניקאָלאס ביורין.

— אייער בעשעפטיגונג ?

— פאזמאנטיר־געשעפט אין דער רי־דע־מערטירס אין פּאריז.

— וואָס האָט איהר געטהאָן דאָרט אין וואלד ?

דער מאַן האָט ניט געענטפערט, האָט ארונטערגעלאָזען די אויגען אויף זיין דיקען בויך און ארונטערגעלאָזען די הענד.

דער פאָרשטעהער האָט אָנגעהויבען פון דאָס ניי ?

— איהר האָט געהערט אין וואָס דער בעאמטער בעשולדיגט אייך. לייקענט איהר עס אָב ?

— ניין.

— איהר גיט עס אלזאָ צו ?

— יא.

— וואָס האָט איהר צו זאָגען אלס ענטשולדיגונג ?

— גאָר נישט !

— וואו האָט איהר זיך מיט אייער מיטשולדיגער געטראָפען?

— זי איז מיין פרוי !

— אייער פרוי ?

— יא.

— לעבט איהר דען ניט צוזאמען אין פאריז ?

— געווים לעבען מיר צוזאמען.

— דאן זייט איהר דאך געזונד און פריש און משוגע צו קומען אהער צעהן א זייגער אין דער־פריה און דא, אויף׳ן פרייען פעלד...

דער קרעמער האט זיך שיער נישט צו־וויינט פאר בושה און האט ארויסגעמורמעלט :

—איהר האט זיך אזוי פערגלוסט. איך האב איהר אבער געזאגט, אז עס איז א נארישקייט, אבער געה טענה מיט זיי, אז א פרוי נעהמט זיך עפעס אריין אין קאפ, ווייסט איהר שוין אליין וואס דערפון קומט ארויס.

דער פארשטעהער, וועלכער האט ליעב געהאט צו מאכען א שפאס, האט א שמייכעל געטהאן און בעמערקט.

— מיר דאכט זיך, אז איהר האט אין קאפ, אז ניט וואלט איהר איצט דא ניט געשטאנען.

דא איז הערר ביורין בייז געווארען און האט זיך א קעהר געטהאן צו זיין פרוי :

— דו זעהסט, וואס דו האסט אנגעמאכט מיט דיין פאעזיע ? מיר זיינען נישקשה׳דיג אריינגעפאלען, איצט וועט מען אונז נאך שלעפען צום געריכט, מען וועט אונז משפט׳ן פאר מיאוסער אויפ־פיהרונג, פאר אונזיטליכקייט. עס פאסט זיך טאקע אין אונזערע יאהרען. מיר מעגען שוין אונזער קרעמעל צו מאכען, פארקויפען דאס געשעפט און אוועק וואו עס איז אין א׳ן אנדער שטאדט ! שען, טאקי זעהר שען פאר אונז !

פרוי ביורין איז אויפגעשטאנען און, ניט א קוק טהאנדיג אויף איהר מאן, האט זי אהן פארלעגענהייט, אהן פאלשער בושה, כמעט רוהיג אבגעגעבען די פאלגענדע ערקלעהרונג.

— הערט אויס, הערר געמיינדע־פארשטעהער, איך ווייס אליין, אז מיר האבען זיך לעכערליך געמאכט. ווילט איהר מיר ערלוי־בען צו פארטהיידיגען מיין זאך, ווי א׳ן אדוואקאט, אדער בעסער נאך ווי א׳ן ארימע פרוי. איך האף, אז איהר וועט אונז דאן אב־

לאָזען און וועט אונז פאַרשפּאָרען די חרפּה צו ערשיינען פאַר אַ געריכט.

מיט אַ סך יאָהרען צוריק, ווען איך בין נאָך יונג געווען האָב איך איין מאָל אין אַ געוויסען טאָג זיך געטראָפען מיט הערר ביורין אין דער זעלביגער געגענד און בין מיט איהם בעקאַנט גע־וואָרען. אַ זונטאַג איז עס געווען. ער איז געווען אַ פּריקאַז־טשיק אין אַ שניט־קראָם און איך האָב פערקויפט קאָנפעקטען אין אַ קאָנדיטאָריי. איך געדענק עס נאָך אַזוי ווי עס וואָלט נעכטען געווען. פון צייט צו צייט פלעג איך ארויסקומען אהער זונטאַג מיט אַ פריינדין, מיט ראָזע לעוועקס, מיט וועלכע איך האָב צוזאַ־מען אין דער רי־פיגאַללע געוואָהנט. ראָזע האָט געהאַט אַ גע־ליעבטען, איך ניט. ער פלעגט קומען אהער צוזאַמען מיט אונז. איין מאָל אַ זונטאַג ערקלעהרט ער מיר לאַכענדיג, אַז דעם צווייטען מאָל וועט ער מיטברייגנגען זיינעם אַ קאַמעראַד. איך האָב פער־שטאַנען וואָס ער האָט געמיינט, אָבער איך האָב איהם גלייך גע־זאָגט, אַז עס איז אומזיסט. ווייל איך בין געווען אַ'ן אַנשטענדיג מיידעל, הערר פאַרשטעהער.

דעם צווייטען זונטאַג האָבען מיר אין אייזענבאַהן געטראָ־פען הערר ביורין. דעמאָלט האָט ער אויסגעזעהן גאַנץ שען. אָבער איך בין געווען ענטשלאָסען ניט צו בעגעהן קיין נאַריש־קייטען מיט איהם און איך האָב עס טאַקע נישט געטהאָן.

מיר זיינען אַלזאָ אָנגעקומען קיין בעזאָן. עס איז געווען אַ פּראַכטפאָלער וועטער, אַ וועטער, אַז דאָס האַרץ האָט געקוואָלען פאַר פרייד. נאָך היינט אפילו, ווען עס איז אַזוי שען, ווערט מיר גוט אויף'ן האַרצען פּונקט אַזוי ווי דאַן, און עס ווילט זיך מיר שרייען, קוויטשען, נאַריש מאַכען זיך ! ווען איך בין אין דער נאַטור, ווער איך גאָר צודרעהט. דאָס גרינקייט, דער געזאַנג פון די פויגעלאַך, קאָרנ־זאַנגען, וואָס שפּיעלען זיך מיט'ן ווינד, די שוואַלבען, וואָס טראָגען זיך אין לופטען, דער דופט פון די פעלדער. פון דעם מאָן, די גענזע־בלומען, דאָס אַלעס מאַכט מיך פּשוט משוגע, אָט ווי מען טרינקט שאַמפּאַניער ווען מען איז דערצו ניט געוואָהנט. קורץ. עס איז געווען וואונדערבאַר, ליכטיג, העל, אַז דאָס

אויג האָט זיך ניט געקענט גענוג אָנקוקען און מיט טיפֿע אטהעם־
ציגע האָט מען אין זיך די לופֿט אריינגעזויגען. ראָזא און סימאָן
האָבען זיך אַלע ווײַלע געקושט. און איך האָב דאָס די גאַנצע
צייט געמוזט צוזעהן. הערר ביורין און איך זיינען געגאַנגען הינ־
טער זיי ניט ריידענדיג קיין וואָרט. ווען מען קען נישט איינער
דעם אנדער׳ן, ווייס מען ניט פֿון וואָס צו ריידען. ער האָט אויס־
געזעהן ניט דרייסט און מיך האָט אמוזירט, וואָס ער איז אזוי פֿער־
לעגען. דאַן זיינען מיר אָנגעקומען און דאָס קליין וועלדעל. דאָרט
איז געווען פֿריש, ווי אין אַ קיהלער באָד, און מיר האָבען זיך גע־
זעצט אויף׳ן גראָז. ראָזא און איהר געליעבטער האָבען פֿון מיר
געלאַכט, וואָס איך קוק אויס אזוי ערנסט. אָבער איהר פֿארשטעהט
דאָך אַליין, אז איך האָב געמוזט אזוי זיין. און דאַן האָבען זיי
זיך ווידער גענומען קושען, ווי מיר וואָלטען גאָר דערבײַ ניט גע־
ווען. און דאַן האָבען זיי זיך גענומען ביידע שושקען, זיינען אויפֿ־
געשטאַנען און אוועק אין די בושעס... איהר קענט זיך פֿאָרשטע־
לען וואָס פֿאַר אַ נאַריש פּנים איך האָב געמאַכט אין דער געגענ־
וואַרט פֿון דעם יונגען מאַן, וועלכען איך האָב געטראָפֿען דעם
ערשטען מאָל אין מיין לעבען. ווען יענע זיינען אזוי איינפֿאַך
מיר נישט, דיר נישט אוועקגעגאַנגען, בין איך געוואָרען אזוי צו־
טומעלט, אז איך האָב פּלוצים געקריגען מוטה און גענומען רעדען.
איך האָב געפֿרעגט וואָס ער טהוט. ער איז געווען אַ פּריקאַזטשיק
אין אַ שניט־געשעפֿט, ווי איך האָב אייך שוין פֿריהער געזאָגט. אַ
ווײַלע האָבען מיר אזוי גערעדט צוזאַמען. ערשט דאַן האָט ער זיך
אָנגענומען מוטה און געוואָלט זיך צו מיר צושאַרען. אָבער איך
האָב איהם אזוי גוט פֿאַרגעבען און איהם אָנגעזאָגט ער זאָל האַל־
טען די הענד. איז דאָס נישט אמת, ביורין ?

הערר ביורין, וועלכער האָט פֿאַרשעהמט געקוקט אויף זיינע
פֿיס, האָט נאָרנישט געענטפֿערט.

זי האָט ווייטער גערעדט :

דאַן האָט דער יונגערמאַן בעגריפֿען, אז איך בין אַ׳ן ערליך
מיידעל און האָט זיך אויף אַ׳ן ערליכען אופֿן גענומען גאַנץ שען
שדכנ׳ען צו מיר. פֿון יענעם טאָג אָן איז ער געקומען יעדען זונ־

טאג. ער איז געווען זעהר פערליעבט אין מיר. און איך האָב איהם אויך זעהר געליעבט, זעהר! אָה, אמאָל האָט איהר איהם געדאַרפט זעהן, ער איז געווען אַ שענער יונג...

קורץ, אין סעפּטעמבער האָט ער מיט מיר חתונה געהאַט און מיר האָבען געעפענט אַ קראָם אין דער רי־דע־מאַרטירס.

— אָך, אין די ערשטע יאָהרען איז אונז געגאַנגען שלעכט, מיר זיינען אויסגעריסען געוואָרען! די געשעפטען האָבען ניט געוואָלט געהן. מיר האָבען זיך שוין מעהר ניט געקענט ערלויבען ארויסצופאָהרען אויף פרייער נאַטור. ביסלאַכווייז האָבען מיר זיך פון דעם אין גאַנצען אָבגעוואָהנט. מיר האָבען געהאַט געגונג אַנדערע זאַכען אין קאָפּ. אַז מען איז אין געשעפט, טראַכט מען מעהר פון בייטעל ווי פון ליעבע. ביסלעכווייז זיינען מיר אַלט געוואָרען און האָבען נישט באַמערקט, אַז מיר זיינען געוואָרען רו־היגע, סאָלידע מענשען ביי וועמען די ליעבע שפּיעלט שוין כמעט גאָר קיין ראָלע ניט.

און שפּעטער, הערר פאָרשטעהער, זיינען די געשעפטען אוועק בעסער, אונזער צוקונפט איז כמעט געווען פאַרזאָרגט. און דאָ, זאָג איך ווייס אַליין ניט, וואָס אייגענטליך מיט מיר האָט פּאַסירט.

איך האָב אָנגעהויבען צו טרוימען, ווי אַ יונגע שוהל־מיידעל. ווען איך האָב דערזעהן די וועגלאַך בלומען, וועלכע מען האָט אין די גאַסען געפיהרט, האָב איך געפיהלט ווי צו שרייען פאַר פרייד. דער פיילכען־דופט האָט זיך אריינגעריסען צו מיר אין קראָם אריין, וואו איך בין געזעסען אויף אַ שטול נעבען קאַסע און האָט געמאַכט מיין הארץ קלאַפּען שטאַרק, שטאַרק. איך בין אויפגעשטאַנען, זיך געשטעלט אין מיר פון קראָם, אום דאָרט אויבען איבער די דעכער דעם בלויען הימעל צו בעטראַכטען. און ווען מען קוקט אזוי פון גאַס אויף'ן הימעל ארויף, זעהט ער אויס ווי אַ טייך, אַ לאַנגער, לאַנגער טייך, וואָס טראָגט זיך אין פערשיעדענע זייטען איבער פּאַריז. און פון אויבען איבער איהם טראָגען זיך שוואַלבען, ווי די פיש. עס איז אַ נאַרישקייט אין מיינע יאָהרען צו האָבען אזעל־כע געדאַנקען, אָבער ווייסט איהר, הערר פאָרשטעהער, ווען מען האָט דאָס גאַנצע לעבען געאַרבייט, דאַן קומען אַ מאָל מאָמענטען.

ווען מען כאפט זיך, אז אויסער דער ארבייט זיינען דאָ נאָך אַנדע־
רע זאַכען אין לעבען, און דאן קריעגט מען חרטה, יאָ, חרטה!
צוואנציג יאָהר נאָכאנאנד האָב איך געקענט ארויספאָהרען אין
װאַלד אריין, קושען זיך און האלזען, ווי אַלע אַנדערע פרויען.
איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ווי שען עס מוז זיין דאָרט צווישען
די גרינע בושעס צו ליגען מיט אימעצען, ווען מען האָט ליעב.
און טאָג און נאכט האָב איך וועגען דעם ניט אויפגעהערט צו טראכ־
טען. איך האָב אזוי לאנג געטרוימט פון לבנה־שיין אויף'ן טייך,
אַז אויף מיר איז שיער ניט אָנגעפאלען א פערלאנג זיך צו דער־
טרינקען.

אין אָנהויב האָב איך דאָס מיין מאַן גאָר ניט געוואגט צו
זאָגען. איך האָב צו גוט געוואוסט, אַז ער וועט זיך פון מיר אויס־
לאכען און וועט מיר זאָגען:

— פערקויף בעסער באוועל מיט נאָדלען.

דעם אמת געזאָגט, האָט הערר ביורין ביי מיר ניט קיין גרויסע
דעה. אָבער אז איך האָב א קוק געטהאָן אין שפּיעגעל, האָב איך
פערשטאנען, אַז עס איז גלייכער פאר מיר, איך זאָל ניט מאכען
צופיעל אָנשטעל.

דאָך האָב איך געפּאסט א ענטשלוס און האָב איהם פאָרגע־
שלאָגען ארויסצופאָהרען אויף יענעם פּלאַץ וואו מיר האָבען זיך
צום ערשטען מאָל באקענט. ער האָט איינגעווילינגט אָהן שום
טענות, און אזוי זיינען מיר היינט אין דער פריה א זייגער ניין אָנ־
געקומען אהער.

ווען די תבואה האָט זיך מיט א געריויש בעוועגט ארום אונז
איז מיר געוואָרען עפּעס אזוי מאָדנע אויף'ן הארצען, גאנץ אנדערש
ווי אַלע מאָל. יאָ, דאָס הארץ פון א פרוי ווערט קיינמאָל ניט אַלט
און ווירקליך, מיין מאַן האָט זיך מיר יעצט אויסגעוויזען ניט אזוי
ווי ער איז, נור ווי ער איז אמאָל געווען. יאָ, הערר פאָרשטעהער,
איך פערזיכער אייך, איך האָב זיך א וואַרף געטהאָן אויף איהם
און גענומען איהם קושען, ער איז געוואָרען אזוי ערשטוינט, ווי
איך וואָלט איהם וועלען דערשטיקען. ער האָט ניט אויפגעהערט
צו ווידערהאָלען:

— דו ביזט משוגע ! ביזט פון זינען ארונטער ! וואָס טהוט זיך מיט דיר היינט...

איך האָב אָבער ניט געהערט זיינע רייד, איך האָב געהערט נור מיין הארץ. איך האָב איהם גענומען שלעפּען טיעפער אין וואלד... און דאָרט איז עס געשעהן... הערר פאָרשטעהער, איך האָב דערצעהלט דעם אמת, דעם ריינעם אמת.

דער פאָרשטעהער איז געווען א מאן מיט פערשטאנד. ער איז אויפגעשטאנען, האָט א שמייכעל געטהאָן און געזאָגט :

— ליעבע פרוי, געהט אין פריערען און זינדיגט ניט מעהר — אין וואלד.



# די צוואה

איך האָב געקאַנט דעם הויכען יונגענמאַן, וועלכער האָט געהייסען רענע דע־בורנעוואל. אין געזעל־שאַפט איז ער געווען ליעבענסווירדיג, הגם עט־וואָס טרויעריג אויפגעלייגט. עס האָט געשיינט, אז ער מאַכט זיך גאַנץ וועניג פון אַלסדינג אויף אונזער וועלטעל, האָט זיך פערהאַלטען צו אַלס־דינג זעהר סקעפּטיש, געהאַט א בייסענדיגען הומאָר און פערשטאַ־נען מיט א פּאָר ווערטער ארונטערצורייסען די מאַסקע פון דער אזוי גערופענער הויכער געזעלשאַפט. ער האָט אָפט געזאָגט :

— עס זיינען נישטאָ קיין עהרליכע מענשען, זיי זיינען נור אין א געוויסען זין עהרליך, אין פערגלייך מיט די געוועהנליכע ניט עהרליכע מענשען.

ער האָט געהאַט צוויי ברידער, וואָס האָבען געטראָגען דעם פאַמיליע־נאָמען דע־קורסיל, מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַלטען פון ווייטען. ווייל ער און די ברידער האָבען געטראָגען אַנדערע נעמען, האָב איך געמיינט, אז זיי זיינען פון פערשידענע פאַטער און מוטער. מען האָט מיר געזאָגט, אז אין זייער פאַמיליע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט עפּעס א מערקווירדיגע געשיכטע, אָבער וואָס, האָב איך קיינמאָל ניט געקענט דערגעהן.

דע־בורנעוואל איז מיר זעהר געפעהלען געווען און מיר האָ־בען זיך בעפריינדעט. איינמאָל אין אַן אָבענד, ווען איך בין גע־זעסען ביי איהם גאַנץ אַליין, האָב איך צופעליג געפרעגט :

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, זייט איהר פון אייער מוטער'ס ערשטען מאַן אָדער צווייטען ?

ער איז געוואָרען עטוואָס בלייך און דערנאָך רויט, איי־

קענטיג, צומישט געוואָרען און האָט א פּאָאָר מינוטען גאָר נישט געענטפערט. דאן האָט ער א שמייכעל געטהאָן אויף זיין בעזונ־דערען מעלאַנכאָלישען און ווייכען שטייגער און געזאָגט:

— ליעבער פריינד, ווען אייך איז ניט צו לאַנגווייליג, וועל איך אייך דערצעהלען די מערקווירדיגע געשיכטע, ווי אזוי איך בין געבאָרען געוואָרען. איך האַלט אייך פאר א קלוגען, ענטוויקעלטען מענשען און דאַרף ניט מורא האָבען, דאָס זאָל קענען אויף אונזער פריינדשאַפט ווירקען. און טאָמער יאָ, דאן, זייט זיכער, וועל איך אייך מיט גוואַלד ניט נויטען, איהר זאָלט פערבלייבען מיין פריינד.

מיין מוטער, — מאדאם דע־קורסיל, איז געווען א קליינע, דערשלאָגענע פרוי, וועלכע איהר מאַן האָט צוליעב איהר געלד גע־נומען. איהר גאַנץ לעבען איז געווען דאָס לעבען פון א מארטי־רערין. זי האָט געהאַט א צאַרטע, דעליקאַטנע נשמה, וועלכע האָט זיך געגוויטיגט אין ליעבע און דער מאן, וועלכער האָט געזאָלט זיין מיין פּאָטער, האָט זי שטענדיג גראָב בעהאַנדעלט. ער איז געווען א גראָבער, מיאוסער יונג. זיי זיינען געווען ערשט א מאָנאַט פער־הייראַט, ווען ער האָט געהאַט צו טהאָן מיט א דיענסט. און א חוץ דעם האָט ער געהאַט צו טהאָן מיט פרויען און טעכטער פון זיינע פעכטער. דאָס האָט איהם אָבער ניט געשטערט צו האָבען צוויי קינדער פון זיין פרוי. אייגענטליך האָט מען געדאַרפט זאָגען דריי, ווען מען זאָל מיך אויך אַריינרעכענען. מיין מוטער האָט אויף זיין אויפפיהרונג גאָרנישט געזאָגט. אין דעם דאָזיגען הויז, וואו עס איז אימער געווען א טומעל, א הו־האַ, האָט זי געלעבט ווי א קליין מייזעל, וועלכע בעהאַלט זיך אונטער די מעבעל. שטענדיג אוועק־געשטופּט, פארשטויסען, ציטערענדיג, האָט זי אויף די מענשען מיט איהרע ליכטיגע, אונרוהיגע צומישטע אויגען געקוקט, ווי איי־נער וואָס לעבט אין אייביגען שרעק: און דאָך איז זי געווען שעהן, זעהר שעהן, מיט איהרע בלאָנדע אש־קאָלירטע האָאָר, וואָס זיי־נען ווי פערוועלקט געוואָרען אונטער דעם דרוק פון שטענדיגער מורא, פון שטענדיגען שרעק.

צווישען הערר דע־קורסיל'ס פריינד, — וואָס האָבען בע־זוכט דעם שלאָס, איז אויך געווען איינער אן אמאָליגער קאַוואַ־

לעריע־אָפיציער, אָן אַלמן, פאַר וועלכען די אַנדערע האָבען גרויסען רעספּעקט געהאַט, ווייל ער האָט געהאַט אַ צאַרט־געפיהל, אַ כאַ־ראַקטער, האָט געהאַט אַ נאָמען פיר אַ געפעהרליכען מענשען, וועל־כער וועט זיך פיר קיין זאַך ניט אָפּשטעלען, אויב ער האָט עפּעס בעשלאָסען. דאָס איז געווען הערר דע־בורנעוואַל, וועמענס נאָמען איך טראָג. ער איז געווען אַ הויכער, מאָגערער מאַן מיט מעכ־טיגע, שווארצע וואָנצעס. איך בין זעהר ענליך צו איהם. דער מאַן האָט פיעל געלעזען און געדענקט גאַנץ אַנדערש, ווי אַ סך פון זיינע בעקאַנטע. זיין מוטער איז געווען די פריינדין פון זשאַן זשאַק רוססאָ און עס האָט געמאַכט אַ'ן איינדרוק, ווי פון דער דאָזיגער פריינדשאַפט איז עטוואָס איבערגעגאַנגען אויף איהם. ער האָט געקאָנט אויף אויסווענדיג דעם „געזעלשאַפטס־אָבמאַך“ און די „נייע עלאָאיז“ און די אַנדערע תהילאָזאָפישע ביכער, וועלכע האָ־בען פאָרגעברייטעט די שפּעטערדיגע רעוואָלוציאָן אין אונזערע אַלט־פרענקישע זיטען, אין אונזערע פאַראורטהיילען און אין אונ־זער נאַרישער מאָראַל.

ער האָט געליעבט מיין מוטער און זי האָט איהם געליעבט. אָבער די דאָזיגע ליעבע איז געבליבען אַ סוד פאַר דער גאַנצער וועלט. די אונגליקליכע, פערלאָזענע, טרויעריגע פרוי האָט זיך אַזוי צוגעבונדען צו איהם, דאָס זי האָט זאָגאַר איבערגענומען זיין אַרט דענקען, זיינע פרייע מיינונגען איבער דער ליעבע. אָבער צו־ליעב איהר שרעקעדיגער נאַטור האָט זי קיינמאָל ניט געוואַגט ווע־גען דעם צו ריידען אָפען און דאָס אַלעס איז אין איהר הארצען גע־בליבען פערשלאָסען.

מיינע ביידע ברידער האָבען זי בעהאַנדעלט אַזוי גראָב, ווי זייער פאָטער. קיינמאָל האָט זי פון זיי קיין גוט וואָרט ניט גע־הערט. און אַזוי ווי זי איז אין'ם הויז בעטראַכטעט געווען פאַר גאָרנישט, האָבען זיי זי בעהאַנדעלט כמעט ווי אַ דיענסט.

איך בין געווען דער איינציגער פון איהרע זיהן, וואָס האָט זי באמת ליעב געהאַט און וועלכע זי פון איהר זייט האָט ליעב גע־האַט.

ווען איך בין אַלט געווען אַכטצעהן יאָהר איז זי געשטאָרבען.

דערביי מוז איך בעמערקען, אום איהר זאָלט קלאָר פערשטעהן דאָס, וואָס איז נאָכדעם פאָרגעקומען, אז דאָס רעכט אויף איהר אייגענטום האָט זי איינגעהאַלטען אליין, גאַנץ אונאבהענגיג פון איהר מאַן, און אַ דאנק דער פאָרזיכטיגקייט פון אַ קלוגען נאָטאריוס, האָט זי גענוצליך דאָס רעכט געהאט עס איבערצולאָזען נאָך איהר טויט וועמען זי אליין האָט געוואָלט.

דער נאָטאריוס האָט אונז געלאָזט וויסען, אז ביי איהם געפינט זיך איהר צוואה און ער האָט אונז איינגעלאַדען צו זיך, אום צו בעקאַנען אונז מיט איהר לעצטען ווילען.

איך געדענק עס, אזוי ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטען געוועןַ. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיגע סצענע, אַ הערליכע, אַ טראגישע און אַן איינדרוקספאָלע. די פערפאָלגטע, פערמוטשעטע פרוי האָט איצט, בעת זי איז געווען טויט, ●ייערדיג פראָטעסטירט געגען די פאראורטהיילען און די זיטען פון דער געזעלשאפט און פון׳ם קבר ארויס האָט זי געפאָדערט פרייהייט און אונאבהענגיגקייט.

דער מאַן, וועס האָט זיך גערעכענט פאר מיין פאָטער, אַ דיקער און אַ ריהרעוודיגער, שטארק עהנליך צו אַ קצב, און די ברידער, ביידע געוויקסיגע בחורים אין׳ם אַלטער פון צוואנציג און צוויי און צוואנציג יאָהר, — האָבען רוהיג געוואַרט, זיצענדיג אויף שטולען. הערר דע־בורנעוואל, וועלכער איז אויך איינגעלאַדען געווען צו דער דאָזיגער צערעמאָניע, איז אריינגעקומען און האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער מיר. דער ראָק אויף איהם איז פערשפילעט געווען אויף אַלע קנעפּ. ער איז געווען בלייך און האָט צייטענווייז געביסען זיינע גרויליכע וואָנצעס.

דער נאטאריוס האָט צוויי מאָל אַ דרעה געטהאָן דעם שלאָס אין דער טיר און ווען זי איז געווען צוגעשלאָסען, האָט ער געעפענט אַ קאָנווערט, וואָס איז פער׳חתמה׳ט געווען מיט רויטען טריוואקס, און גענומען פאר אונז לעזען די צואה, וואָס איהר אינהאלט איז איהם אויך ניט בעקאַנט געוועןַ.

ביי דער דאָזיגער שטעלע פון זיין ערצעהלונג איז מיין פריינד פּלוצים אנשווייגען געוואָרען, האָט זיך אויפגעהויבען, אויפגעזוכט אין אַ שיפלאָד פון זיין שרייב־טיש אַ׳ן אַלט בויגען פּאַפּיר, האָט

עס פונאנדערגעוויקעלט, עטליכע מאָל עס אַ קוש געטהאָן און גע־
זאָגט: — אָט דאָס איז די צוואה פון מיין מוטער.

איך, די אונטערצייכענטע אננא־קאטערינא־זשענעוויעוו־
מאטילדע דע־קרואליוס, די געזעצליכע פרוי פון זשאן־לעאָפּאָלד־
זשאָזעף־גאָטראן־דעקורסיל, זייענדיג ביי מיין פולען זינען, דריק
אויס דערמיט מיין לעצטען ווילען.

צוערשט בעט איך מחילה ביי גאָט און דערנאָך ביי מיין טהייע־
רען זוהן רענע פאר דאָס, וואָס איך געה איצט טהאָן. איך רעכען,
אז מיין זוהן איז גענוג גרויסמוטהיג, אום מיך צו פערשטעהן און
מיר צו פערגעבען. מיין גאַנץ לעבען האָב איך געליטען. מיין מאַן
האָט מיט מיר חתונה געהאט, צוליעב מיין רייכטהום. דערנאָך
האָט ער מיך פעראכטעט, פערלאָזען, אַנגעטהאָן מיר אלערליי יסורים
און כסדר מיך בעטראָגען.

איך בין איהם מוחל, אָבער צו זיין פערפּפליכטעט צו איהם
האָב איך ניט פארוואָס.

די עלטערע זיהן האָבען מיך ניט ליעב געהאט, האָבען זיך ניט
געקימערט וועגען מיר און האָבען מיך ניט בעהאנדעלט ווי זייער
מוטער.

זאָלאנג איך האָב געלעבט, האָב איך געגען זיי אַלע מיינע
פּפליכטען ערפילט. איצט נאָך מיין טויט בין איך זיי מעהר גאָר
נישט שולדיג. די באַנדען פון בלוט עקזעסטירען ניט אָהן דער
שטענדיגער, טעגליכער, הייליגער ליעבע. אַן אונדאנקבארער זוהן
איז ווייניגער קרוב ווי אַ פרעמדער; ער איז אַ פערברעכער, וואָרים
ער האָט קיין רעכט ניט צו זיין גלייכגילטיג צו זיין אייגענער מוטער.

איך האָב תמיד פאר די מענשען געציטערט, פאר זייערע בייזע
געזעצען, זייערע אונמענשליכע זיטען, זייערע שרעקליכע פאראור־
טיילען. פאר גאָט האָב איך ניט קיין פורכט. שטארבענדיג, וואַרף
איך פון זיך ארונטער די שענדליכע צבועצסטוואָ; איך וואַג
ארויסצוזאָגען מיין געדאנק, ארויסצוזאָגען אָפען און בעשטעטיגען
שריפטליך דעם סוד פון מיין הארצען.

דעם גאנצען טהייל פון מיין פערמעגען, וועלכער געהערט מיר
נאָך'ן געזעץ נאָך, זאָג איך אָפּ דעם מאַן, וועלכען איך האָב היים

און טיעף געליעבט, מיין געליעבטען פיער־זשערמע־סימאָן דע־בור־נעוואַל, מיט דער בעדינגונג, אַז שפּעטער זאָל עס איבערגעהן צו אונזער געליעבטען זוהן רענע.

(דער דאָזיגער ווילען מיינער אין מעהר איינצעלהייטען ווערט אויסגעדריקט נאָך אין אַנאַנדערען געזעצליכען דאָקומענט.)

און פאַר דעם העכסטען ריכטער, וועלכער הערט מיך, ערקלעהר איך, אַז איך וואָלט פערשאַלטען הימעל און ערד, ווען איך וואָלט אין׳ם לעבען ניט געטראָפען די טיעפע, איבערגעגעבענע, וואַרימע און פעסטע ליעבע פון מיין געליעבטען, ווען איך וואָלט אין זיינע אָרעמס ניט פערשטאַנען, אַז גאָט האָט די מענשען בעשאַפען, זיי זאָלען ליעבען, זיי זאָלען אונטערשטיצען, זיי זאָלען טרויסטען איי־נער דעם אַנדערען און זיי זאָלען וויינען צוזאַמען אין די ביטערע מינוטען.

דער פאָטער פון מיינע ביידע עלסטע זיהן איז הערר דע־קור־סיל. נור איין רענע האָט צו דאַנקען פאַר זיין לעבען דע־בורנע־וואַל׳ן. איך בעט ביי גאָט, דעם האַרר איבער די מענשען און שיקזאַלען, ער זאָל העלפען דעם פאָטער און דעם זוהן, צו שטעלען זיך איבער די געזעלשאַפטליכע פאַראורטיילען, זיי זאָלען זייער גאַנץ לעבען לאַנג ליעבען איינער דעם אַנדערען און מיך נאָך מיין טויט.

דאָס איז מיין לעצטער געדאַנק, מיין לעצטער וואונש.

מאַטילדע דע־קרואַליוס.

הערר דע־קורסיל איז אויפגעשפּרונגען און האָט אויסגעשריען:

— דאָס איז אַ צואה פון אַ משוגענער!

דאַן איז הערר דע־בורנעוואַל אַרויסגעטראָטען און האָט גע־זאָגט מיט אַן ענערגישער, שאַרפער שטימע:

— איך, סימאָן דע־בורנעוואַל, ערקלער, אַז אַלסדינג, וואָס איז געזאָגט געוואָרען אין דעם דאָזיגען דאָקומענט, איז ריינער אמת; איך קאָן עס בעווייזען דורך בריעף, וואָס איך האָב ביי זיך.

דאַן האָט זיך דע־קורסיל אַ וואָרף געטהאָן צו איהם. איך האָב געמיינט, אַז צווישען זיי וועט זיך פערפיהרען אַ געשלעג. זיי זיינען געשטאַנען איינער געגען אַנדערען, איינער אַ דיקער, דער צווייטער אַ מאָגערער, און ביידע האָבען זיך געטרייסעלט. דער

מאַן פון מיין מוטער האָט אויסגערופען :

— איהר זייט אַן אויסוואורף !

און דער אַנדערער האָט געענטפערט אין דעם אייגענעם ענער־גישען טאָן :

— מיין הערר, מיר וועלען זיך ערגעץ אַנדערש־וואו נאָך אַמאָל טרעפען. איך וואָלט אייך שוין לאַנג אויסגעפּאַטשט, ווען די רוה פון יענער פרוי, וואָס איהר האָט פערמוטשעט, וואָלט ביי מיר ניט געווען אַזוי טהייער.

דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר :

— דו ביזט מיין זוהן. ווילסטו געהן מיט מיר ? איך האָב קיין רעכט דיך אַוועקצונעהמען, אָבער ווען דו וועסט געהן מיט מיר, וועל איך שוין זעהן, איך זאָל דאָס פאָטער־רעכט קריגען.

איך האָב איהם שטום די האַנד געדריקט און מיר זיינען צו־זאַמען ארויס. איך האָב ניט געוואוסט, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט, אַזוי צוטומעלט בין איך געווען.

צוויי טעג שפּעטער האָט הערר דע־בורנעוואַל געטויטעט דע־קורסיל אין אַ דועל. מיינע ברידער האָבען געשוויגען אויס מורא פאַר אַ סקאַנדאַל. איך האָב זיי אָנגעבאָטען אַ הילפע פון דער ירושה, וואָס מיין מוטער האָט מיר איבערגעלאָזט. זיי האָבען עס אָנגענומען.

איך אָבער האָב אָנגענומען דעם נאָמען פון מיין אמת׳ן פאָטער און האָב זיך אָפּגעזאָגט פון יענעם נאָמען, וואָס דאָס געזעץ האָט מיר געגעבען, און וועלכער האָט מיר ניט געהערט.

הערר דע־בורנעוואַל איז פאַר פינף יאָהרען געשטאָרבען און דעם שמערץ איבער זיין טויט פיהל איך נאָך ביז היינטיגען טאָג.

ער איז אויפגעשטאַנען, איז זיך דורכגעגאַנגען איבער׳ן צי־מער, האָט זיך אַוועקגעשטעלט געגען מיר און געזאָגט :

— איך בעהויפּט, אַז די צוואה פון מיין מוטער איז איינע פון די שענסטע, עהרליכסטע, גרעסטע אויפטהועכצען, וואָס אַ פרוי האָט ווען עס־איז אויפגעטהאָן. ניט אַזוי ?

איך האָב איהם אויסגעשטרעקטביידע הענד :

— געוויס, ליעבער פריינד.

# די משוגענע

ליידענדיג ווענען שנעפּפּע־פייגלען, פאַלט מיר איין זעהר א טרויעריגע געשיכטע — האָט געזאָגט הערר מאַטהיִאַס דע־אַנדראַלען.

איהר קענט דאָך מיין הויף אין דער פאָר־שטאָדט קאָרמעלע ? גראָד דאָן ווען איך האָב זיך דאָרט געפונען, האָבען אריינגעמארשירט די פּרייסען.

נעבען מיר האָט דעמאָלט געוואָהנט א מין געריהרטע, וועל־כע האָט איבער פערשיעדענע אונגליקען איהר פערשטאנד פער־לאָרען.

מיט א לאַנגער צייט צוריק, ווען זי איז אַלט געוועזען פינף און צוואַנציג יאָהר, האָט זי אין פערלויף פון איין איינציגען מאָנאַט פערלאָרען איהר פאָטער, איהר מאַן און איהר נייגעבאָרענעם קינד.

ווען דער טויט איז איין מאָל אין א הויז געוועזען, קעהרט ער זיך כמעט תמיד באַלד ווידער צוריק, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אויף דער טיר א סמן געמאַכט.

די אונגליקליכע יונגע פרוי איז פאַר צער אַזוי צובראָכען גע־וואָרען, דאָס זי האָט זיך געמוזט לייגען אין בעט און זעקס וואָכען נאָכאַנאַנד איז זי אָבגעלעגען אין א היץ־קרענק. נאָך דער שווערער קראַנקהייט איז געקומען א שטאַרקער קריזיס, אַזאַ מין סאָרט רוהיגע גלייכגילטיגקייט. זי האָט זיך מעהר ניט געריהרט, געגע־סען זעהר ווייניג און נור מיט די אויגען בעוועגט. ווען מען האָט געוואָלט, זי זאָל אויפשטעהן, האָט זי געמאַכט אַזעלכע קולות, ווי ווען עס וואָלט זיך אום איהר לעבען געהאַנדעלט. מען האָט זי אַלזאָ געמוזט לאָזען ליגען און זי ארויסגענומען פונ׳ם בעט נור דעמאָלט,

ווען מען האָט זי געדאַרפט איבערטאָן אָדער איהר געלעגער פער־ריכטען.

אָן אַלטע דיענערין איז מיט איהר געבליעבען, וועלכע האָט איהר פון צייט צו צייט דערלאַנגט אביסעל וואַסער און אַ שטיקעל קאַלטעס פלייש. וואָס איז אין דער דאָזיגער פערצווייפעלטער נשמה פאָרגעקומען? מען האָט עס קיין מאָל ניט געקענט דערגעהן, ווייל זי אליין האָט געשוויגען. האָט זי געטראַכט וועגען די טויטע? האָט זי געטרוימט פאַר זיך, אָהן אַ בעשטימטער עראינערונג, אָדער איז איהר צושטערטער גייסט שטעהן געבליעבען אונבעוועגליך, ווי אַ שטעהענדיג וואַסער?

פופצעהן יאָהר נאָכאַנאַנד האָט זי זיך ניט געריהרט פונ'ם אָרט און איז געבליעבען פערשלאָסען אין זיך.

דאָ האָט אויסגעבראָכען דער קריעג און אין די ערשטע דעצעמבער טעג האָבען די פרייסען אין קאַרמעל אריינגעדרונגען.

איך געדענק דאָס נאָך, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטען גע־שעהן. אין דרויסען איז געווען אַ פראָסט, אַזש די שטיינער האָ־בען געפּלאַצט. איך בין געלעגען אין'ם פאָטעל אויסגעצויגען און ניט געקענט ריהרען מיט אַ'ן אבר פון רעוומאַטיזם. אָט דאַן האָב איך דערהערט זייערע שווערע, גלייכמעסיגע מאַרש־טריט, און גע־זעהן פון מיין פענסטער, ווי זיי געהען פאַרביי.

זיי זיינען געגאַנגען איינער ווי דער אַנדערער אין לאַנגע, לאַנ־גע רייהען, מיט יענע שטייפע, מיליטערישע בעוועגונגען, מיט וועלכע זיי צייכענען זיך אויס. דערנאָך האָבען די אָפיציערען זייערע צושטעלט אויף קוואַרטירען. איך האָב געקראָגען זיעבצעהן מאַן, מיין שכנה, די משוגע'נע, צוועלף, צווישען זיי האָט זיך געפונען אַן אָפיציער, אַ היציגער, פערגרעבטער שכור.

די ערשטע פאָאַר טעג איז אַלסדינג געגאַנגען אויסגעצייכענט. מען האָט דעם אָפיציער געזאָגט, אַז די בעל הבית'טע פונ'ם הויז איז קראַנק און ער האָט זיך וועגען איהר ווייטער ניט געקימערט. אָבער באַלד האָט איהם די פרוי, וועלכע קיינער האָט קיין מאָל ניט געזעהן, צורייצט, און ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגען, וואָס איהר פעהלט. מען האָט איהם געענטפערט, אַז די בעל הבית'טע

ליעגט זייט פופצעהן יאָהר צו בעט און אז דאָס איז איהר געקומען פון א שווערער קראנקהייט. ווי עס שיינט, האָט ער דאָס ניט גע־גלויבט און זיך איינגעבילדעט, אז די אָרימע משוגע'נע וויל ניט פערלאָזען איהר בעט אויס שטאָלץ, כדי זי זאָל ניט דארפען אויפ־נעהמען די פרייסען, זאָל מיט זיי ניט מוזען ריידען און קומען אין בעריהרונג.

ער האָט פערלאנגט, זי זאָל איהם אויפנעהמען. מען האָט איהם אריינגעלאָזען צו איהר. און ער האָט צו איהר געזאָגט קורץ און שארף:

— איך מוז אייך בעטען, איהר זאָלט אויפשטעהן און ארונ־טערקומען אונטען, אז מען זאָל אייך ווייניגסטענס זעהן.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט צומישטע, געדראנקענלאָזע אויגען און ניט געענטפערט. דאן האָט ער ווידער אָנגעהויבען:

— איך וועל ניט דולדען קיין ווידערשטאנד. ווען איהר וועט ניט אויפשטעהן פרייוויליג, דאן וועל איך געפינען מיטלען, ווי אייך אויף די פיס צו שטעלען.

זי האָט ניט א ריהר געטהאָן מיט קיין גליעד און איז אלץ געבליעבען אונבעוועגליך, ווי זי איז פריהער געווען, אקוראט ווי זי וואָלט איהם גאָר ניט געזעהן.

דאן איז ער צוקאָכט געוואָרען, ווייל ער האָט אָנגענומען איהר שווייגען פאר א'ן אויסדרוק פון דער גרעסטער פעראכטונג, און ער האָט צוגעלייגט:

— ווען איהר זייט מאָרגען נישט אונטען, דאן...

און ער איז אוועק.

---

אויף מאָרגען האָט די צושראָקענע אלטע דיענערין געוואָלט די משוגע'נע אָנטהאָן, אָבער זי האָט זיך געוועהרט און גענומען שרייען מיט בענומענע קולות. דער אָפיציער איז געקומען צולוי־פען, זעהן וואָס דאָ טהוט זיך, און די דיענערין האָט זיך איהם גע־וואָרפען צו די פיס און אויסגערופען:

— זי וויל ניט, הערר אָפיציער, זי וויל ניט, פערצייהעט איהר, זי איז נעבאך אזאָ אונגליקליכע!

דער סאַלדאַט איז געוואָרען צומישט, און טראָץ זיין כעס האָט ער דאָך ניט געוואגט הייסען זיינע לייט, זיי זאָלען זי ארונטער־שלעפען פון׳ם בעט. אָבער פּלוצים האָט ער גענומען לאַכען און גע־געבען אויף דייטש אַ פּאָאַר בעפעהלען.

און באַלד דערנאָך איז פון דעם הויז ארוים אַ׳ן אבטהיילונג סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געשלעפּט אַ מאַטראַץ, ווי מען טראָגט אַ פערוואונדעטען. אויף דעם דאָזיגען מאַטראַץ, וועלכען מען האָט געלאָזען אַזוי ווי ער איז געוועזן, איז געלעגען די משוגע׳נע. זי איז געוועזן גאַנץ רוהיג, האָט ניט גערעדט קיין וואָרט, גלייכגילטיג צו אַלסדינג, וואָס עס האָט זיך געטהאָן ארום איהר, אַבי מען האָט איהר געלאָזט ליגען אויף אַ׳ן אָרט. הינטער איהר איז געגאַנגען אַ מאַן, וועלכער האָט געטראָגען אַ בינטעל קליידער.

און דער אָפיציער האָט געזאָגט, זיך רייבענדיג די הענד:

— אויב איהר קענט זיך אליין ניט אָנטהאָן, דאַן וועלען מיר עס טהאָן פאַר אייך און מיר וועלען צוזאַמען מאַכען אַ קליינעם שפּאַציער.

און דערנאָך האָט מען געזעהן, ווי די פּראָצעסיאָן איז אוועק אין דער ריכטונג, וואו עס געפינען זיך דער וואַלד פון אימאַנוויל.

אין צוויי שטונדען ארום זיינען די סאָלדאַטען אַליין צוריק געקומען.

מעהר האָט מען די משוגע׳נע ניט געזעהן. וואָס האָבען זיי מיט איהר געטהאָן? וואוהין האָבען זיי זי אוועקגעטראָגען? מען איז דאָס קיין מאָל ניט דערגאַנגען.

---

איצט האָט דער שנעע געשאָטען טאָג און נאַכט און בעגראָבען פעלדער און וועלדער אונטער זיינע אייזיגע תכריכים. מען האָט געהערט, ווי די וועלף וואויען פאַר די טירען. דער געדאַנק וועגען דער פערשוואונדענער פרוי האָט מיך געפּלאַגט און איך בין אוועק צו דער פּריסישער קאָמאַנדע, אום צו דערגעהן עטוואָס וועגען איהר. מען האָט מיך שיער דערפאַר ניט דערשאָסען.

דער פריהלינג איז געקומען. די פּרייסישע סאָלדאַטען זיינען שוין געוועזן אוועק. דאָס הויז פון מיין שכנה איז געבליעבען שטעהן

פערשלאָסען, געדיכטע גראָז איז אין גאָרטען אויף די וועגען אָנגע־וואקסען.

די אַלטע דיענערין איז אין דעם אייגענעם ווינטער געשטאָר־בען. קיינער האָט זיך מעהר וועגען דער געשיכטע ניט געקימערט, נור מיך האָט עס ניט געלאָזט רוהען און איך האָב ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם.

וואָס האָבען זיי מיט דער פרוי געמאכט? איז זי אַנטלאָפען אין וואלד? האָט מען זי וואו עס איז איבערגענומען און אין א שפּי־טאָל אוועקגעשיקט און דאָרט האָט מען ניט געקענט פון איהר דער־געהן, ווער און פון וואַנען זי איז? וואָס איז פון איהר געוואָרען? איך האָב גאָרנישט געקענט אויסגעפינען. אָבער ביסלאכווייז האָט די צייט מיין אנגסט געמילדערט.

— און דאָ איין מאָל, אין הערבסט, האָבען שנעפּפּע־פייגלען מחנות־ווייז זיך גענומען ציהען — פערביי מיין הויף. און אזוי ווי מיין רעוומאטיזם האָט מיך אביסעל אָבגעלאָזט, האָב איך זיך אוועקגעשלעפּט ביז צום וואלד. איך האָב שוין געהאט פיער אָדער פינף פון די לאַנג־שנאָבעלדיגע פייגלען אוועקגעלייגט, ערשט פלו־צים איז איינער פון זיי געפאלען אין א לאָך, וואָס איז געוועזען בע־דעקט מיט צווייגען. איך האָב געמוזט ארונטערגעהן זוכען דעם פויגעל און איך האָב איהם געפונען נעבען א טויטען קאָפּ. און מיט אמאָל האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער משוגענער. אין יענעם שרעקליכען יאָהר זיינען, אמת, א סך אַנדערע מענשען דאָ אין'ם וואלד געשטאָרבען, אָבער איך וויים ניט פארוואָס, איך האָב גע־וואוסט בעשטימט, גאַנץ בעשטימט, אַז דאָס איז דער קאָפּ פון דער אונגליקליכער משוגענער.

און פלוצים איז מיר אַלסדינג קלאָהר געוואָרען, איך האָב אַלס־דינג בעגריפען. זיי האָבען איהר געלאָזט ליגען אויפ'ן מאטראץ אין דעם קאַלטען, איינזאמען וואלד... און זי, די אָרימע, צומיש־טע קראַנקע, האָט ניט געפּרובט זיך רעטען און איז אויסגעגאַנגען אונטער דער געדיכטער, לייכטער שנעע־דעקע, ניט א ריהר טהאָנ־דיג מיט א האַנד אָדער מיט א פוס.

דאַן האָבען זי מסתמא די וועלף אויפגעפרעסען...

און די פייגלען האָבען זייער נעסט אויפגעבויט מיט ד״ר רעשט פון איהר צוריסענעם מאַטראַץ.

איך האָב בעהאַלטען די טרויעריגע ביינער און איך בעט גאָט, אַז אונזערע קינדער זאָלען מעהר פון קיין מלחמות ניט וויסען.



# צוזיי פריינד



אריז איז געווען בעלאַגערט, אויסגעהונגערט און גע־
לעגען אין איהר לעצטער גסיסה. די שפּערלינג־
פויגעלאַך אויף די דעכער זיינען געוואָרען וועניג,
די גאַסען לעדיג. מען האָט געגעסען אַלסדינג,
וואָס האָט זיך נור געמאַכט.

הערר מאָריססא, א זייגער מאכער פון פּראָ־
פעסיאָן, וועלכער האָט צייטענווייז געהאַנדעלט אויך מיט פאַנטאַ־
פעל, האָט אין א געוויסען ליכטיגען יאַנואַר־פריהמאָרגען ארומ־
געשפּאַציערט איבער דעם בולווארד, א אומעדיגער און הונגעריגער,
מיט די הענד אין די קעשענעס פון זיינע סאָלדאַטסקע הויזען פער־
רוקט. פּלוצים האָט ער דערזעהן זיינעם א בעקאַנטען, א'ן אַלטען
פריינד הערר סאָוואזש, מיט וועלכען ער האָט זיך בעקאָנט אויף'ן
וואסער, בשעת'ן כאַפּען פיש.

איידער דער קריעג האָט אויסגעבראָכען, איז הערר מאָריססא
יעדען זונטאג בעגינען מיט א באמבוס־שטאָק אין האנד און א
בלעכענע קעסטעל איבער'ן פּלייצע, געפאָהרען מיט דעם צוג אין
דער ריכטונג פון אַרגענטעול. אין קאָלאָמבעס איז ער אויסגע־
שטיגען און פון דאָרט אוועק צו דעם אינזעל מאראַנטע. קוים האָט
ער עררייכט דעם ציעל פון אַלע זיינע טרוימען, האָט ער פערוואָר־
פען א פיש־וואודע אין טייך אריין און אזוי געוואודעט ביז שפּעט
אין דער נאכט.

יעדען זונטאג האָט ער דאָרט געטראָפען נאָך א ליידענשאַפט־
ליכען פישער, א קליינעם, פרעהליכען, דיקען מענשעל, הערר סאָ־
וואזש, דעם קרעמער פון דער גאַס נאָטר־דאַם־דע־לאָרעט. אָפט
האָבען זיי פערבראַכט גאַנצענע טעג, זיצענדיג זייט ביי זייט, מיט

דער פיש־וואודע אין האנד, מיט די פיס אראָבגעלאָזט איבער׳ן וואסער. אָט אזוי זיינען זיי גוטע פריינד געוואָרען.

אין מאנכע טעג האָבען זיי ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. און אמאָל, ווען־ניט־ווען, האָבען זיי שטיל געשמועסט. אָבער אָהן ווערטער האָבען זיי זיך אויסגעצייכענט פערשטאַנען איינער דעם אנדערן, ווייל זיי ביידע האָבען געהאט דעם זעלבען געשמאק און דיזעלבע אינטערעסען.

אין פריהלינג, א זייגער צעהן אין דער פריה, ווען די יונגע זונן האָט איבער דעם שטראָמענדען טייך א לייכטען נעבעל פער־שפּרייט, וועלכער האָט זיך ווי מיט׳ן וואסער אוועקגעטראָגען, און די ביידע אייפריגע פישער גוט די רוקענס אָנגעברענט, דאן האָט מאָריססאָ געזאָגט צו זיין שכן:

— אך, וואָס פאר א ליעבע ווארעמקייט!

און הערר סאוואזש האָט געענטפערט:

— עטוואָס בעסערעס איז אויף דער וועלט נישטאָ!

דאָס איז געווען גענוג, אז זיי זאָלען פערשטעהן און ליעבען איינער דעם אנדערן.

און אין די יעסינדיגע פארנאכטען, ווען דער הימעל, א בלוט רויטער, פון דער אונטערגעהענדיגער זונן, האָט זיך מיט זיינע פורפּורנע וואָלקענס אין וואסער געשפּיעגעלט, דעם גאנצען טייך ווי מיט בלוט פערגאָסען, דעם האָריזאנט פלאַם־פייער אָנגעצונדען, ביידע פריינד ווי אין פייער איינגעוויקעלט, און די פון ווינטערס אטהעם שוין ברוין־געפארבטע בוימער מיט א גאָלדענעם שלייער פערצויגען, — דאן האָט סאוואזש מיט א שמייכעל אָנגעקוקט מאָ־ריססא׳ן און געזאָגט:

— ווי שעהן דאָס זעהט אויס!

און מאָריססאָ, ניט אראָבלאָזענדיג די אויגען פון זיין פיש־וואודע, האָט געענטפערט:

— איז דאָ ניט שעהנער ווי אויף׳ן בולוואר, וואָס זאָגט איהר?

איצט, אזוי גיך ווי זיי האָבען זיך דערקאָנט, האָבען זיי איי־נער דעם אנדערן שטארק די הענד געדריקט, ביידע געריהרט, וואָס זיי האָבען זיך געטראָפען אונטער אזעלכע פערענדערטע אומ־

שטענדרען. הערר סאוואזש האָט זיך אָנגערופען מיט א זיפץ:

— א שעהן ביסעל האָט מען דורכגעמאכט!

מאָריססא א דערשלאָגענער האָט ארויסגעקרעכצט:

— און וואָס פאר א וועטער! היינט איז דער ערשטער שעהנער טאָג פאר א גאנצען יאָהר.

דער הימעל האָט ווירקליך געלאכט, א בלויער, א ליכטיגער.

פערטראכט און טרויעריג זיינען זיי געגאנגען איינער נעבען אנדערען. מאָריסא האָט אָנגעהויבען:

— און דאָס פישען? דאָס איז געווען א שעהנע צייט!

סאָוואזש האָט אויסגערופען:

— ווער וויים, ווען מיר וועלען עס ווידער קענען טהאָן?

זיי זיינען אריין אין א קליין קאפע־הויז און האָבען צוזאמען אויסגעטרונקען אבסינט. דערנאָך זיינען זיי ווייטער אוועק שפּאַציערען איבער'ן בולוואר.

— לאָמיר נעהמען נאָך א גלעזעלע, הא, וואָס זאָגט איהר?

— ווי איהר ווילט!

און זיי זיינען אריין צו א ווייןהענדלער.

ווען זיי זיינען פון דאָרט ארויס, זיינען זיי געווען א היבש ביסעל אָנגעסנאסקעט, ווי מענשען, וואָס האָבען געטרונקען אויף א ניכטערען מאָגען. עס איז געווען ווארעם, א קיהל ווינטעלע האָט זיי איבער די באקען געגלעט.

די ווארעמע לופט האָט סאָוואזש'ען אין גאנצען פערשיכורט און ער האָט זיך אָבגעשטעלט:

— אפשר וואָלטען מיר גאָר געהן אהינצו?

— וואוהין?

— פיש כאפּען!

— אָבער וואו?

— אויף אונזער אינזעל, נאטירליך. די פראנצויזישע פאָרפּאָסטען שטעהען נעבען קאָלאָמבעס. איך קאָן דעם קאָלאָנעל די מולען. מען וועט אונז שוין דורכלאָזען.

מאָריססאָ האָט א ציטער געטהאָן פאר פרייד:

— גוט, איך בין צופריעדען!

און זיי האָבען זיך צושיידט, אום צו געהן נאָך זייערע פיש־וואודעס.

אין א שטונדע ארום האָבען זיי זיך ביי זייט געטראָפען אי־בער דעם שאָססע צו דער ווילא פון׳ם קאָלאָנעל. ער האָט א שמייכעל געטהאָן אלס ענטפער אויף זייער קאָמישען איינפאל, דאָך האָט ער זייער פערלאנג ערפילט. געקראָגען א פאסיר־שיין, זיינען ביידע אוועק ווייטער זייער וועג.

באלד האָבען זיי געהאט די פאָרפּאָסטען הינטער זיך, זיינען דורכגעגאנגען דורך דער פערלאָזענער שטאָדט קאָלאָמבעס און צו געקומען צו די קליינע ווייג־בערגלאך, וועלכע האָבען געפיהרט צום טייך סיינע. עס איז געווען א זייגער עלף.

דאָס דאָרף אָרזשאנטעיל, פונקט אנטקעגען, איז געווען ווי אויסגעשטאָרבען. די בערג פון אָרזשעמאן און סאנוא האָבען מיט זייער הויך אריבערגעשטיגען די גאנצע געגענד. דער גרויסער טהאָל, וואָס האָט זיך געצויגען ביז צו נאנטער, איז געווען אין גאנ־צען לעדיג, פוסט און וויסט מיט זיינע נאקעטע קארשען־בוימער און זיין גרויער ערד.

און א געפיהל פון אונרוה און מורא איז בעפאלען ביידע פריינד פאר דעם דאָזיגען וויסטען פלאץ.

סאוואזש האָט אָנגעוויזען מיט א פינגער אויף די בערג און געזאָגט:

— דאָרט אויבען זיינען די פרייסען!

— די פרייסען! — זיי האָבען די פרייסען נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, אָבער שוין זייט חדשים, ווי זיי פיהלען זייער אנוועזענ־הייט ארום פאריז; אונזיכטבארע און אלמעכטיגע, האָבען זיי פון פראנקרייך א תל געמאכט, זי רואינירט, געפלינדערט, איהרע קינ־דער געמאָרדעט און פערהונגערט. און צו דעם האסס, וואָס זיי האָבען געפיהלט צו יענעם אונבעקאנטען און זיעגרישען שונא, איז נאָך צוגעקומען א מין אבערגלויבישער שרעק.

מאריססא האָט אויסגעמורמעלט:

— מיין גאָט, ווען מיר זאָלען זיי דאָ אָנטרעפען?

סאוואזש האָט געענטפערט מיט דעם געוועהנליכען פאַריזער הומאָר :

— דאַן וועלען מיר זיי מכבד זיין מיט געבראָטענע פיש !

דאָך האָבען זיי ניט געוואגט צו געהן ווייטער, די שטילקייט און פוסטקייט פון ארום האָט זיי געשראָקען.

צום סוף, האָט סאוואזש ארויסגערעדט ענטשלאָסען :

— נו, מארש ווייטער, אָבער פאָרזיכטיג !

און זיי האָבען זיך אראָבגעלאָזט פון'ם וויין־בארג, קריכענדיג אין דרייען געבויגען ; האָבען זיך הינטער די בושעס פערשטעקט, אלע ווייל ארומגעקוקט און צוגעהערט זיך.

א שטיק פרייעס פעלד האָט זיי אָבגעטהיילט פון ברעג. זיי האָבען זיך א לאָז געטהאָן לויפען איבער איהם און, צוגעקומען צום ברעג, האָבען זיי זיך פערשטעקט צווישען די וואסער־פלאנצען.

מאָריסא האָט צוגעלעגט דעם אויער צו דר'ערד, טאָמער הערען זיך טריט. ער האָט גאָרנישט געהערט. זיי זיינען געוועזן אליין, גאנץ אליין.

דאן האָבען זיי זיך בערוהיגט און אָנגעהויבען צו פישען.

דער איינזאמער אינזעל מאראנט, אנטקעגען זיי, האָט זיי פערשטעלט פון צווייטען ברעג. א קליינע געביידע, וואו עס איז פריהער געוועזן א רעסטאָראַן, איז פערקלאַפּט געוועזן און האָט אויסגעזעהן, ווי דאָרט וואָלט זייט יאָהרען שוין קיין מענש ניט פערשמעקט.

סאוואזש האָט געכאַפּט דעם ערשטען פישעל, מאָריססא דעם צווייטען, און פון איצט אָן האָבען זיי אלע ווייל די וואודעס ארויס־געשלעפּט, אויף וועלכע עס האָבען זיך געצאַפּעלט זילבערנע פיש־לאָך. עס איז אויף א'ן אמת געוועזן א וואונדערבארער טאָג פאר פיש כאַפּען.

זיי האָבען פאָרזיכטיג ארייננעלייגט די פיש אין א געדיכטען נעץ, וואָס איז געהאנגען אין וואסער צו זייערע פיס. א בעגייס־טערטע פרייד האָט זייערע הערצער אָנגעפילט, יענע פרייד וואָס קומט אויף א מענשען, ווען ער קעהרט זיך צוריק צו א געליעבטער

בעשעפטיגונג, פון וועלכער ער האט זיך לאנג, לאנג געמוזט ענט־זאגען.

די ליעבע זונן האט זיי די רוקענס געוואַרעמט; אבער זיי האָבען גאַרנישט געהערט; זיי האָבען וועגען קיין זאך מעהר נישט געטראכט, האָבען פערגעסען די גאנצע וועלט: האָבען נור גע־וואורעט.

פלוצים האָט אַ דומפּפער גערויש, וועלכער איז, דאכט זיך, ווי פון אונטער דער ערד געקומען, די גאנצע געגענד אַ טרייסעל גע־טהאָן. די קאנאָנען האָבען ווידער גענומען דונערן.

מאַריססאַ האָט אומגעקעהרט דעם קאָפּ, און דערזעהן לינקס פון יענעם זייט ברעג די הויכע שפּיצען פון׳ם געוואַלדיג גרויסען בארג מאָנט־וואַלעריאַן, וועלכער האָט אויף זיין שטערן אַ ווייסע הייבעל געטראָגען, אַ וואָלקען פון׳ם פּולווער, וואָס ער האָט נור וואָס אויסגעשפּיגען.

באַלד נאָכדעם האָט זיך פון די שפּיצען פון פעסטונג בעוויזען אַ צווייטער וואָלקענדעל, און אין אַ פּאָאַר סעקונדען ארום האָט זיך דערהערט אַ צווייטער שאָס.

דאן האָט גענומען קראכען איין שאָס נאָך׳ן אנדער׳ן און יע־דען מאָמענט האָט דער בארג ארויסגעלאָזט זיין טויטליכען אָטהעם, אויסהויכענדיג מילכיג־ווייסע זיילען פּארע, וועלכען האָבען זיך לאנגזאם אין דער בלויער לופט אויפגעהויבען און איהם ווי מיט אַ וואָלקען פערשטעלט.

סאָוואַזש האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אקסלען און געזאָגט:

— נאַ, זיי הייבען שוין ווידער אָן.

מאריססא, וועלכער האָט מיט גרוים אנגסט צוגעקוקט, ווי דער האטשיק אויף זיין פּיש־נעץ בעוועגט זיך אַלע ווײַלע ארויף און אראָב אין וואסער, האָט ווי אַ פרידליכער מענש פּלוצים דער־פּיהלט גרוים כעס געגען יענע משוגעים, וואָס שלאָגען זיך דאָרטען; און האָט ארויסגעברומט צווישען די צייהן:

— משוגע דאַרף מען זיין צו נעהמען און דערשיסען איינער דעם אנדער׳ן.

סאָוואַזש האָט געענטפערט:

— נאָך ערגער, ווי די חיות!

און מאריססא, וועלכער האָט נור וואָס געכאפּט א ווייס פיש, האָט ערקלעהרט:

— און ווען מען טהוט א טראכט, אז אזוי וועט עס שטענדיג זיין, אזוי לאנג ווי מיר וועלען האָבען רעגירונגען, דאן...

סאָוואזש האָט איהם אונטערבראָכען.

— די רעפּובליק וואָלט דעם קריעג ניט ערקלעהרט!...

מאריססא איז איהם ארייגעפאלען אין די רייד:

— איז דאָ א קעניג פיהרט מען קריעג מיט'ן אויסערליכען שונא, איז דאָ א רעפּובליק פיהרט מען קריעג אין דערהיים!

און זיי האָבען אָנגעהויבען רוהיג דיסקוטירען איבער וויכטיגע פּאָליטישע פראגען, וועלכע זיי האָבען פערענטפערט מיט דעם גלייכען שכל און עטוואָס בעשרענקטען גייסט פון'ם פּראָסטען מענשען. אין איין זאך זיינען זייביידע געווען איינפערשטאנדען: אז מען וועט קיין מאָל ניט זיין פריי. און דער מאָנט־וואלעריאן האָט געדונערט אָהן אויפהער. מיט זיינע שיסערייען האָט ער פראנצויזישע הייזער חרוב געמאכט, לעבענס פערניכטעט, מענשען געשטיקט. מיט זיין באָמבארדירען האָט ער א סוף געמאכט צו א סך טרוימען, צושטערט א סך פרייד, א סך האָפנונג אויף גליק, האָט אָנגעמאכט וואונדען אין די הערצער פון פרויען, כלות, מוטערס, וואונדען, וועלכע וועלען זיך שוין קיין מאָל ניט פערהיילען.

— אזוי איז שוין דאָס לעבען! — האָט געזאָגט סאָוואזש.

— זאָגט בעסער — אזוי איז דער טויט! — האָט מאריססא לאכענדיג געענטפערט.

פּלוצים האָבען זיי זיך א טרייסעל געטהאָן פאר שרעק, דערהערענדיג טריט הינטער זיך. און ווען זיי האָבען אומגעקעהרט דעם קאָפּ, האָבען זיי הינטער זייערע רוקענס דערזעהן פיער מענער, פיער גרויסע, בעוואָפענטע מענער מיט לאנגע בערד, מיט פלאכע היטעלאך אויף די קעפּ, האלטענדיג די ביקסען אָנגעציעלט אויף זיי.

ביידע פיש נעצען זיינען ארויסגעפאלען פון זייערע הענד און גענומען שווימען מיט'ן שטראָם.

אין א פּאָר מינוטען האָט מען זיי געכאַפּט, געבונדען, אוועק־געשלעפּט, אריינגעוואָרפען אין א שיפעל, און אריבערגעפיהרט אויף דעם אינזעל.

הינטער דאָס הייזעל, וואָס האָט אויסגעזעהן פּוסט, ניט בע־וואָהנט, האָבען זיי איצט דערזעהן א פּאָר צעהנדליג פּרייסישע סאָלדאטען.

א האָריגער ריעז, וועלכער איז געזעסען רייטענדיג אויף א שטוהל און געראויכערט א לאַנגע ליולקע מיט א פּאָרצעלייענעם קאָפּ, האָט זיי אין א אויסגעצייכענטער פראַנצויזישער שפּראַך געפרעגט:

— נו, מיינע הערען, האָט איהר עפּעס געהאַט א גוטען פיש פאַנג?

דאַן האָט איינער פון די סאָלדאַטען אוועקגעלייגט דעם פולען נעץ מיט פיש, וועלכען ער האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך, צו דעם אָפיציערס פיס. דער פּרייס האָט א שמייכעל געטהאָן:

— אהא, איהר האָט הפנים געהאַט גליק היינט! אָבער עס האַנדעלט זיך וועגען עטוואָס אַנדערעס. הערט מיך אויס און רעגט זיך ניט אויף. אין מיינע אויגען זייט איהר איינפאַך צוויי שפּיאָנען, וועלכע זיינען געקומען אונז אויסשפּיאָנירען. אום זיך בעסער צו פערשטעלען, האָט איהר געמאַכט א׳ן אָנשטעל, אז איהר פישט כלומרשט. איהר זייט אריינגעפאַלען צו מיר אין די הענ־שלעכט פאַר אייך — עס איז א צייט פון קריעג! אָבער אַזוי ווי איהר זייט דורכגעגאַנגען די פאָרפּאָסטען, מוזט איהר דאָך וויסען דאָס פּאַסיר־וואָרט, אום צו קענען צוריק דורכגעהן. זאָגט מיר דאָס פּאַסיר־וואָרט און איך וועל אייך בעגנאַדיגען.

ביידע פריינד זיינען געשטאַנען איינער נעבען צווייטען טויט ווי קאַלך, זייערע הענד האָבען געציטערט פון אויפרעגונג, זיי האָבען געשוויגען.

דער אָפיציער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— קיין מענש וועט פון דעם ניט וויסען. איהר וועט זיך רוהיג אומקעהרען צוריק אין שטאָדט אריין. דאָס געהיימניס פער־שווינדעט צוזאַמען מיט אייך. ענטזאָגט איהר זיך אָבער, וועט

עס אייך קאָסטען דעם קאָפּ און דאָס גלייך אויף'ן אָרט. אלזא קלייבט זיך אויס.

זיי זיינען געבליבען שטעהן אונבעוועגליך, ניט עפענענדיג קיין מויל.

דער פריים האָט ווייטער גערעדט גאנץ רוהיג, אָנווייזענדיג מיט דעם פינגער אויף'ן טייך:

— ניט א טראכט, אז אין פינף מינוטען וועט איהר ליעגען דאָרט, אויף'ן גרונד פון טייך. אין פינף מינוטען! איהר מוזט דאָך האָבען פריינד, קרובים!

דער מאָנט־וואלעריאן האָט געהאלטען אין איין דונערען.

ביידע פישכאפּער זיינען געשטאנען שטום. דער דייטש האָט אין זיין שפּראך געגעבען עפּעס א בעפעהל, דאן האָט ער אָבגע־רוקט זיין שטוהל אום ניט צו זיין אזוי נאָהנט צו די געפאנגענע. און צוועלף מאן מיט דאָס געוועהר צו די פיס האָבען זיך אוועק־געשטעלט צוואנציג טריט ווייט.

דער אָפיציער האָט פאָרטגעזעצט:

— איך גיעב אייך נאָך איין מינוט צייט צו איבערלעגען. ניט איין סעקונדע מעהר.

דאן איז ער האַסטיג אויפגעשטאנען, איז צוגעגאנגען צו ביידע פראנצויזען, גענומען מאָרריסאָ אונטער'ן אָרעם, אָבגע־פיהרט איהם אביסעל אָן א זייט און אין דער שטיל געזאָגט:

— שנעל, דאָס פּאסיר־וואָרט! אייער פריינד וועט דערפון ניט וויסען. איך וועל מאכען א'ן אָנשטעל, אז איך בין גריהרט געוואָרען.

מאָריססאָ האָט ניט געענטפערט.

דאן האָט דער פריים אָבגענומען סאָוואזש'ען אָן א זייט און איהם געשטעלט דיזעלבע פראגע.

סאָוואזש האָט ניט געענטפערט.

מען האָט זיי אוועקגעשטעלט איינער נעבען אנדערן.

דער אָפיציער האָט א קאָמאנדעווע געטהאָן. די סאָלדאטען האָבען אויפגעהויבען זייערע ביקסען.

אין דיעזער מינוט איז מאָריססאָ'ס בליק צופעליג געפאלען

אויף דאָס נעץ פול פיש, וואָס איז געלעגן אויף'ן גראָז א פּאָר טריט פון איהם.

א שטראהל פון דער זונן האָט געבליסטשעט אויף די נאָך צאַפּעלדיגע פיש. א שוואכקייט איז אויף איהם אָנגעפאַלען און געגען זיין ווילען האָבען זיך זיינע אויגען מיט טרעהרען פערצויגען.

ער האָט אויסגעשטאַמעלט:

— אדיע, העדר סאָוואזש!

סאָוואזש האָט געענטפערט:

— אדיע, העדר מאריססא!

זיי האָבען זיך א דריק געטהאָן די האנד און ווי זיי האָבען זיך ניט געוועהרט דאַגעגען, דאָך איז א ציטער איבער זייער גאַנ־צען לייב אריבער.

דער אָפיציער האָט א קאָמאנדעווע געטהאָן: „פייער!"

צוועלף שאָסען האָבען א הילך געטהאָן ווי איינער.

סאָוואזש איז געפאַלען, ווי א קלאָץ, גלייך אויף'ן פּנים. דער גרויסער מאריססא האָט זיך א שאָקעל געטהאָן אויף די פיס, אומ־געדרעהט זיך און איז געפאַלען אין דער קרים איבער זיין פריינד מיט'ן פּנים ארויף. א שטראָם בלוט האָט זיך דורך זיין צושאָ־סענער יוניפאָרם פון זיין ברוסט ארויסגעריסען.

דער דייטש האָט געגעבען עפּעס נאָך א בעפעהל.

זיינע לייטע זיינען אוועק און באלד האָבען זיי זיך צוריקגע־קעהרט מיט שטריק און שטיינער, וועלכע זיי האָבען דאָן אָנגע־בונדען צו די פיס פון די דער'הרג'עטע. דערנאָך האָבען זיי אוועקגעטראָגען די טויטע צום ברעג.

דער מאָנט־וואלעריאן האָט נאָך אלץ געדונערט, אין גאַנצען אין וואָלקענס איינגעהילט.

צוויי סאָלדאַטען האָבען א נעהם געטהאָן מאריססא'ן, איינער פאַר דעם קאָפּ, דער צווייטער פאַר די פיס; צוויי אַנדערע האָ־בען אויף דעם זעלבען אופן א כאַפּ געטהאָן סאָוואזש'ען. א ווייל־ע האָבען די סאָלדאַטען געהאלטען די טויטע קערפּערס הויך אין דער לופטען, געשאָקעלט זיי מיט אלע קרעפטען אהער און אהין און דאָן א שליידער געטהאָן ווייט, ווייט פון זיך אין טייך אריין.

זיי האָבען געמאכט א קרייז, אויפגעהויבען זיך איבער'ן וואסער, שטעהענדיג גלייך ווי לעבעדיגע, און גענומען אראָבזינקען טיע־פער, טיעפער... די שווערע־ שטיינער האָבען זיי פאר די פיס צום גרונד אראָבגעצויגען.

דאָס וואסער האָט א ציטער געטהאָן, האָט אויפגעברויזט, גענומען קאָכען... דערנאָך איז עס רוהיגער געוואָרען, בלויז קליי־נע כוואליעס האָבען זיך פון יענעם פלאץ איבער'ן טייך צושאָטען און אָן ברעג אָנגעקלאָפּט.

פון אויבען איבער'ן טייך איז געבליעבען א ביסעל בלוט, וואָס דער שטראָם האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך.

דער אָפיציער אימער נאָך גוט אויפגעלייגט האָט געזאָגט איז דער שטיל:

— דאָס איבעריגע וועלען שוין די פיש בעזאָרגען!

דערנאָך האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק צום הויז.

און פּלוצים האָט ער דערזעהן דעם נעץ מיט פיש אין גראָז ליעגען. ער האָט עס אויפגעהויבען, בעטראכט, א שמייכעל גע־טהאָן און אויסגערופען:

— ווילהעלם!

א סאָלדאט אין א ווייסען שירץ איז צוגעלאָפען. דער פּרייס האָט איהם א וואָרף געטהאָן דעם זעקעל פיש, וואָסביידע דעזו־שאָסענע האָבען צוזאמען געכאַפּט און האָט בעפעהלען:

— פּרעגעל מיר גלייך אוים די דאָזיגע חיה'לאך לעבעדיגער־הייד, אָבער טהו דאָס גלייך אויף'ן שטעל אזוי לאנג ווי זיי לעבען נאָך. אָט דאָס וועט זיין א געשמאקער ביסען!

און ער האָט ווידער פעררויכערט זיין ליולקע.



# דאָס מאָדעל־טיידעל

ונדער אין ליכטיג איז געלעגען דאָס קליין שטעדטעל עטרעטאַט מיט זיינע ווייסע פעלזען, זיין ווייסען ברעג און זיין בלויען ים אונטער דער העלער זון פון א שעהנעם יולי־טאָג.

ביים ברעג ארום טייך איז געזעסען א'ן עולם מענשען און האָט זיך צוגעקוקט, ווי מען באָדט זיך. אויף דער טעראסע נעבען קאסינא איז א צווייטער עולם גע־זעסען און האָט זיך בעוועגט אהין און אהער אין דער שטראהלענ־דיגער ליכטיגקייט, ווי א בלומען־גאָרטען פון טואַלעטען, אין וועלכען עס האָבען געוואקסען גרויסע רויטע און בלויע זון־שירעמס מיט ריעזיגע בלומען אויף זיי.

אויף די שפּאַציר־פּלעצער אויף'ן עק פון דער טעראסע, זיינען געגאַנגען אנדערע מענשען. דאָס איז געוועזען א רוהיגערער, א'ן איינפאַכערער עולם, וועלכער האָט דאָ לאנגזאם שפּאַציערט.

א יונגער, בעקאַנטער, בעריהמטער מאַן, דער מאָהלער האַנס זומער, האָט מיט א טרויעריגער מיענע געטראָטען נעבען א קליי־נעם קראַנקען וועגעל, אין וועלכען עס איז געלעגען א יונגע פרוי, זיין פרוי. א דיענער האָט לאנגזאם געשטופּט דעם דאָזיגען וועגעל און די פערקריפּעלטע האָט מיט טרויעריגע אויגען בעטראכט דעם לאַכענדיגען הימעל, דעם שענעם טאָג און די פרעהליכע פּנים'ער פון די פערבייגעהער.

זיי האָבען ניט גערעדט א וואָרט איינער מיט'ן צווייטען. האָ־בען ניט געקוקט איינער אין'ם אנדערנס זייט.

— לאָמיר זיך אויף א ווײַלע אָבשטעלען — האָט געזאָגט די פרוי.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט. און דער מאהלער האָט זיך גע־זעצט אויף א צוזאַמענגעלעגטען שטול, וואָס דער דיענער האָט איהם דערלאַנגט.

די לייטע, וועלכע זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דער אונ־בעוועגליכער און אזוי ווי שטומער פּאָאָר פּאָלק, האָבען זיי אָנגע־קוקט מיט רחמנות׳דיגע בליקען. א מערקווירדיגע לעגענדע האָט זיך געטראָגען וועגען דאָס דאָזיגע פּאָאָרעל. ער האָט מיט איהר געהייראַט ניט קוקענדיג דערויף וואָס זי איז א קריפּעל, ווי מען האָט דערצעהלט, געריהרט פון איהר ליעבע צו איהם.

ניט ווייט פון זיי זיינען געזעסען צוויי יונגע לייט אויף א ברעט, געפּלוידערט און געקוקט אין דער ווייטקייט אריין.

— ניין, עס איז ניט אמת. איך זאָג דיר, איך קען האַנס זומער גאַנץ גוט.

— יא, אָבער פאַרוואָס האָט ער מיט איהר דאַן געהייראַט? זי איז דאָך שוין געווען פערקריפּעלט, ווען ער האָט מיט איהר גע־הייראַט.

— יא, געוויס. ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט... ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט, ווי מען האָט געוועהנליך חתונה, אויס דומהייט.

— יא, אָבער...

— וואָס אָבער?... קיין אָבער, מיין ליעבער פריינד, איז נישטאָ. מען איז נאַריש, ווייל מען איז א נאַר. און אויסערדעם מוזטו וויסען, אז ביי די מאהלער זיינען די נאַרישע חתונות א גאַנץ גע־וועהנליכע זאַך. כמעט אַלע פון זיי הייראַטען מיט מאָדעל־מייד־לאַך, פריהערדיגע געליעבטע; קוריץ, פרויען, וועלכע זיינען אונטער אַלע אומשטענדען ניט גאָר קיין טהייערע סחורה. פאַרוואָס, וועסטו פרעגען? ווער קאָן זיי וויסען. מען האָט געקאָנט דענקען, אז דאָס שטענדיגע צוזאַמענזיין מיט די דאָזיגע נאַרישע ליאַלקעס, וועל־כע מען רופט מאָדעלען, האָט זיי געדאַרפט אין גאַנצען אויסקו־רירען פון דעם דאָזיגען סאָרט פרויען. אָבער עס הייבט זיך גאָר־נישט אָן! פריהער מאָהלען זיי איהר און שפּעטער האָבען זיי מיט איהר חתונה. אָט נעהם אויף א טשיקאַוועס און לעז איבער דאָס

קליין ביכעל פון אלפאָנס דאָדע : „קינסטלער פרויען". וואָס ער זאָגט דאָרט איז אזוי אמת, אזוי גרויזאם און אזוי שען.

ביי דעם פּאָאָר פּאָלק וואָס דו זעהסט דאָ פּאָר זיך, האָט דאָס אונגליק געטראָפען אויף א גאנץ בעזונדערען, אויף א מורא׳דיגען אופן. די קליינע פרוי האָט א שרעקליכע קאָמעדיע, אָדער בעסער געזאָגט א דראמא געשפּיעלט. זי האָט אלעס... אלעס איינגע־שמעלט. איז זי דערביי געווען אויפריכטיג ? האָט זי האנס׳ן אויף א׳ן אמת געליעבט ? ווער קען עס, ווער וועט עס וויסען ? ווער קען אונז זאָגען, וואָס אין די האנדלונגען פון פרויען איז אמת און וואָס איז געמאכט. זיי זיינען אויפריכטיג, אָבער זייערע איינ־דריקען האלטען זיך אין איין בייטען. זיי זיינען ליידענשאפט־ליך, פערברעכעריש, קליין ביי זיך, בעוואונדערנס־ווערט, ניעדער־טרעכטיג און דאָס אלעס אונטער דעם איינדרוק פון א געוויסען געפיהל, א געוויסען מאָמענט ; זיי זאָגען ליגען אָהן אויפהער, אליין ניט וועלענדיג און ניט וויסענדיג, און טראָצדעם זיינען זיי דערביי גאנץ אָפען אין זייערע געפיהלען, אין זייערע מיינונגען. אז זיי זיינען ניט אין גאנצען פאלש, בעווייזען זייערע פּלוצימדיגע, אונערווארטעטע, משוגענע האנדלונגען, מיט וועלכע זיי צומישען אונזער קאָפּ, פערפיהרען אונזער הארץ און צושטערען אלע אונזערע געוואָהנהייטען. די אונערווארטעטקייט און פּלוצימדיגקייט פון זייערע האנדלונגען מאכט זיי אין אונזערע אויגען פאר אייביגע רעטענישען, מיר מוזען זיך אימער פרעגען : זיינען זיי איצט אויפ־ריכטיג אָדער פאלש ?

דער אמת איז, ליעבער פריינד, אז זיי זיינען אין איין און דערזעלביגער צייט אי אויפריכטיג, אי פאלש, ווייל דאָס ליגט אין זייער נאטור.

טהו אָקאָרשט א טראכט איבער די מיטלען, וועלכע די עהר־ליכסטע פון זיי ווענדען אָן, אום ביי אונז ארויסצוקריגען, וואָס זיי פערלאנגען. די דאָזיגע מיטלען זיינען קאָמפּליצירט און דאָך אזוי איינפאך, אזוי כיטרע, אז מיר קענען זיך אפּריהער בשום אופן ניט כאפּען, און אזוי איינפאך, אז ווען מיר זיינען אריינגעפאלען אין זייער נעץ אריין, וואונדערן מיר זיך און זאָגען :

— וואָס ? דערמיט האָט זי אונז אריינגעכאפּט !

און עס גליקט זיי אימער, ליעבער פריינד, איבערהויפּט נאָך, ווען עס האנדעלט זיך וועגען הייראטען. אָבער איצט וועל איך דיר דערצעהלען די געשיכטע פון האנס זומער.

די קליינע פרוי איז געוועזן א מאָדעל־מיידעל, זיין מאָדעל־מיידעל. זי איז געוועזן שען, איבערהויפּט עלעגאנט און ווי עס שיינט האָט זי געהאט א פּראכטפולע פיגור. ער האָט זיך פערליעבט אין איהר, ווי מען פערליעבט זיך אין יעדער פערפיהרערישער פרוי, ווען מען זעהט זי אָפט. ער האָט זיך איינגערעדט, אז ער ליעבט זי מיט'ן גאנצען הארצען. עס איז א מערקווירדיגע זאך, אזוי שנעל ווי מען באגעהרט א פרוי, דענקט מען, אז מען וועט דאָס גאנץ לעבען לאנג נישט קענען אויסקומען אָהן איהר ; מען ווייס זעהר גוט, אז נאָך דער בעפריעדיגונג פון'ם געפיהל קומט געוועהנליך דער עקעל ; אז פאר א גליקליכער פארבינדונג מוז מען האָבען נים נור פיזישע ברוטאלע ווינשע, נור אז עס איז נויטיג א איבער־איינשטימונג אין די נשמות, אין די כאראקטערען און אין די טעמ־פעראמענטען. ווען א פרוי ציהט אונז צו זיך צו, מוזען מיר קענען אונטערשיידען, צו זי ווירקט אויף אונז מיט איהרע שעהנע קער־פערליכע פאָרמען אָדער מיט איהר טיעפען גייסטיגען רייץ.

קורץ, איהם האָט זיך געדאכט, אז ער ליעבט זי, און ער האָט איהר ליעבע און טרייהייט געשוואָרען און געלעבט מיט איהר, ווי א פּאָאר טייבעלאך.

זי איז ווירקליך געוועזן נעט, אויף יענעם עלעגאנטען, אונוויכ־טיגען שטייגער, ווי עס זיינען א סך פאריזער פרויען.

זי האָט געלאכט, זי האָט געפּלוידערט, זי האָט גערעדט נאַ־רישקייטען, וועלכע האָבען געקלונגען קאָמיש צוליעב דער ארט און ווייזע ווי אזוי זי האָט זיי ארויסגערעדט. זי האָט געהאט גראציעזע בעוועגונגען, וועלכע האָבען געקענט ענטציקען דאָס אויג פון א מאהלער. האָט זי אויפגעהויבען דעם ארעם, האָט זי זיך א בויג געטהאָן אויף א זייט, איז זי אין דער קארעטע אריין, האָט זי די האנד דערלאנגט, זיינען אלע איהרע בעוועגונגען געוועזן פול רייץ, פול גראציע.

דריי מאָנאַט נאָכאַנאַנד האָט האַנס ניט בעמערקט, אַז זי איז אייגענטליך געווען פּונקט אַזוי, ווי אַלע אַנדערע מאָדעל־מיידלאַך.

פאַר'ן זומער האָבען זיי געדונגען אַ קליין הייזעל אין אַנדרעסי.

איין מאָל אַ'ן אָבענד בין איך דאָרט געווען, ווען מיין פריינד האָט צום ערשטען מאָל גענומען צווייפלען.

עס איז געווען אַ וואונדער שענע נאַכט און מיר האָבען צוזאַמען געמאַכט אַ שפּאַציר אַרום טייך. די לבנה האָט זיך געבאָדען אין דאָס לייכט בעוועגליכע וואַסער, האָט געוואָרפען איהר געלען שיין אויף דעם שטראָם, איבער דעם גרויסען, לאַנגזאַם־פליסענדען טייך.

פערחלום'ט פון דעם וואונדערבאַרען אָבענד, זיינען מיר גע־גאַנגען נעבען וואַסער. מיר האָבען געפיהלט, ווי אין אונז וועקען זיך בעגעהרונגען, פערלאַנגען נאָך עטוואָס גרויסעס, שענעס, אַי־בערמענשליכעס. היינגעריסען פון דער שעהנער נאַכט, פון דעם קלאָהרען שיין פון דער לבנה, זיינען מיר געגאַנגען און געשוויגען.

פּלוצים האָט יאָזעפינע אויסגערופען (זי הייסט יאָזעפינע):

— האָסטו געזעהן דעם גרויסען פיש, וואָס שווימט דאָרט אין וואַסער?

ער האָט געענטפערט, ניט קוקענדיג אין יענער זייט, גאַנץ אונ־בעוואוסט:

— יאַ, מיין ליעבע.

זי איז געוואָרען אין כעס:

— ניין, דו האָסט איהם ניט געזעהן, וואָרום דו ביזט געשטאַנען צו איהם מיט'ן רוקען.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן:

— יאַ, דאָס איז אמת. עס איז אַזוי שען היינט ביינאַכט, דאָס איך קען ווענגען אַזעלכע זאַכען ניט טראַכטען.

זי האָט געשוויגען, אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט זיך איהר ווידער פאַרוואָלט רעדען און זי האָט געפרעגט:

— פאָהרסטו מאָרגען אין פּאַריז?

ער האָט געזאָגט:

— איך ווייס ניט.

דאָס האָט זי פון דאָס ניי אויפגעבראכט :

— דענקסטו, אז עס איז אינטערעסאנט ארומצוגעהן שפּאַ־ציערען ווי א שטומע. ווער עס האָט שכל, דער רעדט.

ער האָט ניט געענטפערט. פיהלענדיג אינסטיקטיוו, אז זי וועט איהם דערמיט אויפרעגען, האָט זי גענומען זינגען א העסליכע גאסען־ליעדעל, וועלכע האָט אונז פאר די לעצטע צוויי יאָהר ניט אויפגעהערט צו בויערען די אויערען.

ער האָט ארויסגעברומט :

— איך בעט דיך, שווייג.

זי האָט זיך אָנגערופען צורייצט :

— פארוואָס זאָל איך שווייגען ?

ער האָט געענטפערט :

— דו פערדארבסט אונז די גאנצע שטימונג.

דאן איז געקומען א סצענע, א שרעקליכע, א נארישע סצענע מיט אונערווארטעטע פּאָרווירפע, מיט העסליכע בעשולדיגונגען און טרערען.

אלעס איז געווען פארביי. זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט אהיים, ער האָט איהר ניט געענטפערט א וואָרט. ער האָט זי גע־לאָזט רעדען, איבערוועלטיגט פון דער וואונדערבארער שענקייט פון דעם אבענד און אָבגעעקעלט דורך דעם שטראָם פון שימפּפּ־ווערטער :

אין דריי מאָנאטען ארום האָט ער שוין פערצווייפעלט גע־קעמפּפט אום זיך פון איהר צו בעפרייען. זי האָט איהם געהאלטען פעסט אין איהרע הענד, האָט איהם אונטערדריקט, געפּלאגט און געמאטערט. זיי האָבען זיך ארומגעריסען פון פריה ביז נאכט, זיך געקריגט און געשלאָגען.

צום סוף האָט ער בעשלאָסען צו מאכען א ענד און זיך מיט איהר פונאנדערגעהן אונטער אלע אומשטענדען. ער האָט פער־קויפט אלע בילדער, געליהען געלד ביי אלע זיינע פריינד און אויף אזא אופן צוזאמענגעבראכט צוואנציג טויזענד פראנק — ער איז נאָך געווען וויניג בעקאנט — און איין מאָל אין א פריהמאָרגען

האָט ער דאָס געלד איבערגעלאָזט אויף'ן קאמיז און איז אַלייז אוועק אָהן אַ אַבשיעד־בריעף.

ער איז אַנטלאָפען צו מיר.

אַ זייגער דריי נאָכמיטאָג האָט מען אָנגעקלונגען, איך האָב געעפענט, אַ פרוי האָט מיר אַ שפּרונג געטהאָן אַנטקעגען און זיך אריינגעריסען אין מיין אַטעליער. דאָס איז געוועז זי.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, ווען ער האָט זי דערזעהן אריינ־קומענדיג.

מיט אַ גרויסאַרטיגער בעוועגונג האָט זי איהם אַ וואָרף גע־טהאָן דעם קאָנווערט, אין וועלכען עס איז געלעגען דאָס געלד, צו די פיס און געזאָגט קורץ:

— דאָ איז דיין געלד. איך דאַנק דיר דערפאַר.

זי איז געוועזן טויט־בלייך, האָט געציטערט און געשיינט צו זיין בערייט אויף אַלעס. איך האָב אָבער בעמערקט, אַז אויך ער איז בלייך פאַר כעס און פאַרצווייפלונג און אַז ער איז פעסט ענטשלאָ־סען ניט נאָכצוגעבען.

ער האָט געפרעגט:

— וואָס ווילסטו?

זי האָט געענטפערט:

— איך וויל ניט בעהאַנדעלט ווערען ווי אַ אויסגעלאַסענע פרוי. דו האָסט מיר צוגעזאָגט כל הגליקען, דו האָסט מיך פער־פיהרט, איך האָב פון דיר קיין זאַך ניט פערלאַנגט. איצט מוזטו זיך מיט מיר האַלטען.

ער האָט אַ טופּע געטהאָן מיט'ן פוס:

— ניין, דאָס איז שוין צופיעל, דו דענקסט אַז מיט געוואַלד....

— איך האָב איהם אָנגענומען פאַר'ן אָרעם:

— שווייג, האַנס. לאָז מיר זיך מיט איהר דורכרעדען.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהר און לאַנגזאַם און שטיל גענומען איהר ערקלעהרען אַלע גרינדע, צוליעב וועלכע זיי מוזען זיך שיי־דען. זי האָט מיך אויסגעהערט אונבעוועגליך, מיט שטאַרע אויגען און שטום.

ווען איך האָב שוין ניט געוואוסט מעהר, וואָס איהר צו זאָגען

און איך האָב געזעהן, אַז די מעשה וועט האָבען אַ שלעכטען סוף, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט פאַר דאָס לעצטע מיטעל און געזאָגט:

—ער האָט דיך נאָך אימער ליעב, אָבער זיין פאַמיליע וויל איהם חתונה מאַכען, פאַרשטעהסטו שוין?

— אַך אַזוי, אַזוי, איצט פערשטעה איך ערשט וואָס דאָ טהוט זיך!

און זי האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צו איהם:

— דו ווילסט... הייראַטען?

ער האָט געענטפערט רוהיג:

— יאָ.

זי האָט אַ טראָט געטהאָן צו איהם:

— ווען דו הייראַטסט, דאַן טויט איך זיך. דו הערסט?

ער האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און געענטפערט:

— גוט, קענסט זיך טויטען.

זי האָט עפּעס גענומען שטאַמלען עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד מיט אַ פערשטיקטען קול, שרעקליך פערצווייפעלט:

— וואָס זאָגסטו?! וואָס זאָגסטו? וואָס זאָגסטו? זאָג עס נאָך אַמאָל.

ער האָט געזאָגט:

— נו, קענסט זיך טויטען, אויב דאָס געפעהלט דיר.

זי איז געוואָרען שרעקליך בלייך און האָט געענטפערט:

— רייץ מיך ניט, אַז ניט וואַרף איך זיך פון פענסטער ארויס.

ער האָט זיך צולאַכט, איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, איהם געעפענט, זיך פערנוויגט, ווי ער וואָלט אימעצען געלאָזט ארויסגעהן אפריהער פון טיר:

— נעה, זיי מוחל, גור נעגאַנגען!

אַ מאָמענט האָט זי איהם אָנגעקוקט פערצווייפעלט, מיט שטאַרע מורא'דיגע אויגען, דאַן האָט זי זיך אַ לאָז געטהאָן פאַרביי מיר און איהם, האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף'ן פענסטער און איז פערשוואונדען.

איך וועל קיין מאָל ניט פערגעסען דעם איינדרוק, וואָס דער דאָזיגער אָפענער פענסטער האָט אויף מיר געמאַכט נאָכדעם, ווי

זי האָט זיך דורך איהם ארויסגעוואָרפען. איין אויגענבליק האָט ער מיר זיך אויסגעוויזען גרויס ווי דער הימעל און ליידיג, ווי דער גאנצער האָריזאָנט. אינסטינקטיוו בין איך אָבגעשפּרונגען צוריק, איך האָב ניט געוואגט ארונטערצוקוקען, ווי איך וואָלט מורא גע־האט אז איך וועל אליין ארונטערשטירצען.

האנס איז געשטאנען פערצווייפעלט און האָט זיך ניט גע־ריהרט.

מען האָט ארויפגעבראכט דאָס אָרימע מיידעל. זי האָט זיך ביידע פיס צובראָכען, זייט דעם האָט זי מעהר קיין מאָל ניט גע־קענט געהן. איהר געליעבטער, משוגע פון געוויסענס־ביסען, און אפשר אויך געריהרט פון איהר ליעבע, האָט מיט איהר געהייראט.

— אָט דאָס, ליעבער פריינד, איז די געשיכטע.

עס איז געוואָרען נאכט, דער יונגער פרוי איז הפנים געוואָרען קאלט, זי האָט געוואָלט אהיים, און דער דיענער האָט גענומען שטור־פען דעם קראנקען וועגעל צום דאָרף צו. דער מאהלער האָט גע־טראָטען נעבען זיין פרוי, און זיי ביידע זיינען געווען שטיל, פער־טראכט און האָבען זייט אַ שטונדע ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.



# דער טייפעל

דער פויער איז געשטאנען אויסגעצויגען פאר דעם דאָק־טאָר נעבען בעט פון דער גוססער. די אַלטע, נאָך ביים פולען בעוואוסטזיין, האָט רוהיג און שטיל אָנגעקוקטביידע מענער און זיך צוגעהערט, וואָס זיי רעדען. זי האָט געהאלטען ביים שטארבען און האָט זיך שוין מעהר נישט געוועהרט געגען דעם. איהר צייט איז אויסגעגאנגען. זי איז געווען צוויי און נייג־ציג יאָהר אַלט.

דורך דאָס פענסטער און דער אָפענער טיר האָט ארייגגע־שטראהלט די ווארימע יולי־זון און געוואָרפען איהר שיין אויף דער ברוינער, קרומער ליימענער פאָדלאָגע, אויף וועלכער פיער דורות פויערים האָבען מיט זייערע הילצערנע שיך געטראָטען. דער וואַ־רימער ווינד האָט פון פעלד פארטראָגען כל המינים ריחות פון גראָז, בלעטער, תבואה. אין דער העלער לאנדשאפט האָט זיך געטראָגען דאָס צוויטשערן פון פייגעלאך.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט מיט א שטרענגען טאָן:

— האָנאָרע, איהר קענט אייער מוטער ניט לאָזען אַליין אין אזא צושטאנד, זי קען יעדע מינוט שטארבען.

אָבער דער פויער האָט געענטפערט פערצווייפעלט:

— איך מוז דאָך אָבער מיין תבואה אראָבנעהמען פון׳ם פעלד, עס ליגט שוין צו לאנג אין דרויסען, איצט האָבען מיר גראָד שעהן וועטער. וואָס זאָגסטו, מוטער?

און די גוססע, נאָך ניט פריי פון דער נאָרמאנישער גייציג־קייט, האָט א מאך געטהאָן מיט די אויגען און מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ, איהר זוהן זאָל זיך רוהיג אראָבנעהמען זיין תבואה פון׳ם פעלד און זאָל זי לאָזען שטארבען איינע אַליין.

אָבער דער דאָקטאָר איז בייז געוואָרען און א טופּע געטהאָן מיט'ן פוס.

— דאָס איז ווילד און איך וועל אזא זאַך ניט דולדען, איהר פארשטעהט וואָס איך רעד צו אייך? אויב איהר ווילט אונבע־דינגט היינט אריינגנעהמען אייער תבואה, דאן דינגט די אלטע ראפּעט און זאָל זי זיצען נעבען אייער מוטער. איך פאָדער פון אייך, איהר זאָלט עס טהאָן, איהר הערט, און טאָמער וועט איהר מיך ניט פאָלגען וועל איך אייך, ווען איהר וועט אמאָל קראנק ווערען, לאָזען קראפּירען ווי א הונד...

דער פויער, א הויכער, מאָגערער מאַן, מיט לאנגזאמע באַ־וועגונגען, איז געוואָרען צומישט. די מורא פאר'ן דאָקטאָר און דער ברענענדער פערלאנג צו שפּאָרען געלד האָבען אין איהם גע־נומען קעמפּפען, ער האָט א ווייל געטראכט, גערעכענט, דאן האָט ער אויסגעשטאמעלט:

— וואָס קריעגט דען די ראפּעט געוועהנליך פאר איהר מיה?

דער דאָקטאָר האָט א געשריי געטהאָן:

— דאָס איז ניט מיין זאַך, געהט און בעדינגט זיך מיט איהר. צום טייפעל, דאָס וועט זיך ווענדען אָן דעם ווי לאנג איהר וועט זי געברויכען. אָבער אין א שעה ארום מוז זי זיין דאָ — איהר פערשטעהט?

און דערזעהן, אז ער וועט דאָ גאָרנישט מאכען, האָט זיך דער מאַן ענטשלאָסען:

— איך געה שוין! איך געה, זייט נור ניט אזוי אין כעס, הערר דאָקטאָר.

און דער דאָקטאָר איז אוועק אויסרופענדיג:

— געדענקט־זשע, ווארום אז איך וועל אויף א'ן אמת בייז ווערען וועט זיין אז אַך און וועה צו אייך.

געבליעבען אליין, האָט זיך דער פויער א קעהר געטהאָן צו דער מוטער און געזאָגט מיט א רחמנות'דיגען קול:

— איך געה רופען די ראפּעט, ווייל דער דאָקטאָר וויל אזוי. שטארב נור ניט אוועק ביז איך וועל קומען צוריק.

און ער האָט פערלאָזען דאָס הויז.

די ראַפּעט, אַן אַלטע פּרעסערקע, איז געווען די וועכטערין פון אַלע קראַנקע און טויטע אין איהר דאָרף און אַרום. און נאָכדעם ווי זי האָט אָנגעטהאָן איהרע קונדען די אייבּיגע קליידער איז זי צוריק צו איהרע פּרעס־אייזענס געגאַנגען, מיט וועלכע זי האָט די וועש פאַר די לעבּעדיגע געפּרעסט. זי איז געווען צוקנייטשט און איינגעשפּרומפּען ווי אַ'ן אַלטע עפּעל, פאַרביסען, אייפערזיכ־טיג און גייציג. זי איז געגאַנגען איינגעהויקערט, אַזוי ווי דאָס שטענדיגע באַוועגען אַהין און צוריק מיט'ן פּרעס אייזען וואָלט זי אין מיטען איבּערגעבּראָכען. דער טויט איז געווען איהרער אַ'ן אַלטער, גוטער בּעקאַנטער. זי האָט קיינמאָל פון קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט, ווי נור פון די מענשען וואָס זיינען געשטאָרבּען פאַר איהרע אויגען, פון די פערשיעדענע אַרטען פון טויט, וועלכע זי האָט בּייגעוואָהנט, און זי האָט נאָכאַנאַנד דערצעהלט אַלע די איי־גענע מעשות מיט אַלע איינצעלהייטען, ווי דער יעגער זיינע יאַגד־געשיכטען.

ווען האָנאָרע בּאָנטעמפּס איז אַריין צו איהר אין שטוב, האָט ער זי געפונען בּלויענדיג וועש. ער האָט געזאָגט:

— אַ גוטינקען אָבענד אייך. ווי געהט עס, מוטער ראַפּעט ?

זי האָט אַ קעהר געטהאָן דעם קאָפּ צו איהם:

— גאַנץ גוט, גאַנץ גוט. און ווי געהט עס אייך ?

— נו, מיר וואָלט שוין געגאַנגען גוט, אָבּער דער מוטער געהט עס שלעכט.

— אייער מוטער ?

— יאַ, מיין מוטער.

— וואָס איז דען דער מעהר מיט אייער מוטער ?

— עך, זי וועט שוין לאַנג ניט ציהען.

די אַלטע פרוי האָט אַרויסגעצויגען איהרע הענד פון'ם וואַ־סער און די בּלויע דורכזיכטיגע טראָפּענס האָבּען געקאַפּעט פון זיי אין צעבּער אַריין.

זי האָט געפרעגט:

— איז זי דען אַזוי קראַנק ?

— דער דאָקטאָר רעכענט, אז זי וועט ניט דערציהען ביז מאָר־גען.

— אויב אזוי מוז זי האלטען גאנץ שמאָל.

האָנאָרע האָט א ווײַלע געטראכט, ער האָט זיך געוואָלט פאַר־בערייטען צו דעם פאָרשלאָג, וואָס ער האָט איהר געוואָלט מאכען. ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי אזוי מען נעהמט זיך דערצו און האָט צום סוף ארויסגערעדט:

— נו, וואָס א שטייגער, וואָלט איהר פערלאנגען, ווען איהר זאָלט ביז צום סוף ביי איהר וואכען ? איהר ווייסט, מיר זיינען ניט קיין גבירים, איך קען האלטען נור איין ארבייטערין און דאָס האָט פון דער מוטער א תל געמאכט, זי האָט צופיעל געהאָרעוועט, צופיעל געפראצעוועט. זי האָט געארבייט פאר צעהן, טראָץ איה־רע צוויי און נייגציג יאָהר. אזא פרוי ווי זי איז היינטיגע צייטען שוין גאָרנישט צו געפינען.

די ראפעט האָט געענטפערט ערנסט :

— איך האָב צוויי פרייזען : צוויי פראנק א טאָג און דריי די נאכט פאר די רייכע ; און ביי די אָרימע לייט פערלאנג איך איין פראנק א טאָג און צוויי די נאכט. איהר קענט זיך אויס־קלייבען וועלכען פרייז איהר ווילט.

דער בויער האָט זיך מישב געווען. ער האָט געקענט זיין מוטער און געוואוסט, ווי קרעפטיג, ווי שטארק און ווידערשטאנדס־פעהיג זי איז געווען, זי קען נאָך אוועקזשיפען אכט טאָג טראָץ דער פערזיכערונג פון דעם דאָקטאָר, און ער האָט געזאָגט ענטשלאָסען :

— איך וואָלט בעסער וועלען איהר זאָלט מאכען איין פרייז, אָנולנע ביז׳ן סוף. מיר ביידע נעהמען אויף זיך גלייכע ריזיקע. דער דאָקטאָר זאָגט, זי שטארבט באלד ; אויב ער האָט רעכט, דאן איז אייער גליק און איך האָב זיך אָפגענארט, טאָמער אָבער בלייבט זי לעבען ביז מאָרגען אָדער נאָך לענגער, דאן איז מיין גליק און איהר האָט זיך אָבגענארט.

די וועכטערין האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט. זי האָט נאָך קיין מאָל ניט געמאכט מיט׳ן טויט אזא מין געשעפט. זי האָט זיך ניט געקענט גלייך בעשליסען צוליעב דער ריזיקע וואָס זי

נעהמט דאָ אויף זיך. דאַן איז איהר איינגעפאַלען, אַז דער פּויער וויל איהר אַריינגנאַרען און זי האָט געזאָגט:

— איך קען אייך גאָרנישט זאָגען, ביז איך האָב ניט געזעהן אייער מוטער.

— קומט מיט מיר און קוקט זי אָן.

זי האָט זיך אָבגעוואַשט די הענד און איז גלייך אַוועק נאָך איהם.

אויף'ן וועג האָבען זיי ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. זי איז געגאַנגען אין איילעניש און ער האָט געטראָטען מיט זיינע לאַנגע פיס, ווי ער וואָלט מיט יעדען טריט איבער א טייך אַריבערגע־שפּרייזט.

די קיה, וועלכע זיינען געלעגען אויף'ן פעלד אין דער ברענענ־דיגער היץ, האָבען פויל אויפגעהויבען זייערע קעפּ און אַרויסגע־לאָזען אַ שוואַכען „מו־ו־ו!“ אַנטקעגען דיביידע פאַרבייגעהער.

און צוגעקומען ניט ווייט פון הויז, האָט האָנאָרע באַנטעמפּס אַרויסגעפליסטערט:

— עס קען זיין, אַז זי איז שוין דאָרטען גאָר אויסגעגאַנגען!

און פון דעם טאָן, מיט וועלכען ער האָט עס געזאָגט, האָט אַרויסגעקלונגען דער וואונש, אַז הלואי זאָל עס אַזוי זיין.

אָבער די אַלטע האָט נאָך אפילו אין זינען ניט געהאַט צו שטאַרבען. זי איז געלעגען אויף'ן רוקען, אויף איהר שטרויענעם סיעניק, צוגעדעקט מיט אַ פאַרביגער דעקע, איבער וועלכער עס זיינען געווען צוזאַמענגעלייגט איהרע הענד, שרעקליך אויסגע־דאַרטע און צוקרימטע פון פּראַצע און ראַוומאַטיזמוס.

די ראַפּעט איז צוגעגאַנגען צום בעט און בעטראַכט די גוססע. זי האָט איהר געטאַפּט דעם פּולס, די ברוסט, זיך צוגעהערט צו איהר אָטהעם און זי אויסגעפרעגט אום צו הערען ווי זי רעדט. דאַן האָט זי איהר נאָך אַ ווייל בעטראַכט און איז אַרויס אין פירהויז, בע־גלייט פון האָנאָרע. זי איז געקומען צו דעם בעשלוס, אַז די אַלטע וועט די נאַכט ניט איבערלעבען.

ער האָט געפרעגט:

— נו?

די וועכטערין האָט געענטפערט:

— נו, צוויי טעג וועט זי נאָך ציהען און אפשר דריי. גיט מיר זעקס פראנק און מיר מאכען דעם עסק.

ער האָט אויסגערופען:

— זעקס פראנק! זעקס פראנק! איהר זייט הפנים פון זינען ארונטער! איך זאָג אייך: עס געדויערט ניט מעהר ווי פינף אָדער זעקס שטונדען, מעהר וועט זי זיכער נים ציהען!

אוןביידע האָבען זיך א לאַנגע צייט געהאמפּערט, געדונגען און זיינען געוואָרען אויסער זיך פאַר כעס. און ווען די וועכטערין האָט געמאכט אַן אָנשטעל, אז זי וויל אוועקגעהן און ער האָט איינגעזעהן אז די תבואה וועט אָהן איהם פון פעלד ניט אראָב, איז ער צום סוף מרוצה געוואָרען:

— גוט, אָבגעמאכט, זעקס פראנק. אָבער איהר מוזט איהר אויך טהאָן איהר רעכט נאָכ'ן טויט...

— צופריעדען, זעקס פראנק.

מיט לאַנגע טריט איז ער אוועק צו זיין תבואה, וואָס איז געלעגען אויפ'ן פעלד אונטער דער הייסער זון.

די וועכטערין איז אריין אין הויז.

זי האָט מיט זיך מיט געבראכט א האנד־ארבייט, ווייל, וואָכענדיג ביי די טויטע אָדער גוססע, איז זי געוועהנט געווען צו ארבייטען סיי פיר זיך אליין סיי פאר דער פאַמיליע, ביי וועלכער זי איז געווען בעשעפטיגט. די דאָזיגע זייטיגע ארבייט האָט איהר געוועהנליך אויך עפּעס אריינגעבראכט.

פלוצים האָט זי געפרעגט:

— זאָגט מיר אָקאָרשט, מוטער באָנטעמפּס, האָט איהר שוין ווידוי געזאָגט?

די פויערטע האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און די ראַפּעט, וועלכע איז געווען זעהר פרום, האָט זיך גלייך א הויב געטהאָן:

— גאָט אין הימעל, איז דאָס מעגליך? דאן לויף איך שנעל רופען דעם פריסטער.

און זי האָט זיך געלאָזט לויפען צום פריסטערס הויז מיט אזא

שנעלקייט אז ווען די אינגלאך, וועלכע האבען זיך אין דרויסען גע־שפיעלט, האבען זי דערזעהן אזוי לויפענדיג, זיינען זיי אויפגע־שפרונגען צושראָקענע, דענקענדיג, אז עפּעס א׳ן אונגליק איז גע־שעהן.

דער פּריסטער איז גלייך געקומען אין זיינע פּריסטערליכע קליידער אָנגעטהאָן, דער כאָר־אינגעל איז געלאָפּען פאראויס, קלינ־גענדיג מיט זיין גלעקעלע אום אויף די הייסע, שטילע פעלדער אָנצוזאָגען, אז זיין הערר קומט. מענער וועלכע האבען געארבייט ניט ווייט, האבען ארונטערגענומען זייערע גרויסע היט און זיינען געבליעבען שטעהן אונבעוועגליך, ווארטענדיג ביז וואנען דעם פּריסטערס ווייסע קליידער זיינען הינטער דעם נעכסטען הויף פער־שוואונדען. די פרויען, וועלכע האבען צוזאמענגעבונדען די סנאָ־פּעס, האבען זיך אויפגעהויבען און גע׳צלמ׳ט. שווארצע היהנער האבען זיך צושראָקען געלאָזט לויפען ארום די גריבער ביז זיי זיי־נען צוגעקומען צו עפּעס א לאָך, פון וואנען זיי האבען זיך געקענט אָבטראָגען אויף׳ן צווייטען זייט פעלד, א זשערעבטשיק, וועלכער איז געווען אָנגעבונדען אויף א לאָנקע, האָט זיך דערשראָקען פאר די היילינע קליידער און גענומען שפּרינגען ארום זיין שטריק, קלאָ־פּענדיג מיט די הינטערשטע פיס. דער כאָר־אינגעל אין א רויטען ראָק איז געגאנגען שנעל און דער פּריסטער איז איהם נאָכגעגאנגען מיט א׳ן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ אונטער דעם פיער־קאנטיגען היטעל און האָט געפּליסטערט תפילות. הינטער זיי איז געגאנגען די ראפּעט צוזאמענגעדרעהט אין דרייען, איינגעהויקערט ווי זי וואָלט זיך אויף יעדען טריט פאר אימעצען גענייגט. זי האָט גע־האלטען איהרע הענד צוזאמענגעלייגט ווי אין קירכע.

האנארע האָט זיי דערזעהן פון ווייטען פארבייגעהענדיג. ער האָט געפרעגט:

— וואוהין געהט עפּעס דער פּריסטער?

זיין ארבייטער, וועלכער איז געווען קליגער פון איהם, האָט גענטפערט:

— ער געהט צו דיין מוטער, זי נעהמען אין גן־ערן.

דער פּויער האָט זיך ניט געוואונדערט:

— יאָ, דאָס קען זיין.
און ער האָט זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט.
די אַלטע באַנטעמפּס האָט אָבגעזאָגט איהר ווידוי און בעקומען די פערגעבונג פאר אַלע זינד. נאָך דער צערעמאָניע איז דער פּריסטער אַוועק צוריק אהיים און האָט איבערגעלאָזט ביידע פרויען אין דעם הייסען, אָנגעברענטען צימער.
דאן האָט די ראפּעט ווידער אָנגעקוקט די גוססע און זיך געפרעגט, ווי לאַנג זי קען נאָך אזוי ציהען.
עס איז געוואָרען פארנאכט, א קיהלער ווינטעל האָט פון צייט צו צייט אין צימער ארייגגעבלאָזען, דאָס בילד, וועלכעס איז מיט צוויי שפּילקעס געווען צוגעשלאָגען צו דער וואנד, האָט זיך באַוועגט אהין און אהער. די קורצע פאָרהאנגען ביים פענסטער, וועלכע זיינען אמאָל געווען ווייס און איצט געל און פול מיט פליעגען-פלעקען, האָבען אזוי שטארק געפלאטערט, אז עס האָט זיך אויסגעדאכט, זיי ווילען זיך אָברייסען און אוועקפליהען ערגעץ ווייט, ווייט, ווי די נשמה פון דער אַלטער.
זי איז געלעגען אונבעוועגליך מיט אָפענע אויגען און האָט קאנטיג גלייכגילטיג ערווארטעט דעם טויט, וועלכער איז געווען אזוי נאָהענט און האָט דאָך נאָך זיך געוויינערט צו איהר צוצוטרעטען. איהר קורצער אטהעם האָט זיך מיט א פייפען דורכגעריסען דורך דער פארשטיקטער האלז. באלד וועט אויך דאָס אויפהערען און דאן וועט אויף דער ערד זיין וועניגער מיט איין פרוי, איבער וועלכער קיינער וועט אפילו קיין טרעהר ניט ארויסלאָזען.
ווען עס איז געוואָרען נאכט, איז האנארע אהיים געקומען. ער איז צוגעגאנגען צום בעט און ווען ער האָט דערזעהן, אז זיין מוטער לעבט נאָך, האָט ער געפרעגט:
— וואָס מאכסטו ? — ווי ער האָט שטענדיג געפרעגט, ווען זי האָט זיך געפיהלט קראנק.
דאן האָט ער אוועקגעשיקט די ראפּעט אהיים, אָנזאָגענדיג איהר:
— אָבער מאָרגען פריה, פּונקט פינף, זאָלט איהר זיין דאָ.
זי האָט געענטפערט.

— מאָרגען פונקט פינף.

און ווי נור עס האָט געקומען גרויען אויף טאָג איז זי ווירק־ליך געקומען צוריק.

איידער ער איז אַוועק אין פעלד, האָט האנארע זיך אָנגעגע־סען מיט זופ, וואָס ער האָט אַליין אָבגעקאָכט. די וועכטערין האָט געפרעגט :

— נו, איז אייער מוטער שוין אויסגעגאנגען ?

ער האָט ביטרע א ווינק געטהאָן מיט די אויגען און געענט־פערט :

— זי פיהלט זיך א סך בעסער.

און ער איז אַוועק.

דאָ איז די ראפּעט געוואָרען אונגעדולדיג, זי איז צוגעגאנגען צו דער גוססער, וועלכע איז נאָך אַלץ געלעגען אין דעם זעלבען צו־שטאנד, שווער סאפּענדיג, מיט אָפענע אויגען און קראמפּפהאפט צוזאמענגעדריקטע הענד אויף דער דעקע.

דאן ערשט האָט די וועכטערין איינגעזעהן, אז זי קען נאָך אזוי אוועקציהען צוויי, פיער און אמאָל די גאנצע אכט טעג. און אויף איהר גייציגער נשמה איז אָנגעפאלען א אימה'דיגע מורא. זי איז געוואָרען אויפגעבראכט אויף דעם ביטרען פוקס, וועל־כער האָט זי אזוי אריינגענארט אין זאק אריין און אויף דער אלטער פרוי, וועלכע וויל בשום אופן ניט שטארבען...

דאָך האָט זי זיך גענומען צו איהר ארבייט און, איינעסענדיג זיך מיט די אויגען אין דעם צורונצעלטען פנים פון דער אלטער, האָט זי געוואכט און געווארט.

צום אָנבייסען איז האָנאָרע אהיים געקומען. ער האָט אויס־געזעהן צופריעדען, אויף זיין פנים האָט געשפּיעלט א שפּאָטישער שמייכעל, נאָך'ן עסען איז ער ווידער אַוועק. איין זאך איז געווען זיכער : זיין תבואה האָט ער אריינגענומען אין שייער אריין שנע־לער און לייכטער ווי ווען עס איז.

די ראפּעט איז געווען אויסער זיך. איהר האָט זיך אויסגע־וויזען, אז יעדע מינוט, וואָס געהט אַוועק, גנב'עט ביי איהר אי צייט, אי געלד. און א ווילדע לוסט האָט זי אָנגעכאפּט, אָנצונעה־

מען די אַלטע שטיק קלאָץ ביים גאָרגעל און דעם קורצען, שווערען אָטהעם מיט איין פּעסטען דריק צו דערשטיקען.

נור די מורא פאַר דער געפאהר האָט זי אָבגעהאַלטען און זי איז געפאַלען אויף אַן אַנדער פּלאַן. זי איז צוגעגאַנגען צום בעט און געפרעגט :

— האָט איהר שוין געזעהן דעם טייפעל ?

די אַלטע באַנטעמפּס האָט אויסגעמורמעלט :

— ניי־ן !

דאָ האָט זיך די וועכטערין צורעדט, גענומען איהר דערצעה־לען געשיכטען, וועלכע האָבען ארויפגעיאָגט אַ'ן אימה אויף דעם שוואַכען גייסט פון דער גוססער.

זי האָט איהר געזאָגט, אַז צו יעדען מענשען בעווייזט זיך דער טייפעל אַ פּאָאַר מינוטען פאַר זיין טויט. אַזוי געהט עס שוין מיט אַלע גוססע, דער טייפעל בעוויזט זיך צו זיי מיט אַ בעזים אין האַנד, אַ קעסעל אויף'ן קאָפּ און דערביי ברומט ער, אַז עס איז אַ מורא צו הערען. קוים האָט מען איהם געזעהן, דאַן איז אַלעס אויס, דאַן זיינען נור פאַרבליעבען אַ פּאָאַר מינוטען צום לעבען.

און זי האָט גענומען אויסרעכענען אַלע קראַנקע, צו וועלכע דער טייפעל האָט זיך בעוויזען אין איהר געגענוואַרט אין פערלויף פון לעצטען יאָהר : יאָזעפינע לאַיזאַל, עָילאַליא רייטער, סאָפיע פּאָדאָגנאַן, סעראַפינע גראָספּיעד.

די אַלטע באַנטעמפּס איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט. זי האָט זיך גענומען וואַרפען אַהין און צוריק, האָט געפּעפּנט און צו־געמאַכט די הענד און זיך געמאַטערט אויפצוהויבען דעם קאָפּ, אום צו זעהן, וואָס עס טהוט זיך אין צימער.

פּלוצים איז די ראַפּעט פערשוואונדען פון איהר פּלאַץ נעבען בעט. זי האָט ארויסגענומען פון שאַפע אַ פּאַטשיילע און עס ארויפ־געוואָרפען אויף זיך, אויף'ן קאָפּ האָט זי אָנגעטהאָן אַ קעסעל מיט דריי קורצע, קרומע פיס, וואָס האָבען ווי הערנער אויסגעזעהן, אין דער רעכטער האַנד גענומען אַ בעזים, אין דער לינקער אַ בלעכענעם עמער, וועלכען זי האָט אַ וואָרף געטהאָן הויך אין לופטען, אום ער זאָל מאַכען אַ גרויסען ליאַרעם ביים פּאַלען.

און ווען דער עמער איז געפאלען אויף דער ערד מיט א מורא־דיגען גערויש, איז די וועכטערין אויף א שטול ארויפגעקראכען, האט פארנאנדערגערוקט די פארהאנגען, וואס זיינען געהאנגען צו־פוסען פון בעט און גענומען סטראשען די גוססע פויערטע מיט'ן בעזים, ווי דער טייפעל אויף'ן יריד אין קאספערל־טהעאטער.

די גוססע האט געווארפען ארום זיך א פערצווייפעלטען, צו־שראקענעם בליק און אנוועגדענדיג איבער מענשליכע קרעפטען האט זי געזוכט זיך אויפצוהויבען און אנטלויפען. זי האט זיך ארויסגעריסען מיט די שולטערן און דער ברוסט פון אונטער דער דעקע. גלייך אבער איז זי צוריק אויף'ן קישען געפאלען, פון איהר ברוסט האט זיך ארויסגעריסען א שווערער זיפץ און אלעס איז גע־ווען אויס...

די ראפעט האט רוהיג צוריק אוועקגעשטעלט די אלע זאכען אויף זייער פריהערדיגען פלאץ, דעם בעזים נעבען שאפע, די פא־טשיילע אינעווייניג, האט אוועקגעשטעלט דעם קעסעל אויף'ן אוי־ווען, דעם עמער אויף'ן באנק אין קיך און דעם שטול נעבען וואנד. דאן האט זי געשעפטסמעסיג צוגעמאכט דער טויטער די צושראַ־קענע, ווייט אויפגעריסענע אויגען, האט אוועקגעשטעלט נעבען בעט א טעלער, אריינגעגאסען אהין פון א קריעגעל הייליגע וואסער און אריינגעלייגט דעם צווייג, וואס איז געווען אנגעשלאגען איבער דער קאמאדע. דאן האט זי געקניעט נעבען בעט און גענומען זא־גען מיט היץ תפילות פיר דער טויטער'ס נשמה.

און ווען האנארע איז אין אבענד אהיים געקומען, האט ער זי נאך געפונען בעטענדיג. באלד האט ער בארעכענט ביי זיך אין די געדאנקען, אז פון דעם עסק האט זי פראפיטירט א גאנצען פראנק, ווארים זי האט אין גאנצען געוואכט נור דריי טעג און איין נאכט, וואס מאכט אויס בלויז פינף פראנק און ער האט דערזעהן, אז ער האט זיך אבגענארט.



# א זוהן

יידע אַלטע פריינד זיינען געגאנגען שפּאַציערען אין דעם בליהענדען גאַרטען, וועלכען דער פריהלינג האָט מיט זיין לאַכעדיגער שענקייט בעלעבט.

איינער איז געווען א סענאַטאָר, דער אַנ־דערער א מיטגליעד פון דער אקאדעמיע, ביידע געזעצטע לאַגישע מענשען, מענער פון בעדייטונג און מיט גרויסע נעמען.

צוערשט האָבען זיי א ווײַלע געפּלוידערט איבער פּאָליטיק, האָבען אויסגעדריקט זייערע מיינונגען, ניט אזוי איבער די פּאָלי־טישע פראַגען, ווי איבער די מענשען. וואָרים אין דער פּאָליטיק קומען צוערשט די מענשען, וואָס מאַכען פּאָליטיק. דאַן האָבען זיי אָבגעפרישט אַלטע עראינערונגען. צום סוף זיינען זיי אנשוויינגען געוואָרען און געגאַנגען שטיל זייט ביי זייט, אביסעלע פערמאַטערט פון דער וואַרימער לופט.

א גרויסע בעיט האָט געשטראָהמט מיט זיסע ריחות. א מאַסע בלומען פון אַלע סאָרטען און קאָלירען האָבען אויסגעמישט זייער דופט מיט דעם הויך פון׳ם ווינד, וועהרענד א בעבעל־בוים, מיט געלע בליטהען בעדעקט, האָט א דינעם שטויב אויף׳ן ווינד גע־לאָזט, ווי א סאָרט גאָלדיגען רויך, וואָס האָט געשמעקט מיט האָניג און די לופט אָנגעפילט ווי מיט א דופטענדיגער פּודרע...

דער סענאַטאָר איז געבליעבען שטעהן, האָט איינגעאטהעמט אין זיך דעם געשמאַקען, פּרוכטבאַרען שטויב, וועלכער האָט זיך נעטראָגען אין דער לופט, בעטראַכט דעם בוים, וועלכער האָט גע־לויכטען ווי די זונן פון די פיעל בליטהען, געקוקט ווי זיינע זוימען פליהען אוועק מיט׳ן ווינד און געזאָגט :

ווען מען טהוט א טראכט, אז די דאָזיגע קליינע אטאָמען. וועלכע שמעקען אזוי שען, וועלען פּילייכט הונדערטער מייל ווייט פון דאַנען שאַפען נייע לעבענס, אז זיי וועלען בעפרוכטען ווייבליכע בוימער און דאן ווידער ארויסברענגען נייע פלאַנצען מיט וואָרצ־לען ; גרויסע בוימער, וועלכע קומען ארויס, פונקט אזוי ווי מיר, פון איין קערנדעל, זיינען שטערבליך, פונקט אזוי ווי מיר, און ווע־רען פון אנדערע וועזענס פערביטען, ווידער אמאָל פונקט אזוי ווי מיר !

דערנאָך האָט דער אלטער סענאטאָר צוגעלעגט, וועהרענד ער האָט זיך אָבגעשטעלט פאר דעם שטראַהלענדיגען בוים, וואָס זיינע זיסע ריחות האָבען די גאַנצע לופט אָנגעפילט :

— הערט אויס, איהר אלטער היהנער־פּרעסער, ווען איהר זאָלט א בוך וועלען פיהרען פון אלע אייערע קינדער, וואָלט עס אייך אין גרויס פערלעגענהייט געבראכט. דער בוים דאָרט מאכט זיך לייכט און לאָזט זיי איבער אָהן שום געוויסענסביסע צו זייער שיקזאל ! ער קימערט זיך ניט מעהר וועגען זיי.

דער אקאדעמיקער האָט אריינגעוואָרפען :

— ליעבער פריינד, מיר טהוען אויך אזוי.

דער סענאטאָר האָט ווידער אָנגעהויבען :

— יאָ, איך וויל דאָס ניט אָבלייקענען. מאנכעס מאָל לאָזען מיר זיי איבער צו זייער שיקזאל, אָבער ווייניגסטענס ווייסען מיר דאָס און אין דעם אונטערשיידען מיר זיך.

דער אנדערער האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ :

— ניין, נישט דאָס בין איך אויסען געווען. זעהט איהר, ליעבער פריינד, עס איז זעלטען צו געפינען א מאַן, וואָס זאָל ניט האָבען קיין קינדער, פון וועמענס עקזיסטענץ ער האָט אפילו קיין אהנונג ניט ; וואָס מען רופט „קינדער אָהן א טאטען", וועלכע ער האָט פונקט אזוי געשאפען, ווי דער דאָזיגער בוים בעשאפט זיי, כמעט אָהן זיין וויסען.

איך גלויב, אז ווען מיר זאָלען פיהרען א בוך איבער אלע פרויען, וועלכע מיר האָבען אמאָל אין אונזער לעבען בעזעסען, וואָלט עס אונז אין גרויס פערלעגענהייט געבראכט, פונקט אזוי

ווי דעם דאָזיגען בעבעל־בוים, וועלכען איהר האָט ערשט געבאָ־רען אלס ביישפיעל, וואָלט אָנגעקומען שווער, ווען ער זאָל זיינע פרוכ־טען וועלען איבערצעהלען.

ווען מיר טהוען א רעכען די אלע צוזאמענטרעפענישען און בעציהונגען מיט פרויען, וואָס מיר האָבען געהאט פון אונזער אכ־צעהן יאָהריגען אלטער ביז אונזער פערציגסטען, אן ערך, און רע־כענען אריין אלע קורצע בעגעגענישען, וואָס האָט נור איין שעה גע־דויערט, דאן קאָן מען זיכער זאָגען, אז מיר האָבען געהאט נאָהנטע בעציהונגען מיט, לכל הפחות, א צוויי־דריי הונדערט פרויען.

אלזאָ, ליעבער פריינד, קאָנט איהר דען אויף זיכער וויסען אויב איהר האָט מיט דער אָדער מיט יענער פרוי ניט געהאט קיין קינד, און אויב ערגעץ־וואו אויף די גאסען אָדער אין געפענגנים וואלגערט זיך ניט א יונג, וועלכער איז אייערער א זוהן ? א זוהן, וועלכער בע'גנב'עט און בע'גזלט די אנשטענדיגע לייט ; די אנ־שטענדיגע לייט, דאָס הייסט — אונז ; אָדער אפשר א טאָכטער, וועלכע לעבט אין אן עפענטליך הייזעל, אָדער אויב זי האָט גע־האט דאָס גליק פון איהר מוטער אויפגעהאָדשוועט צו ווערען, אלס קעכין אין וועלכער ניט איז פאמיליע ?

היינט, אויסער דעם, דערמאָנט זיך אָקאָרשט, אז כמעט אלע פרויען, וועלכע מיר רופען „עפענטליכע מיידלאך“, האָבען איינס אָדער צוויי קינדער, וועמעס פאָטער זיי קענען ניט, קינדער, וועל־כע זיינען געקומען צופעליג פון אן אומארמונג פאר צעהן אָדער צוואנציג פראנק. אין יעדען בערוף איז דאָ פערלוסט און געווינס. די דאָזיגע קינדער זיינען דער פערלוסט. ווער איז דער פאָטער ? איהר ! איך ! מיר אלע ! די מענער, וועלכע מען רופט אנשטענ־דיגע לייט ! זיי, די קינדער, זיינען די פרוכט פון אונזערע לוס־טיגע הוליאנקעס, פון אונזערע פרעהליכע אבענדען, פון יענע שטונ־דען, ווען אונזער זינדיג פלייש טרייבט אונז זיך צו פאָארען מיט דער ערשטער בעסטער.

גנבים, וואגאבונדען, אלע אויסוואורפען זיינען אונזערע קינ־דער. און עס איז נאָך א גליק פאר אונז, וואָס מיר זיינען ניט זייערע קינדער, וואָרים די דאָזיגע באנדיטען ווערען אויך פאָטערס.

שטעלט זיך פאַר, איך אַליין האָב אַ זעהר מיאוסע געשיכטע אויף מיין געוויסען, וועלכע איך וועל אייך דערצעהלען. די דאָזיגע געשיכטע פערשאַפּט מיר שטענדיג געוויסענסביסע, נאָך מעהר ווי דאָס... זי קוועלט מיך, מאַטערט מיך און לאָזט מיך ניט רוהען...

ווען איך בין אַלט געווען פינף און צוואַנציג יאָהר, האָב איך מיט איינעם פון מיינע אַלטע פריינד — ער איז איצט אַ געהיימ־ראַטה — אונטערנומען אַ טור צו־פוס איבער ברעטאַן.

נאָך פיערצעהן אָדער צוואַנציג טעג אָנגעשטרענגטען גאַנג, ווען מיר האָבען שוין פיעלע פּלעצער בעזוכט, זיינען מיר אָנגע־קומען קיין דורנעץ. פון דאָרט אוים האָבען מיר אין איין טאָג ער־רייכט דעם ווילדען שפּיץ פון ראַץ אויף דעם טויטען טייך און עפּעס אין אַ דאָרף, וואָס ענדיגט זיך מיט אַ'ן „אָף“ איבערגענעכטיגט. אָבער אויף מאָרגען האָט זיך מיין פריינד דערפיהלט זעהר מיעד און צובראָכען און האָט געמוזט בלייבען אין'ם בעט. איך זאָג „בעט“ אוים אַלטער געוואָהנהייט, ווייל אין דער אמת'ן איז אונ־זער געלעגער בעשטאַנען פון צוויי בינטלאַך שטרוי.

דאָ איז נישט געווען קיין פּלאַץ קראַנק צו ווערען. איך האָב איהם דעריבער געצוואונגען אויפצושטעהן, און אַרום פיער אָדער פינף אַ זייגער נאָך מיטאָג זיינען מיר אָנגעקומען אין אודיערנע.

אויף'ן צווייטען טאָג איז איהם געוואָרען עטוואָס בעסער, און מיר האָבען זיך ווידער אַוועקגעלאָזט אין וועג אריין, אָבער אבי־סעל שפּעטער איז איהם אַזוי שלעכט געוואָרען, דאָס מיר האָבען מיט דער גרעסטער מיה זיך קוים דערשלעפּט צו פּאָנט־לאַבבע.

דאָ האָבען מיר כאָטש געפונען אַ גאַסט־הויז. מיין פריינד האָט זיך אַריינגעלעגט אין בעט און דער דאָקטאָר, וועלכען מיר האָבען געשיקט רופען פון קווימפּער, האָט ערקלעהרט, אַז דער קראַנקער האָט שטאַרקען פיעבער.

איז אייך בעקאַנט פּאָנט לאַבבע? ניין. גוט, דאָס איז אַלזאָ, די ברעטאַנישסטע שטאָדט פון גאַנץ ברעטאַן. פון דער דאָזיגער געגענד שטאַמען די מייסטע זיטטען, לעגענדעס און פיהרונגען פון די ברעטאָנען.

נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג האָט זיך דער דאָזיגער ווינקעל און

לאנד כמעט גאָרניט געענדערט. איך זאָג : ביז׳ן היינטיגען טאָג, וואָרים ליידער גיה איך יעדען יאָהר אהין !

אין א דונקעלען טייך באָרט אן אַלטער שלאָס דעם צופוסען פון זיינע טהורעמס, ארום וועלכע עס פלאטערן ווילדע פויגלען. דאָרט לויפט א שטראָם, איבער וועלכען מען קען אזש ביז צום שטאָדט ארונטערפאָהרען. און אין די ענגע גאסען מיט זייערע אַלטע הייזער טראָגען די מענער א גרויסען הוט, א געשטיקטע וועסט און פיער קאפטענס איינעם איבער׳ן אנדערן.

די מיידלאך זיינען גרויס, שען, בליהענד, די ברוסט אין א געוואנטענעם יאקעל איינגעדריקט, ווי אין א פאנצער און אזוי צו־זאמענגעשנורעוועט, דאָס מען קען זיך קוים מאכען א בעגריף פון דעם שטארקען, מיט געוואלט צוזאמענגעפרעסטען בוזים. זיי טראָ־גען עפּעס א מאָדנעם קאָפּ־בעפּוץ : צוויי קאָלירטע, אויסגענייטע בלעכלאך אויף די שלייפען רינגלען איין דעם פנים און האלטען צוזאמען די האָאָר, וועלכע פאלען פון הינטען ארונטער גאנץ גלאט, דאן ערשט ווערט עס ווידער פון אויבען אויף׳ן קאָפּ צוזאמענגע־נומען אונטער א גאנץ איינגענארטיגער הייבעל, וועלכע איז אָפט פון גאָלד אָדער זילבער געפלאָכטען.

דאָס דיענסט מיידעל אין אונזער גאסט־הויז איז געוועזן העכ־סטענס אכטצעהן יאָהר אלט. זי האָט געהאט בלאס־בלויע אויגען, פון וועלכע די שווארץ־אפּלען האָבען ווי שווארצע פונקטען ארויס־געקוקט. איהרע קורצע געדיכטע צייהן, וועלכע זי האָט שמייכ־לענדיג געהאלטען אין איין שצירען, האָבען געשיינט צו זיין שטארק גענוג שטיינער צומאָלען.

זי האָט ניט געקענט קיין איין וואָרט פראנצויזיש, און גע־רעדט נור ברעטאָניש, ווי די מעהרסטע פון איהרע לאנדסלייט.

מיין פריינד האָט זיך נאָך אַלץ נישט ערהאָלט און, הגם ער האָט ניט געהאט קיין בעזונדערע קראנקהייט, דאָך האָט דער דאָק־טאָר פערבאָטען די ווייטערדיגע רייזע און איהם געהייסען רוהען. איך בין דעם גאנצען טאָג געבליעבען מיט איהם. און דאָס מיידעל איז יעדע ווילע אריינגעקומען, דאָ פיר מיר עסען, דאָ פיר איהם א קיהלען געטראנק אריינגעבראכט.

איך האָב זיך מיט איהר אַביסעל גערייצט און דאָס האָט, קאָנ־טיג, איהר שפּאַס געמאַכט. אָבער גערעדט האָבען מיר איינער מיט׳ן אנדער׳ן ניט, וואָרים מיר האָבען זיך דאָך נישט פערשטאַנען.

און איין מאָל ביי נאַכט, ווען איך בין זיך פערזעסען גאַנץ שפּעט ביים קראַנקען, האָב איך געטראָפען דאָס מיידעל, בעת איך בין געגאַנגען צו מיר אין צימער. זי איז דאַן געגאַנגען צו זיך אין קעמערל.

עס האָט זיך געפונען פּונקט אַנטקעגען מיין אָפענער טיר. איך האָב זי פּלוצים אַ כאַפּ געטהאָן ביי דער טאַליע, ניט טראַכ־טענדיג וואָס אייגענטליך איך טהו, כמעט אויף שפּאַס, און איידער זי איז געקומען צו זיך פון איהר שרעק, האָב איך זי אין מיין צי־מער אריינגעשטופּט און די טיר צוגעשלאָסען. זי האָט מיך אָנ־געקוקט צושראָקען, אויסער זיך, און ניט געוואַגט צו שרייען אויס מורא פאַר אַ סקאַנדאַל און נאָך מעהר, הפנים, אויס מורא, אז דער האָטעל־בעזיצער זאָל זי נישט ארויסיאַגען, און אפשר נאָך אויס מורא פאַר איהר פאָטער אויך.

יאָ, לכתחילה האָב איך געמיינט נור אַ שפּאַס צו טהאָן מיט איהר. אָבער אזוי שנעל ווי זי איז געווען אין מיין צימער, האָט זיך אין מיר צוברענט אַ פערלאַנג זי צו בעזיצען. עס איז געווען אַ לאַנגער, שווייגענדיגער קאַמפּף, אַ קאַמפּף לייב אויף לייב, ווי צווישען אַטלעטען וואָס שטויסען זיך מיט זייערע אָרעמס, שטופּען זיך און ראַנגלען זיך, בענאָסען מיט שוויים און אָהן אַ אָטהעם. אָך, זי האָט זיך מוטהיג געווערט. אַלע ווייַלע האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אָן אַ שטיק מעבעל, אָן דער וואַנד, אָן אַ שטוהל און דערנאָך זיינען מיר אויף איין מאָמענט געבליעבען שטעהן אונבעװעגליך אויס מורא, אז דער ליארם זאָל עמיצען ניט אויפוועקען, און דערנאָך האָט זיך די פערביסענע שלאַכט צווישען אונז ווידער אָנגעהויבען, איך האָב אָנגעגריפען, זי האָט זיך פערטהיידיגט.

צום סוף איז זי געבליבען ליגען אויף דר׳ערד אָהן כוחות.

דאָ האָב איך זיך אויף איהר אַ וואָרף געטהאָן, זי האָט קיין כוחות ניט געהאט זיך צו וועהרען...

ווען זי איז ווידער אויפגעשטאַנען, האָט זי זיך אַ וואָרף גע־

טהאָן צו דער טיר, אויפגעריסען דעם ריגעל און איז אנטלאָפען.

נאָך דער דאָזיגער געשיכטע האָב איך זי ווייניג געזעהן. זי האָט מיר ניט געלאָזט צוגעהן נאָהענט צו זיך. דערנאָך, ווען מיין פריינד איז געזונד געוואָרען און מיר האָבען געוואָלט פאָרטזעצען אונזער טור, איז זי איין מאָל אין מיטען נאכט, פאר אונזער אָברייזען, אין איין העמד מיט באָרפוסע פיס צו מיר אין צימער געקומען.

זי האָט זיך מיר ארויפגעוואָרפען אויף'ן האלז, מיך ליידענשאפטליך ארומגענומען, געקושט מיך און געהאלזט, און געוויינט און געשלוכצעט ביז גרויסען טאָג. קורץ, זי האָט מיר ארויסגעוויזען אלע סמנים פון ליעבע און פערצווייפלונג, ווי עס קען נור ארויסווייזען א פרוי, וועלכע פערשטעהט ניט קיין איין וואָרט פון אונזער שפראך...

אכט טאָג שפעטער האָב איך אָן דער דאָזיגער גאנץ געוועהנליכער פאסירונג אין גאנצען פערגעסען. די האָטעל־מיידלאך זיינען דאָך געוועהנליך נור אויף דעם דאָ, אום די געסט אויף אזא אופן נוצליך צו זיין.

דרייסיג יאָהר לאנג האָב איך פון דער דאָזיגער פאסירונג ניט געטראכט און בין אין פאָנט־לאבבע מעהר ניט געווען.

און דאָ, גאנץ צופעליג, ווען איך האָב געמאכט א רייזע אין ברעטאָן, אין 1876, אום פיר מיין בוך געוויסע אויספאָרשונגען צו מאכען, בין איך אהין ווידער פערפאָהרען.

קיין זאך האָט זיך דאָרט ניט געענדערט. דער שלאָס האָט נאָך אלץ געשווענקט זיינע גרויע ווענד אין'ם טייך ביים אריינגאנג פון דער וויסטער שטאָדט. און דאָס גאסט־הויז איז נאָך אויך געווען פונקט דאָס אייגענע, הגם עטוואָס צוגעפוצט, ניי אויסגעפארבט און מיט כלומרשט מאָדערנע איינריכטונגען. ווען איך בין אריינגעקומען, בין איך אויפגענומען געוואָרען פון צוויי יונגע ברעטאָנקעס. יעדע פון זיי איז געווען פריש, שען, האָט אויסגעזעהן א יאָהר אכצעהן אלט און איז איינגעשנורעוועט געווען אין זייערע ענגע געוואנטענע יאקען, און האָט געטראָגען דעם זילבערנעם

הייבעל אויף'ן קאָפּ און די גרויסע, אויסגענייהטע בלעכלאַך אויף די אויערען.

עס איז געווען ארום זעקס א זייגער פארנאכט. איך האָב זיך געזעצט ביים טיש און אַזוי ווי דער בעל הבית אליין האָט זיך געגעבען די מיה מיר צו דערלאַנגען עסען, האָט מיך מיין בייזער שיקזאַל הפּנים געשטופּט צו פרעגען:

— האָט איהר געקאָנט דעם אמאָליגען בעזיצער פון דעם האָ־טעל? מיט א יאָהר דרייסיג צוריק בין איך דאָ אמאָל געווען און פערבראַכט אכט אָדער פערצעהן טעג. עס איז שוין לאַנג, לאַנג צוריק.

ער האָט געענטפערט:

— געוויס, דאָס זיינען געווען מיינע עלטערן.

דאָ האָב איך איהם דערצעהלט, וואָס עס האָט מיך דאַן אהער געבראַכט און ווי איך בין דורך דער קראַנקהייט פון מיין פריינד גע־צוואונגען געווען א לענגערע צייט צו פערבלייבען, ער האָט מיך ניט געלאָזט אויסרעדען:

— אָה, איך געדענק עס נאָך גאַנץ גענוי. איך בין דאַן אלט געווען א יאָהר פופצעהן, זעכצעהן, איהר האָט געוואָהנט אין דעם צימער, וואָס קומט אַרויס מיט די פענסטער אויף הינטען און אייער פריינד אין א'ן אנדערן מיט די פענסטער צו דער גאַס צו. יענעם צימער האָב איך איצט פאַר מיר אליין צוגענומען.

דאָ ערשט האָב איך זיך פּלוצים דערמאָנט אָן דאָס מיידעל און געפרעגט:

— געדענקט איהר נאָך אויך דאָס קליין, שען דיענסטמיידעל, וועלכע האָט דאַן געדיענט ביי אייער פאָטער? אויף ווי ווייט איך קאָן זיך דערמאָנען, האָט זי געהאַט בלויע אויגען און זעהר שעהנע צייהן?

ער האָט געזאָגט:

— יא, זי איז אין א קורצער צייט ארום געשטאָרבען פון א קינדבעט.

דאַן האָט ער אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף'ן הויף, וואו

א דארער, הינקעדיגער מענש האָט צונויפגעשארט מיסט אין א קופע, און צוגעלעגט:

— דאָס איז איהר זוהן.

איך האָב אָנגעהויבען צו לאַכען.

— נו, מען קען נישט זאָגען, שען איז ער נישט און צו זיין מוטער איז ער נישט עהנליך. ער האָט זיך איינגעגעבען אין זיין טאַטען מסתמא.

דער בעל הבית האָט געענטפערט:

— דאָס קאָן זיין. אָבער מען האָט קיין מאָל נישט געקענט דערגעהן, ווער דער פאָטער איז. זי איז געשטאָרבען נים אויסזאָגענדיג און דאָ האָט קיין מענש נים געוואוסט, אויב זי האָט געהאט א ליעבהאָבער. דאָס איז געווען אביסעל אָן איבערראשונג, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז זי איז אין אנדערע אומשטענדען. קיין מענש האָט עס נישט געוואָלט גלויבען.

איך האָב זיך גענומען פיהלען זעהר אונאנגענעהם, אויף'ן הארצען איז מיר שווער געוואָרען. און איך האָב זיך געשטעלט אָנקוקען דעם מאַן אויף'ן הויף. ער האָט נור וואָס געהאט אָנגעפאָמפט וואסער פאר די פערד און מיט גרויס אָנשטרענגונג, הינקענדיג, געטראָגען די צוויי עמער וואסער אין שטאָל אריין. ער איז געווען שרעקליך ארומגעריסען, האָט אויסגעזעהן זעהר שמוציג און האָט געהאט לאנגע, בלאָנדע האָאָר, וואָס איז אזוי פערברודיגט און פארלאָזען געווען, דאָס עס איז איהם, ווי א בינטעל שטריק אויף'ן פנים געפאלען.

דער בעל הבית האָט ווייטער גערעדט:

— דער יונג טויג צו קיין זאך נישט, מיר האַלטען איהם נור פאר רחמנות אין'ם האָטעל. ווען ער וואָלט ערצויגען געוואָרען, ווי אנדערע קינדער, וואָלט פון איהם אפשר עפּעס בעסערעס ארויס. אזוי אָבער: קיין פאָטער, קיין מוטער, קיין געלד. מיינע עלטערן האָבען אויף איהם רחמנות געהאט. אָבער איהר פערשטעהט דאך אליין, עס איז פאָרט נישט געווען זייער אייגען קינד.

איך האָב גאָרנישט געזאָגט.

איך האָב איבערגענעכטיגט אין מיין אמאָליגען צימער און

די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד האָב איך ניט אויפגעהערט צו טראַכ־
טען וועגען דעם שרעקליכען שטאָל־קנעכט און האָב געהאַלטען אין
איין טענה׳ן צו זיך אַליין : גאָט אין׳ם הימעל, ווען דאָס זאָל זיין
מיין זוהן ! זאָל עס מעגליך זיין, אַז איך האָב דאָס מיידעל גע־
טויטעט און אַזאַ בעשעפעניש אויף דער וועלט געבראַכט ? יאָ,
עס איז מעגליך !...

איך האָב זיך בעשלאָסען צו רעדען מיט׳ן מאַן, אום קלאָר צו
דערגעהן, ווען, אין וועלכער צייט ער איז געבאָרען געוואָרען. ווען
עס איז אַ׳ן אונטערשיעד אין איינע צוויי מאָנאַטען, דאַן בין איך
בעפרייט.

אויף׳ן צווייטען טאָג האָב איך איהם געלאָזט רופען. אָבער
ער האָט אויך ניט פערשטאַנען קיין פראַנצויזיש. אין אַלגעמיין
האָט ער געמאַכט אַ׳ן איינדרוק, ווי ער ווייסט גאָרנישט, ווי ער
וואָלט גאָר קיין אהנונג ניט געהאַט פון דעם, ווי אַלט ער איז, וועגען
וואָס איינע פון די מיידלאַך האָט איהם אין מיין נאָמען געפרעגט.
ער האָט זיך געהאַלטען, ווי אַ׳ן אידיאָט אין מיין געגענוואַרט, גע־
האַלטען אין איין דרעהען זיין הוט אהער און אהין מיט די שמוציגע
פינגער און געלאַכט תמ׳עוואַטע. און דאָס דאָזיגע לאַכען האָט
געהאַט עפּעס פון דער מוטער אין די ווינקלען פון׳ם מויל און אין
די אויגען.

דאַן איז דער בעל הבית געקומען און האָט געבראַכט דעם
געבורטשיין פון דעם אונגליקליכען. ער האָט דערזעהן די ליכטיגע
וועלט אַכט מאָנאַטען און זעקס און צוואַנציג טעג נאָך דעם, ווי
איך בין געוועזען אין פּאַנט־לאַבבע. איך האָב געוואוסט גאַנץ בע־
שטימט, אַז דעם 15טען אויגוסט בין איך אין לאַריענט אָנגעקומען.
אויף׳ן געבורטסשיין איז געשטאַנען „פּאַטער אונבעקאַנט״. די
מוטער האָט געהייסען : יאָהאַננאַ קעררעדעק.

דאָ האָט מיין הארץ גענומען האַסטיג קלאַפּען און אין האַלז
האָט מיך גענומען ווערגען. איך האָב ניט געקענט רעדען און איך
האָב אָנגעקוקט דאָס דאָזיגע בעשעפעניש, וואָס זיינע בלאָנדע
האָאָר איז געוועזען נאָך שמוציגער, ווי די מיסט פון די פערד דאָרט
אין דרויסען. און דער יונג, וועלכער האָט ניט געקענט ליידען, וואָס

איך קוק איהם אָן, האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ און זיך געזוכט ארויסצודרעהען.

דעם גאנצען טאָג האָב איך ארומגעבלאָנדזשעט ארום דעם קליינעם טייכעל אין שמערצליכע געדאנקען. אָבער וואָס העלפט דאָס טראכטען ? קיין זאך האָט מיר ניט געקאָנט געבען קיין בע־שטימטע זיכערקייט. שטונדען נאָכאנאנד האָב איך וועגען דעם געטראכט, האָב געוואויגען און געמאָסטען אַלע מעגליכקייטען פאר און געגען מיין פאטערשאפט, האָב געמאכט אַלע מעגליכע סברות און צום סוף בין איך געקומען צו דער שרעקליכער איבערצייגונג, אז דער דאָזיגער מענש איז טאקע מיין זוהן.

איך האָב ניט געקענט עסען און בין אוועק אין מיין צימער. א לאנגע צייט האָט זיך דער שלאָף פון מיר אָבגעטהאָן. און ווען איך בין צום סוף איינגעשלאָפען, האָבען מיך מורא'דיגע חלומות געפייניגט. איך האָב געזעהן דאָס פערזעהעניש, ווי עס לאכט זיך אויס פון מיר, ווי ער רופט מיך „פּאפּא", דאן האָט ער זיך — פער־וואנדעלט אין א הונד, האָט מיך געביקען אין די פיאטעס, און וואו־הין איך בין פון איהם ניט אנטלאָפען, האָט ער מיר אַלץ נאָכגע־פאָלגט און געשוואצט, און זיך געזידעלט אנשטאדט צו ביללען. דאן איז ער ערשינען פאר מיינע קאָלעגען פון דער אקאדעמיע, וועלכע האָבען אָבגעהאלטען א זיצונג, אום צו בעשטימען, אויב איך בין ווירקליך זיין פאָטער. און איינער פון זיי האָט אויס־גערופען :

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט. קוקט זיך נור צו, ווי עהנליך ער איז צו איהם.

און באמת האָב איך זיך געכאפּט, אז דאָס דאָזיגע פערזעהע־ניש איז עהנליך צו מיר און איך האָב זיך אויפגעכאפּט מיט דעם דאָזיגען געדאנק און מיט דעם משוגענעם פערלאנג, דעם מענשען ווידער צו זעהן און צו ענטשיידען, אויב מיר האָבען וועלכע־עס־איז געמיינזאמע שטריכען.

איך האָב איהם געטראָפען, ווי ער איז געגאנגען אין קירכע (עס איז גראָד געווען זונטאג). איך האָב איהם געגעבען הונדערט סו, דערביי האָב איך מיט גרויס אנגסט איהם בעטראכט, ער האָט

ווידער אָנגעהויבען משונה׳דיג צו לאַכען און גענומען דאָס געלד. דערנאָך איז ער ווידער אונרוהיג געוואָרען פון מיין בליק און ער איז אַנטלאָפען, שטאַמלענדיג עפּעס, וואָס איך האָב נישט געקענט פערשטעהן, אָבער וואָס האָט הפנים געזאָלט מיינען „א דאַנק".

דער טאָג איז אוועק פאר מיר אין דערזעלבער אנגסט און פיין ווי דער פריהערדיגער, פאַרנאַכט האָב איך געשיקט רופען דעם בעל־הבית און גאַנץ פאָרזיכטיג איהם ערקלעהרט, אַז איך אינטערעסיר זיך מיט דעם דאָזיגען פון אַלעמען פערלאָזענעם מענשען און וואָלט וועלען עפּעס טאָהן פאַר איהם.

— אָבער דער מאַן האָט געענטפערט :

— איך, איך בעט אייך, דענקט גאָרנישט דערפון. איהר וועט נור האָבען אונאַנגענעהמליכקייטען. איך בענוץ איהם, אום די כייסט ארויסצוטראָגען. דאָס איז אַלץ וואָס ער קאָן. דערפאַר גיעב איך איהם עסען און ער שלאָפט מיט די פערד. מעהר דאַרף ער נישט. אויב איהר האָט עפּעס אַ׳ן אַלטע פּאָאַר הויזען, גיט עס איהם, דאָס אויך וועט ער אין אַ וואָך צייט צופליקען אויף שטיקער.

איך האָב זיך ניט איינגעשפּאַרט און בעשלאָסען אליין נאָכ־צוזעהן וואָס מען קאָן טהאָן.

דעם אייגענעם אבענד איז דער יונג, אַ דאַנק מיין פריינגעביג־קייט, געקומען אהיים טויט שיכור, האָט שיער דאָס הויז ניט אונ־טערגעצונדען, האָט אַ פערד מיט אַ האַק דערהרג׳עט אויף טויט און איז צום סוף איינגעשלאָפען אויף דער קופּע מיסט אין מיטען הויף, אונטער אַ שלאַגס־רעגען...

אויף׳ן צווייטען טאָג האָט מען מיך געבעטען איהם מעהר קיין געלד ניט צו געבען. דער שנאַפּס מאַכט איהם אין גאַנצען משוגע, און אַזוי שנעל ווי ער האָט צוויי סו אין דער קעשענע, פערשיכורט ער זיי. דער בעל הבית האָט נאָך צוגעלעגט :

— אויב איהר גיט איהם געלד, טרייבט איהר איהם אין דר׳־ערד אריין.

דער מענש האָט קיין מאָל קיין געלד ניט געהאַט, קיין מאָל ניט, אויסער אפשר אַ פּאָאַר סענטימס, וועלכע אַ רייזענדער האָט איהם אַמאָל צוגעוואָרפען, און פאר איהם האָט דאָס דאָזיגע מע־

טאל קיין אנדער בעדייטונג ניט געהאט, ווי נור אלס עפּעס, פאַר־וואָס מען קריגט אלקאָהאָל.

דערנאָך האָב איך פערבראכט שטונדען לאַנג אין מיין צימער מיט א׳ן אָפענעם בוך פאַר מיר, און זיך געמאכט, ווי איך לעז. אין דער אמת׳ן אָבער האָב איך נור געטראכט פון דעם דאָזיגען אונ־מענשען, וועלכער איז געוועזן מיין זוהן; און זיך געמאַטערט צו ענט־דעקען, אויב ער האָט עפּעס אין זיך פון מיר. צום סוף האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך האָב געפונען א פּאָאַר ענהליכע שטריכען אויף׳ן שטערן און אַרום דער נאָז. און באלד בין איך געווען איבער־צייגט, אז צווישען אונז איז טאקע דאָ אַן ענהליכקייט, נור ביי איהם ווערט זי פערדעקט פון די שמוציגע קליידער און די קאלטע־נעס...

אָבער איך האָב דאַרט לענגער ניט געקענט פערבלייבען. איך האָב געקענט נאָך אויפוועקען א פערדאכט, און מיט א צובראָכען האַרץ בין איך אוועקגעפאָהרען, איבערלאָזענדיג ביי׳ם בעל הבית אביסעל געלד, אום דאָס לעבען פון זיין קנעכט עטוואָס לייכטער צו מאכען.

און איצט לעב איך שוין זייט זעקס יאָהר מיט דעם געדאנק, שטענדיג נור מיט דעם איין איינציגען געדאנק, אין דער דאָזיגער מורא׳דיגער אנגסט, אין דעם דאָזיגען נאָגענדען צווייפעל. אין יע־דעם יאָהר טרייבט מיך א געהיימע קראפט ווידער קיין פּאנט־לאַב־בע. יעדעס יאָהר פעראורטהייל איך זיך אליין צו דער פּייניגונג, צו זעהן די דאָזיגע חיה, ווי זי וואַלגערט זיך דאַרט אין מיסט. קום צו פאָהרען אהין און טענה צו זיך, אז ער איז ענהליך צו מיר, פּרוב ווידער און ווידער איהם ניצליך צו זיין, הגם איך ווייס, אז עס איז אומזיסט. און יעדעס יאָהר קעהר איך זיך ווידער אום נאָך מעהר אונענטשלאָסען, נאָך מיט גרעסערע יסורים, נאָך מיט א שרעקלי־כערער אנגסט.

איך האָב געפּרובט איהם לאָזען עפּעס לערנען. ער איז אָבער א פערלאָרענער אידיאָט.

איך האָב זיך בעמיהט זיין לעבען עטוואָס אנגענעהמער צו מאכען. איז ער אָבער א אונפערבעסערליכער שיכור און פאַר־

שווענדעט דאָס גאַנצע געלד, וואָס מען גיט איהם אויף זויפען. ער פערשטעהט אויסגעצייכענט, זיינע נייע קליידער צו פערקויפען, כדי זיך פאַר דאָס געלד שנאַפּס צו פערשאַפען.

איך האָב געפּרובט וועקען ביי זיין בעל הבית רחמנות צו איהם, אז ער זאָל איהם עטוואָס פריינדליכער בעהאַנדלען, האָב איהם אָנגעבאָטען געלד, אָבער דעם בעל הבית איז עס סוף כל סוף אויפפאַלענד געוואָרען און ער האָט זעהר קלוג געזאָגט:

איהר ווייסט, אַלסדינגג, וואָס איהר טהוט פאַר דעם דאָזיגען מענשען, איז בלויז צו זיין שאָדען. קוים האָט ער צייט אָדער קוים געהט איהם עטוואָס בעסער, ווערט ער בייז, צורייצט. ווען איהר ווילט אויף אַ'ן אמת עמיצען העלפען, זיינען פאַרהאַן גענוג, וועמען איהר וואָלט געקענט העלפען. עס זיינען פאַראַן אזוי פיעל פער־לאָזענע קינדער, קלייבט זיך אוים איינס, וואָס וועט אייך פאַר אייער גוטסקייט דאַנקבאַר זיין.

— וואָס האָב איך דערויף געזאָלט ענטפערען?

און ווען איך זאָל נור אַ פּיפּס טהאָן וועגען די געדאַנקען, וועל־כע האָבען מיך געפּייניגט, דאַן וואָלט יענער מיאוסער נפש געווים געוואָרען אונפערשעהמט, וואָלט מיך אויסגעפּאַרשט, מיך קאָמ־פּראָמעטירט, מיך אונגליקלאַך געמאַכט. ער וואָלט מיר זיין „פּאַפּאַ" אין פּנים געוואָרפען, ווי איך האָב עס אין חלום געזעהן.

איך האָב געטראַכט:

איך בין געוועזן דער מערדער פון דער מוטער, איך האָב זי גע־טויטעט און דאָס דאָזיגע משונה'דיגע בריאה, דאָס דאָזיגע שטאַל־בעשעפעניש, וואָס איז געבאָרען און אויסגעוואַקסען אויף'ן מיסט, האָב איך צו גרונד געריכטעט, ווייל ווען דער דאָזיגער מענש וואָלט ווי אַנדערע ערצויגען געוואָרען, וואָלט ער אפשר אויך אזוי ווי די אַנדערע געוואָרען.

איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי שרעקליך, ווי מורא'דיג איך פיהל זיך, ווען איך שטעה אַנטקעגען איהם און דענק, אַז דאָס איז מיין פלייש און בלוט, אַז דער געהערט צו מיר דורך יענעם ענגען באַנד, וואָס פאַרקניפּט דעם פאַטער מיט'ן זוהן, אַז ער איז מיינער אַ דאַנק דעם מורא'דיגען געזעץ פון פערערבונג,

מיינער דורך טויזענד זאכען, דורך זיין פלייש און בלוט און אז די אייגענע קראנקהייטען, די אייגענע ליידענשאפטען דרימלען אין איהם, ווי אין מיר.

נאכאנאנד, אהן אן אויפהער האב איך א שמערצליכען פערלאנג איהם צו זעהן. זיין אנבליק איז פאר מיר א קוואל פון שרעקליכע יסורים און דאך בעטראכט איך איהם שטונדען לאנג פון מיין פענסטער ארויס, ווי ער געהט אהין און צוריק, ווי ער שלעפט דעם שמוץ פון אונטער די פערד און זאג מיר דערביי: „אט דאס איז מיין זוהן!"

און מאנכעס מאל פיהל איך אן אונערטרעגליכען וואונש, איהם צו אומארמען. אבער איך האב נאך קיין איין מאל אפילו זיין שמוציגע האנד ניט אנגעריהרט.

דער אקאדעמיקער איז אנשווייגען געווארען און זיין בעגלייטער, דער פאליטיקער, האט ארויסגעמורמעלט:

— יא, מען האט זיך ווירקליך געדארפט מעהר קימערען וועגען די קינדער, וועלכע האבען ניט קיין פאטערס.

א ווינטעל האט א וועהע געטהאן, דער גרויסער, געלער בוים האט ארונטערגעשאטען פון זיך זיינע בליטהען און מיט א דינעם, שמעקעדיגען וואלקעןביידע אלטיטשקע איינגעוויקעלט.

זיי האבען אריינגעזויגען אין זיך דעם זיסען דופט און דער סענאטאר האט אויסגערופען:

און דאך איז גוט צו זיין יונג, צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט — אפילו אויף אזא אופן אויך...



# אַ פֿערשפּעטיגטע חרטה

ערר סאוואל, וועלכער איז בעקאנט געוועזן אין מאנטע אונטער'ן נאָמען „פּאטער סאוואל", איז נור וואָס אויפגעשטאנען.

אין דרויסען געהט א רעגען. א טרויעריגער הערבסט־טאָג. די בלעטער שיטען זיך. לאנגזאם פאלען זיי אויף דעם פייכטען ברוק ארונטער, אקור־ראט ווי זיי, די פאלענדיגע בלעטער, וואָלטען אויך א רעגען גע־וועזן, נור א מעהר שווערער און געדיכטער.

הערר סאוואל'ן איז שווער און טרויעריג אויף'ן הארצען. ער געהט ארום איבער'ן צימער פון דעם פענסטער צום קאמין און צו־ריק. אזוינע טרויעריגע טעג טרעפען אין דעם לעבען. פאר איהם וועט זיין גאנץ ווייטערעס לעבען בעשטעהן נור פון אזעלכע טרויע־ריגע טעג, ווייל ער איז א מענש העכער צוויי און זעכציג יאָהר, ווייל די שעהנע יוגענד איז ווייט הינטער איהם! ער איז אן אלטער בחור, עלענד, אליין, אָהן איין נאָהענטען מענשען. ווי ביטער עס איז אזוי צו שטארבען אָהן איין ווארעמען הארצען ביי דער זייט.

ער טראכט וועגען זיין אונאינטערעסאנטען און עלענדען לע־בען. ער דערמאָנט זיך אָן זיין ווייטער פערגאנגענהייט, אָן זיינע קינדער־יאָהרען, אָן דעם הויז פון זיינע עלטערען, דערנאָך אָן דער שוהלע, די קאניקולס און אָן די אוניווערסיטעטס־יאָהרען אין פּא־ריז. דאן אָן דער קראנקהייט און דעם טויט פון זיין פאָטער.

ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים צו זיין מוטער. ביידע האָבען צוזאמען געלעבט, דער יונגערמאן און די אלטע, רוהיג, שטיל, מען האָט גאָר בעסערס ניט געדארפט. דערנאָך איז זי אויך גע־שטאָרבען — ווי טרויעריג איז דאָס לעבען!

ער איז אליין געבליבען. און איצט קומט באלד זיין רייהע אויף צו שטארבען. ער וועט פערשווינדען, אין גאנצען פון דער ערד אפגעמעקט ווערען.

אויף דער ערד וועט שוין מעהר ניט זיין קיין הערר סאוואל. ווי מורא'דיג דאס איז ! אנדערע מענשען וועלען לעבען און ליע־בען, און פרעהען זיך. איז עס דען ניט מערקווירדיג, וואס מען קאן לאכען, פערברענגען, זיין פרעהלאך, בעת מען ווייס זיכער, אז מען מוז שטארבען.

וואלט כאטש דער טויט געווען נור א „מעגליכקייט", דאן וואלט מען נאך געקאנט האפפען ; אבער ניין, דער טויט איז אזא „מוז", אזא זיכערע ערשיינונג, ווי די נאכט נאך'ן טאג.

ווען זיין לעבען וואלט כאטש אינטערעסאנט געווען ; ווען ער וואלט עפעס אויפגעטהאן, ווען ער וואלט דורכגעמאכט פאסי־רונגען, דורכגעלעבט גרויסע פריידען, געהאט גרויסען ערפאלג, אזא אדער אנאנדערע בעפריעדיגונג. אבער קיין אהנונג פון דעם אלעם. ער האט גאר נישט אויפגעטהאן, איז יעדען טאג נור אויפגעשטא־נען, געגעסען און שלאפען זיך געלייגט אלעמאל אין א בעשטימ־טער צייט. און אזוי האט ער בשלום דערלעבט זיין צוויי און זעכ־ציג יאהריגען אלטער ! ער האט זאגאר ניט חתונה געהאט, ווי אנדערע. ווארום ? יא, ווארום ? ער האט עס לייכט געקאנט אויס־פיהרען, ער האט געהאט א נישקשה'דיגען פערמעגען. שוין־זשע האט ער קיינמאל ניט געהאט די געלעגענהייט ? פיליכט. אבער אנדערע מענשען שאפען זיך דאך אליין אזוינע געלעגענהייטען ! ער האט וועגען דעם ניט געטראכט. אט דאס איז געווען זיין טעות, זיין פעהלער. וויפיעל מענשען פיהרען איבער זייער לעבען אויף אזא שטייגער. עס זיינען פארהאן נאטורען, וואס זיינען אונגע־וועהנליך ניט־ריהרעוודיג. זיי איז שווער זיך אויפצוהייבען, צו בעוועגען, צו פרובען עפעס אויפצוטהאן, צו ריידען, צו טראכטען וועגען דער צו יענער פראגע.

קיינער האט איהם זאגאר קיינמאל ניט געליעבט. קיין איין פרוי האט א מאל אויף זיין ברוסט, פון ליעבע בערוישט, זיך אין גאנצען פערגעסען. ער האט ניט פערזוכט דעם טעם פון יענער

ברענענדיגער אונגעדולד, מיט וועלכער מען ערוואַרטעט אַ געליעב־טע ; ער האָט קיינמאָל ניט געפיהלט די וואונדערליכע בעגייסטע־רונג, וואָס רופט ארויס אַ האַנד־דרוק פון אַ געליעבטער ; האָט קיינמאָל ניט פערזוכט דעם טעם פון דער בערוישענדיגער, זיעגרי־שער ליידענשאַפט.

וואָס פאַר אַ גליק, וואָס פאַר אַ גרויס גליק, וועקט אויף אין דעם הארצען דער ערשטער קוש, בשעת די אומארמונגען מאכען פון צוויי נפשות איינעם אַ גליקליכען, אָהן אַ מאָס גליקליכען וועזען.

הערר סאוואל האָט זיך געזעצט אין זיין שלאָף־ראָק נאָהענט צום ברענענדיגען קאמין.

געוויס, זיין לעבען איז ניט געוועזען פון די גליקליכע, גאָר ניט פון די גליקליכע. און, דאָך האָט ער איינמאָל אין זיין לעבען גע־ליעבט. געליעבט אין געהיים, קרענקליך און געגען זיין ווילען, ווי ער האָט אַלעס אין זיין לעבען געטהאָן. יאָ, ער האָט געליעבט זיין אַלטע פריינדין, די מאַדאַם סאנדר, די פרוי פון זיין אלטען חבר כאנדר. אָך, ווען ער וואָלט זיך מיט איהר בעקאַנט, בעת זי איז נאָך געוועזען אַ יונג מיידעל ! אָבער ער האָט זי געטראָפען צו שפּעט, בעת זי איז שוין געוועזען פערהייראטעט. יאָ, ער וואָלט אונבעדינגט איהר פאָרגעשלאָגען צו הייראטהען ! מערקווירדיג, באלד, שוין דעם ערשטען טאָג, האָט ער זיך אין איהר פערליעבט !

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אויפגערעגט ער איז געוואָרען יע־דעם מאָל, בעת ער האָט זיך מיט איהר געטראָפען, און ווי שווער עס איז איהם דערנאָך אויף׳ן הארצען געוועזען, בשעת ער האָט זיך מיט איהר געזעגענט, ווי ער האָט נעכט גאנצע ניט געשלאָפען, טראכטענדיג וועגען איהר.

אין די פריהמאָרגענס איז ער געוועזען אביסעלע װעניגער פער־ליעבט ווי אין די נעכט. ווארום ?

וואָס פאַר אַ שעהן ווייבעלע זי איז דאַן געוועזען ! אַ קליינע און אַ בלאָנדע, אַ פערקרויזטע און אַ לאַכענדיגע !

סאנדר איז גאָר פאַר איהר ניט געוועזען קיין פּאָאַר. היינט איז זי שוין אַלט אַכט און פופציג יאָהר. דאכט זיך, אז זי איז געוועזען גליקלאָך. אָך, ווען זי וואָלט איהם דאַן געליעבט, בלויז געליעבט !

און ווארום זאָל זי איהם ניט האָבען געליעבט, איהם, סאוואל'ן, ער האָט זי דאָך אויך געליעבט, זי די מאדאם סאנדר ?

ווען זי וואָלט זיך כאָטש אָנגעשטויסען, אז עפּעס... שוין־זשע האָט זי קיינמאָל זיך ניט אָנגעשטויסען, ניט בעמערקט, ניט פערשטאנען ? און וואָס וואָלט זי דאן געדענקט ? וואָס וואָלט זי איהם געענטפערט, ווען ער וואָלט זיך פאר איהר ארויסגערעדט ?

און סאוואל האָט זיך געשטעלט נאָך טויזענדער אזוינע פראגען. ער האָט איבערגעלעבט זיין גאנצע פערגאנגענהייט, האָט געזוכט זיך צו דערמאָנען אָן פערשיעדענע איינצעלהייטען פון זיין לעבען.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן די לאנגע אבענדען, וואָס ער האָט פערבראכט ביים קאָרטען־טישעל אין סאנדר'ס הויז, בשעת מאדאם סאנדר איז נאָך געווען יונג און שעהן.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן אלעס, וואָס זי האָט אמאָל צו איהם גערעדט, אָן די פערשיעדענע קלאנגען פון איהר שטימע, אָן די שטורמע און פיעל־זאָגענדיגע שמייכלען, וואָס יעדער פון זיי האָט אויסגעדריקט א בעזונדערען געדאנק.

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיי אלע זאלבעדריט פלעגען שפּאַציערען ארום דעם טייך סענא, ווי זיי פלעגען עסען זייערע פריהשטיקס אויף דעם גרינעם גראָז. און פּלוצים, האָט אין זיין זכרון אָפּגעלעבט א געוויסער שפּאציער מיט איהר איבער'ן וואלד, ביים ברעג טייך.

זיי זיינען אוועק שפּאצירען אין דער־פריה, מיטנעהמענדיג מיט זיך פּראָוויזיאָן. דאָס איז געווען אין א וואונדער־שענעם פריהלינגס־טאָג, אין איינעם פון יענע טעג, וואָס בערוישען; ווען אלסדינג בליהט און דופטעט, ווען אלע שיינען פאר גליק; ווען די פייגעלעך זינגען פרעהליכער און פליהען שנעלער.

זיי האָבען אָפּגעגעסען זייער פריהשטיק, זיצענדיג אויף'ן גראָז, אונטער די בוימער, ביים טייך. די לופט איז געווען א ווארימע, אָן אָנגעטרונקענע מיט די ריחות פון די פריהלינגס־זאפטען, וואָס האָבען פער'שיכור'ט.

וואָס פאר א וואונדער־שענער טאָג דאָס איז געווען!

נאָך'ן פריהשטיק האָט סאנדר איינגעדרימעלט אויף'ן גראָז און ווען ער האָט זיך אויפגעכאפט, האָט ער ערקלערט, אז דאָס איז געווען דער זיסעסטער שלאָף אין זיין לעבען.

מאדאם סאנדר האָט גענומען סאוואל'ן אונטער דער האנד אוןביידע זיינען אוועק פאזע טייך.

זי האָט זיך אָנגעשפארט אן זיין האנד, געלאכט און גע־רעדט:

— איך בין שיכור, מיין פריינד, שטארק שיכור!

ער האָט געקוקט אויף איהר טיעף אויפגערעגט, געפיהלט אז ער ווערט בלייך און מורא געהאַט, זיין בליק זאָל זיך ניט אויסווייזען איהר צו דרייסט און דאָס ציטערן פון זיין האנד זאָל ניט ענטדעקען פאר איהר זיין סוד.

זי האָט זיך אויסגעפלאָכטען א קראנץ פון וואסער־ליליען, ארויפגעטהאָן זיך אויפ'ן קאָפּ און געפרעגט:

— געפעהל איך אייך?

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן, איז אזוי צומישט געוואָרען, דאָס ער וואָלט זיך לייכטער אויף די קניע אראנטערגע־לאָזט, איידער א וואָרט צו זאָגען, און דאן האָט זי זיך צולאכט אויף'ן קול מיט אן אונצופרידענעם געלעכטער און אויסגעשריען:

— אוי, וואָס פאר א נארר! נו, רעדט ארויס כאָטש איין וואָרט!

אן דעם אלעם האָט ער זיך איצט דערמאָנט און אזוי קלאָהר, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטען פאסירט.

ווארום האָט זי איהם דאן געזאָגט: „אוי, וואָס פאר א נארר! נו, רעדט ארויס כאָטש איין וואָרט!"

און ער האָט זיך דערמאָנט ,ווי צערטליך זי האָט זיך אָנגע־שפּארט אָן זיין ארם. פערבייגעהענדיג אן איינגעבויגטען בוים. האָט ער דערפיהלט ווי איהר אויער האָט נאָהענט בעריהרט זיין באַק, און ער האָט זיך שנעל אָפּגערוקט פון איהר, אום זי זאָל חלילה ניט מיינען, אז ער האָט אומיסטנע זיך אזוי נאָהענט צוגערוקט צו איהר.

אז ער האָט דערנאָך בעמערקט: פּילייכט איז שוין צייט זיך צוריקצוקעהרען? — האָט זי איהם אזוי מאָדנע אָנגעקוקט.

יאָ, יאָ, זי האָט איהם דאַן אזוי מאָדנע אָנגעקוקט. דעמאָלט האָט ער קיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם ניט געשענקט, און היינט האָט ער זיך אָן דעם אזוי קלאָר דערמאָנט.

— ווי איהר ווילט, מיין פריינד. אויב איהר זייט מיעד, וועלען מיר זיך צוריקקעהרען.

און ער האָט זיך אָנגערופען:

— איך בין ניט מיעד, אָבער... אפשר האָט זיך דאָרט אייער מאַן אויפגעכאַפּט.

זי האָט א דריק געטהאָן מיט די אקסלען און געזאָגט:

— אויב איהר האָט מורא, וואָס סאנדר האָט זיך דאָרט אויפגעכאַפּט, דאָס איז שוין אַן אנדערע געשיכטע. קומט, מיר גערען צוריק.

אויף צוריקוועגס האָט זי די גאַנצע צייט געשוויגען און זיך שוין מעהר ניט אָנגעשפּאַרט אָן זיין אָרם. וואָרום?

די דאָזיגע פראַגע האָט ער זיך פריהער קיינמאָל ניט געשטעלט. איצט האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער האָט פּלוצים עפּעס פערשטאַנען, וואָס ער האָט ביז איצט ניט געקענט פערשטעהן.

— שוין־זשע? — האָט ער א טראַכט געטהאָן.

הערר סאַוואָל האָט דערפיהלט, ווי ער איז רויט געוואָרען. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם אָרט אויפגערעגט און אויף דרייסיג יאָהר אינגער, איהם האָט זיך אויסגעוויזען, ווי ער הערט מאַדאַם סאַנדר'ס קול: „איך ליעב אייך!"

זאָל דאָס זיין מעגליך? דער דאָזיגער חשד, וואָס האָט ערוואַכט אין זיין נשמה, האָט איהם גענומען שטאַרק מוטשען. זאָל דאָס מעגליך זיין, אז ער האָט גאָר נישט בעמערקט, ניט אָנגעשטויסען זיך? אָה, אויב עס איז טאַקע אזוי, אויב דאָס גליק האָט זיך באמת איהם אין די הענד געגעבען און ער האָט קיין שכל ניט געהאַט עס צו נעהמען!

ער האָט צו זיך געזאָגט: איך מוז דערגעהן דעם אמת. איך מוז עס וויסען!

ער האָט זיך שנעל אין איילעניש אָנגעטאָן. ער האָט גע־טראכט: איך בין היינט אַ צוויי־און־זעכציגער, זי — אן אכט און פופציגערין — היינט האָב איך דאָס רעכט צו פרעגען ביי איהר וועגען דעם.

און ער איז ארויס.

סאנדר׳ס הויז איז געשטאנען אויף׳ן עק גאַס, כמעט נעגען זיין הויז. ער איז אוועק אהין.

די דיענסט האָט געעפענט איהם די טיר. זי האָט זיך זעהר פערוואונדערט, ווען זי האָט איהם דערזעהן, ווייל עס איז נאָך געווען זעהר פריה.

— האָט ניט אן אונגליק פּאסירט, הערר סאוואל? — האָט זי געפרעגט — אזוי פריה?

— ניין, קליינע, אָבער איך וויל זעהן דיין מאדאם, איך מוז מיט איהר גלייך ריידען — האָט ער געענטפערט.

די מאדאם פרעגעלט איינגעמאכץ פאר ווינטער; זי איז ביים אויוועז, נישט אָנגעטהאָן.

— זאָגט איהר, אז איך דארף זי זעהר נויטיג זעהן וועגען אַ וויכטיגע זאך.

די דיענסט איז ארויס, און סאוואל האָט אָנגעהויבען צו געהן איבער׳ן זאאל מיט גרויסע נערוועזע טריט.

היינט וועט ער זיך ניט שעהמען, וועט זי פרעגען וועגען דעם אזוי איינפאך, ווי ער וואָלט געפרעגט, גוי מען ריכטעט צו אַ געוויסען שפּייז. ער איז דאָך ניט קיין יונגערמאנטשיק!

די טיר האָט זיך געעפענט, און זי איז אריין.

היינט איז זי געווען אַ דיקע, רונדע דאמע, מיט ברייטע אקסלען, פּוכקע באקען און הילכענדרען געלעכטער.

די הענד זיינען ביי איהר געווען מיט צוקער־סיראָפּ אויס־געשמירט און זי האָט זיי געהאלטען אביסעלע אויסגעשטעלט, די ארבעל הויך פערקאשערט און די אָרעמס הויל.

זי האָט אונרוהיג געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט, מיין פריינד? זייט איהר, חלילה, גיט קראַנק?

ער האָט געענטפערט:

— ניין, פריינדין, איך וויל נור פרעגען ביי אייך וועגען עפּעס, וואָס איז זעהר וויכטיג פאַר מיר און וואָס לאָזט מיך ניט רוהען. זאָגט איהר מיר צו, אַז איהר וועט מיט מיר זיין אָפענהערציג?

זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— איך בין אַלע מאָל אָפענהערציג. פרעגט.

— עס איז אַזאַ געשיכטע. פון דעם ערשטען טאָג אָן, זייט איך האָב זיך מיט אייך געטראָפען, האָב איך זיך פערליעבט אין אייך. האָט איהר עס פערדעכטיגט?

זי האָט זיך צולאַכט מיט די קלאַנגען פון די אַמאָליגע יאָהרען אין איהר שטימע און זי האָט געענטפערט:

— יאָ, נאַרוניו! געוויס, באַלד דעם ערשטען טאָג האָב איך עס שוין בעמערקט!

סאַוואַל האָט אָנגעהויבען צו ציטערען און ארויסגעמורמעלט: איהר האָט עס געוואוסט?.. אויב אַזוי...

און ער איז אנשוויגען געוואָרען.

זי האָט געפּרעגט:

— אויב אַזוי... וואָס?...

ער האָט געענטפערט:

— אויב אַזוי... וואָס האָט איהר דאַן געטראַכט?.. וואָס... וואָס... וואָס וואָלט איהר דעמאָלט געענטפערט?

זי האָט זיך שטאַרקער צולאַכט. טראָפּענס פון דעם סיראָפּ האָבען ארונטערגעטריעפט פון די פינגער־שפּיצען איהרע און זיינען געפאַלען אויף'ן פּאַרקעט.

— איך? אָבער איהר האָט דאָך ביי מיר דעמאָלט גאָר נישט געפרעגט. ניט איך האָב זיך דאָך געדאַרפט אייך ערקלערען!

דאַן האָט ער אַ טראָט געטהאָן נעהענטער צו איהר.

— זאָגט מיר... איך בעט אייך... געדענקט איהר יענעם טאָג, בעת סאַנדר איז איינגעשלאָפען אויף'ן גראָז נאָך'ן פריהשטיק...

ווען מירביידע זיינען אוועק ביז אהין, וואו דער וועג פערקירעוועט זיך, ביז אהין...

ער האָט ניט דערערדט. זי האָט אויפגעהערט צו לאַכען און געקוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין.

נו, אוודאי געדענק איך דאָס אלעס.

דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבען, ציטערענדיג מיט'ן גאַנ־צען קערפּער:

— הייסט עס, דאַן... דעמאָלט... ווען איך וואָלט געוועזן א ביסעלע דרייסטער ביי זיך... וואָס וואָלט איהר דאַן געטהאָן?

זי האָט ווידער א שמייכעל געטהאָן מיט דעם שמייכעל פון א גליקליכער פרוי, וואָס האָט נישט וואָס צו בעדויערען, און גע־ענטפערט אָפענהערציג, מיט א קלאָרער שטימע, אין וועלכער עס האָט געקלונגען א שאָטען פון שפּאָט:

— איך וואָלט אייך נאָכגעגעבען, מיין פריינד.

דערנאָך האָט זי זיך שנעל א דרעה געטהאָן אויף די קאָרקעס און איז אַנטלאָפען צו איהר איינגעמאַכץ.

סאוואל איז ארוים אויף דער גאַס א צומישטער, ווי נאָך א גרויסען אונגליק. ער איז שנעל געלאָפען אונטער'ן רעגען אלץ ווייטער און ווייטער צום טייך צו, ניט טראַכטענדיג וועגען דעם, וואוהין ער לויפט. ווען ער איז צוגעגאַנגען צום בערגעל, פון וועלכען מען לאָזט זיך אַרונטער צום טייך, האָט ער זיך פערקי־רעוועט רעכטס און איז אוועק אין יענער ריכטונג. ער איז גע־גאַנגען לאַנג, ווי פון עפּעס אַן אינסטינקט געשלעפּט. דער רעגען האָט דורכגעווייקט זיינע קליידער, זיין הוט האָט פערלאָרען איהר פאָרמע, איז געוואָרען ווייך, ווי א שמאַטע און עס האָט פון איהר געקאַפּעט, ווי פון א דאַך. ער איז געגאַנגען און גע־גאַנגען און זיך ניט אומגעקוקט. צום סוף, האָט ער זיך דערזעהן אויף דעם אייגענעם פּלאַץ, וואו זיי האָבען אלע געגעסען פריה־שטיק אין יענעם שעהנעם טאָג.

ער האָט זיך געזעצט אונטער די בוימער, וואָס זיינען איצט געווען נאַקעט, אָפּגעשונדען פון זיעם קאַלטען הערבסט, און ער האָט זיך ביטער צוואויינט.

# מינועט

די גרויסע שרעקען פון אונזער וועלט ריהרען מיך ניט, האָט געזאָגט זשאַן ברידעלל, אַ'ן אַלטער בחור, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ סקעפּטיקער. איך האָב געזעהן די מלחמה, איך בין איבער די טויטע קערפּער פון די געפאַלענע אריבערגעטראָטען אָהן הארץ־קלאַפּעניש. די ברוטאַלע גרויזאַמקייטען פון דער נאַטור אָדער פון די מענשען קען ביי אונז ארויסרופען אַ געשריי פון שרעק אָדער פון כעס, אָבער מיר פיהלען ניט דערביי יענעם שטאָך אין הארצען, יענעם שוידער, וואָס לויפט אונז איבער'ן רוקען אריבער ביי געוויסע, קליינע הערצרייסענדע פּאַסירונגען.

דער גרעסטער וועהטאָג איז געוויס דער פערלוסט פון אַ קינד פאַר אַ מאַמען, פאַר אַ מאַן דער טויט פון זיין מוטער. דאָס איז אַ מורא'דיגער אונגליק, דאָס צורייסט די הארץ און צוברעכט אין גאַנצען. אָבער סוף כל סוף קומט דאָך די היילונג ווי ביי גרויסע, בלוטענדע וואונדען. אָבער עס זיינען דאָ געוויסע בע־געגענישען, געוויסע אונערוואַרטעטע און דאָך טרויעריגע זאַכען, געוויסע געהיימע ליידען, נידערטרעכטיגקייטען פון'ם שיקזאַל, וועלכע וועקען אויף אין אונז אַ גאַנצע וועלט פון שמערצליכע געדאַנקען און עפענען פאַר אונז אַ וואונדערבאַרע טהירעל צו אַלערליי ליידען פון דער נשמה. און די דאָזיגע ליידען זיינען שווערע, אונהיילבאַרע און וואָס טיעפער זיי זיינען, אַלץ מילדער זעהען זיי אויס פאַר אַ פרעמדע אויג. זיי לאָזען איבער אין אונזער נשמה אַן אונענדליכע טרויעריגקייט, אַ ביטערען געשמאַק, אַ בייזען געפיהל, וועלכער בעהערשט אונז דערנאָך אַ לאַנגע צייט.

איך האָב דערבײַ אימער צוויי אָדער דריי זאכען פאר די אויגען, וועלכע אנדערע האָבען אפשר גאָרניט בעמערקט, אָבער וועלכע זיינען אין מיר אריינגעדרונגען ווי לאנגע, שמאָלע אונהייל־בארע וואונדען.

איהר וועט אפשר גאָר נישט פארשטעהן דעם זעעלען־צו־שטאנד, וועלכען די דאָזיגע איינדריקע רופען ביי מיר ארויס. איך וועל אייך דערצעהלען איינס פון זיי. פאסירט האָט עס שוין לאנג צוריק, אָבער פאר מיר שטעהט עס נאָך אזוי לעבעדיג, ווי איך וואָלט עס ערשט נעכטען געזעהן. עס איז מעגליך, אז מיין אייגענע פאנטאזיע האָט דאָס אלעס פאר מיר אויסגעמאָהלען אין אזא ליכט.

איך בין פופציג יאָהר אלט. דעמאָלט בין איך געווען יונג און האָב שטודירט פאר א'ן אדוואָקאט. איך בין געווען עטוואָס מעלאנכאָליש, טרוימעריש אָנגעזאפט מיט דער וועלט־שמערץ פילאָזאָפיע. די טומעלדיגע קאפעעס האָב איך ליעב געהאט פונקט אזוי ווייניג ווי שרייענדיגע קאמעראדען אָדער נארישע פרוי־ענצימער. איך פלעג אויפשטעהן פריה און איינע פון מיינע בעסטע פערגעניגענס איז געווען א זייגער אכט אין דערפריה צו געהן שפאצירען איינער אליין אין דעם לוקסעמבורגער פארק.

אין דעם דאָזיגען פארק האָט זיך געפונען א בוי־שולע, וועלכע איהר האָט שוין מעהר ניט געטראָפען. דאָס איז געווען אזא מין פערגעסענער גאָרטען פון דעם פאָריגען יאהרהונדערט, שעהן ווי דער ליעבער שמייכעל פון א'ן אלטער דאמע. הויכע, קינסט־ליך־פארשניטענע ווענט פון גרינע בוימלאך האָבען אָבגעטהיילט די שמאָלע, לאנגע אלעען. אָהן אן אויפהער האָבען די שעערען פון די גערטנער בעשניטען די דאָזיגע ווענט. דאָ און דאָרט איז געווען א בלומען־בעעט אָדער א גרופע פון קליינע בוימלאך צו צוויי איינגעטהיילט, ווי שילער אויף א שפאציער־גאנג, וואונדער־בארע רויז־בושעס און גאנצע מאסען פרוכט־בוימער.

א גאנצער ווינקעל פון דעם דאָזיגען שענעם וועלדיל איז גע־ווען בעוואָהנט פון ביענען. זייערע שטרויענע הייזלאך זיינען זאָרג־פעלטיג אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף ברעטער אביסעלע אָבגע־

רוקט איינע פון דער אַנדערער און די אַריינגאַנגס טירען, ווי אַ פינגערהוט די גרויס, האָבען זיך געפונען אַנטקעגען דער זון. און אין דער גאַנצער לענג פון׳ם וועג האָט מען געטראָפען די זשומענ־דיגע, גאָלד־גלענצענדע פליעגעלאַך, וועלכע זיינען עפּעס ווי געוואָ־רען די בעלי־הבתים פון דעם דאָזיגען שטילען ווינקעל.

כמעט יעדען אין דערפריה בין איך אַהין געגאַנגען. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און געלעזען. פון צייט צו צייט האָב איך אַרונטערגעלאָזט דעם בוך אויף די קניע, אום צו טרוימען, אום זיך צוצוהערען צום פּאַריזער לעבען אַרום מיר און געניסען די רוהיגע שטילקייט פון דעם אַלטמאָדישען פּאַרק.

אָבער באַלד האָב איך בעמערקט, אַז איך בין ניט געווען דער איינציגער, וואָס איז געקומען אַהער אַזוי שנעל ווי מען האָט נור געעפענט די טויערן; ווייל פון צייט צו צייט האָב איך באַגעגענט אויף מיין שפּאַציער עפּעס אַ מערקווירדיגען קליינעם גרייז.

ער האָט געטראָגען שיך מיט זילבערנע שנאַלען, שמאָלע הוי־זען, אַ טאַבאַק פאַרבענעם ראָק און אָנשטאַדט אַ שניפּס אַ שפּיצען זשאַבאָ, דערצו אַ גאַנץ וואונדערליכען גרויען הוט מיט ברייטע ברעגעס און לאַנגע האָר.

ער איז געווען מאָגער, זעהר מאָגער, ביינערדיג, האָט געמאַכט פאַרשיעדענע מינעס און געשמייכעלט. זיינע לעבעדיגע אויגען האָבען נאָכאַנאַנד געוואונקען און אין דער האַנד האָט ער שטענדיג געהאַלטען אַ וואונדערבאַרען שטעקען מיט אַ גאָלדענעם קנאָפּ, וועלכער האָט מסתמא בעדייטעט עפּעס אַ וויכטיגען אַנדענקען פאַר איהם.

ווען איך האָב צום ערשטען מאָל דערזעהן דעם דאָזיגען אַל־טינקען, בין איך געוואָרען שטאַרק פערוואונדערט, דערנאָך האָט ער מיר גענומען זעהר אינטערעסירען און איך האָב איהם בעטראַכט דורך די צווייגען, בין איהם נאָכגעגאַנגען פון ווייטען, און זיך אָבגעשטעלט דאָרט וואו דער וועג נעהמט זיך אָן אַ זייט, כדי ער זאָל מיך ניט זעהן.

און איין מאָל אין דער פריה, ווען ער האָט געדענקט, אַז ער איז איינער אַליין, האָב איך דערזעהן, ווי ער האָט פּלוצים

גענומען מאכען עפּעס מאָדנע בעוועגונגען. צוערשט האָט ער אַ פּאאר מאָל אביסעלע אַ שפּרונג געטהאָן, דאן זיך פארנייגט; דער־נאָך האָט ער מיט זיינע נאָך ריהרעוודיגע דינע פיס געמאכט אַ קרייץ־שפּרונג, גענומען העפליך אונטערטאנצען, געארבייט אויף אַלע כלים און געשמייכעלט און זיך גענייגט אין אַלע זייטען, ווי ער וואָלט פאר זיך געהאט אַ פּובליקום. ער האָט געטאנצט.

איך האָב אויסגעשטעלט אויף איהם מיינע אויגען פאר ער־שטוינען און איך האָב מיר געשטעלט די פראגע, ווער פון אונז ביידען איז משוגע, איך צו ער.

אָבער דאָ איז ער פּלוצלונג געבליבען שטעהן, איז ארויס־געטראָטען עטליכע טריט אין פאָראויס, ווי די אקטיאָרען אויף דער־ביהנע, האָט זיך פארנייגט און גענומען געהן צוריק הינטערוויי־לעכיז, ווארפענדיג קושען מיט זיינע ציטערנדע הענד אנטקעגען די ביידע רייהען שטומע בוימער.

און דאן האָט ער פּול ווירדע ווידער גענומען געהן שפּאצירען.

פון דעם דאָזיגען טאָג האָב איך איהם ניט אָבגעלאָזט פון מיינע אויגען און יעדען אין דערפריה האָב איך איהם געזעהן מאָ־כענדיג זיינע מערקווירדיגע בעוועגונגען.

דאן האָב איך געקריגען אַ פערלאנג מיט איהם צו רעדען. איך האָב זיך געמאכט מוט, איהם געגריסט און געזאָגט:

— אַ שעהן וועטער, היינט, ניט אמת?

ער האָט זיך פארנייגט:

— יא, עס איז אַ וועטער, ווי אין די גוטע אַלטע צייטען.

אין אכט טעג ארום זיינען מיר געווען גוטע פריינד און איך האָב געוואוסט זיין געשיכטע. אין דער צייט פון קעניג לודוויג דעם פופצעהנטען איז ער געווען באַלעט־מייסטער אין דער אָפּערא. זיין שעהנער שטעקען איז געווען אַ פּרעזענט פון גראף דע קלער־מאָנט. און ווען מען האָט מיט איהם גערעדט פון טאנצען, האָט ער ניט אויפגעהערט צו פּלוידערן.

דאן האָט ער מיר אין אַ געוויסען טאָג פארטרויט אַ סוד:

— איך האָב מיט דער קאסטרים געהייראט. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך פאָרשטעלען, אָבער זי קומט אהער נור נאָך

מיטאג. איהר זעהט אַט דעם גאָרטען, ער איז אונזער גאַנצער גליק און אונזער פרייד, אַלעס, וואָס איז אונז געבליבען פון פריי־הער. אונז דאכט, אַז מיר וואָלטען גאָרנישט געקענט לעבען, ווען מיר וואָלטען איהם ניט געהאַט. דער גאָרטען איז אַלט און אריס־טאָקראַטיש, נישט אמת? מיר דאכט זיך, אַז דאָ קען איך אָטהע־מען דיזעלבע לופט, ווי אין דער צייט פון מיין יוגענד. מיין פרוי און איך פארברענגען דאָ יעדען נאָכמיטאג!.. איך אָבער קום אהער, אזוי שנעל ווי עס ווערט טאָג, ווייל איך שטעה זעהר פריה אויף.

* * *

אזוי שנעל ווי איך האָב אָבגעגעסען מיטאג, האָב איך זיך אומגעקעהרט צוריק אין דעם לוקסעמבורגער גאָרטען און באלד האָב איך דערזעהן מיין אַלטען פריינד. מיט גרויס פייערליכקייט האָט ער דערלאַנגט דעם אָרעם א גאַנץ אַלטער, קליינער פרוי, אָנגע־טהאָן אין שווארצען, און איך בין פאר איהר פאָרגעשטעלט געוואָ־רען. דאָס איז געווען די קאַסטרים, די גרויסע טענצערין, וועלכע איז אמאָל געווען געליעבט פון דעם פרינץ, געליעבט פונ'ם קעניג, געליעבט פון דעם גאַנצען פרעהליכען יאהרהונדערט, וועלכער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזען דער וועלט עטוואָס ווי א ליעבעס־הויך.

מיר האָבען זיך געזעצט אויף א שטיינערנע באַנק. עס איז גע־ווען אין מאָנאַט מאי, און די בלומען האָבען געשמעקט אין יעדער אַלעע. די ווארימע זון האָט אריינגעשיינט צווישען די צווייגע; און אונז בעגאָסען מיט איהרע ליכטיגע שטראַהלען. דאָס שווארצע קלייד פון דער קאַסטרים איז געווען ווי דורכגענומען פון דער העל־קייט.

דער גאָרטען איז געווען פוסט. פון ווייטען האָט מען גע־הערט א גערויש פון קארעטען, וועלכע זיינען פארבייגעפאָהרען.

— איך בעט אייך, ערקלעהרט מיר — האָב איך זיך אָבגע־רופען צום אַלטען טענצער — וואָס אזוינס אייגענטליך איז געווען דער טאַנץ מינועט?

ער האָט זיך א טרייסעל געטהאָן:

— דאָס מינועט, מיין הערר, איז די קעניגין פון אַלע טענץ

און דער טאַנץ פון אַלע קעניגינען, איהר פאַרשטעהט? זייט דעם ווי עס זיינען נישטאָ מעהר קיין קעניגע, איז אויך נישטאָ מעהר קיין מינועט.

און אין אַ געהויבענעם סטיל, מיט הויכע אונפערשטענדליכע ווערטער, וועלכע איך האָב בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן, האָט ער מיר גענומען האַלטען אַ רעדע, וואו ער האָט פאַרהערליכט דעם טאַנץ. איך האָב געוואָלט, ער זאָל מיר ערקלעהרען די פער־שיעדענע פאַ'ס, די בעוועגונגען און שטעלונגען, אָבער ער איז געווען צומישט און טרויעריג, גאַנץ פערצווייפעלט איבער זיין אונפעהיג־קייט מיר דאָס קלאָהר צו מאַכען.

און פּלוצים האָט ער זיך אַ קעהר געטהאָן צו זיין אַלטער פרוי, וועלכע איז געזעסען די גאַנצע צייט שטיל, ניט רעדענדיג אַ וואָרט און געזאָגט:

— עליזע, ווילסטו, זאָג מיר נור, ווילסטו זיין אַזוי גוט און מיט מיר ווייזען דעם הערר, וואָס דאָס איז געווען אַזוינס?

צושראָקען האָט זי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, דאַן איז זי אויפגעשטאַנען ניט זאָגענדיג אַ וואָרט און זיך אַוועקגע־שטעלט אַנטקעגען איהם.

דאַן האָב איך געזעהען עטוואָס, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

זיי זיינען געקומען און געגאַנגען מיט קינדערשע האַוואַיעס, האָבען געשמייכעלט איינס צום צווייטען, זיך געוויגט, פאַרנייגט און אויפגעשפּרונגען, ווי צוויי אַלטע ליאַלקעס, וואָס זיינען פון אַ; אַלטען, עטוואָס פאַרזשאַווערטען מעכאַניזם בעוועגט געוואָרען, וועלכען אַ זעהר געשיקטער מייסטער האָט אַמאָל נאָך דעם געשמאַק פון זיין צייט פאַרפערטיגט:

איך האָב זיי אָנגעקוקט און גאַנץ מערקווירדיגע געפיהלען האָבען זיך צו מיר אין הארצען אריינגע'גנב'עט, אַ טיעפע טרויע־רינקייט איז אויף מיר אָנגעפאַלען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, ווי איך וואָלט אַרויסגערופען אַ קלעגליכע און צוגלייך קאָמישע ערשיינונג. עפּעס ווי דער אַלטמאָדישער שאָטען פון דעם פערגאַנ־

נענעם יאָהרהונדערט וואָלט ווידער אויפגעשטאַנען. איך האָב גע־
האַט לוסט צו לאַכען און דאָך האָב איך כמעט געוויינט.

פּלוצים האָט זי זיך שנעל אָבגעשטעלט. זיי האָבען געענדיגט
זייער טאַנץ. א פּאָאָר סעקונדען זיינען זיי געבליבען שטעהן איי־
נער אנטקעגען אנדער'ן, זייערע פּנים'ער האָבען זיך מאָרנע פאַר־
קרימט. דאַן זיינען זיי זיך שלוכצענדיג געפאַלען אויף'ן האלז.

אין דריי טעג ארום בין איך אוועקגעפאָהרען אויף דער פּראָ־
ווינץ. מעהר האָב איך זיי ניט געזעהן. ווען איך בין אין צוויי
יאָהר געקומען צוריק נאָך פּאריז, האָט מען יענעם גאָרטען שוין
געהאַט צושטערט. וואָס האָבען זיי געטהאָן, ווי אזוי האָבען זיי
געקענט לעבען אָהן דעם אַלטען גאָרטען מיט זיינע לאָטהרינגישע
וועגען, דעם דופט פון דער פערגאַנגענהייט און די רייצענדע גרינע
פּאַרשניטענע ווענד ?

זיינען זיי טויט ? בלאָנדזשען זיי ארום צווישען די מאָדערנע
גאַסען, ווי לעבענסלענגליכע געפאַנגענע ? טאַנצען זיי א פאַנטאַס־
טישען מינועט אַלס וואונדערליכע געשפּענסטער צווישען די ציִ־
פּרעסען פון א בית־עולם אונטער דעם שיין פון דער לבנה ?

דער געדאַנק וועגען זיי פּייניגט מיך, קוועלט מיך און לאָזט
מיך ניט אָב, ער בלייבט אין מיר ווי א וואונד. ווארום ? איך
ווייס ניט.

איך זעהט עס אויס לעבערליך, ניט אמת ?



# מײן פּרוזי

עס איז געװען אויף אַ מאָלצײַט פון עטליכע פּערהײַראַטע מע־נער, אַלטע פרײנד, װעלכע האָבען זיך פערקליעבען א לעב צוטהאָן, װי אַמאָל אין די גוטע, אַלטע צײַטען. מען האָט לאַנג געגעסען, אַ סך געטרונקען; גערעדט װעגען אַלסדינג, אויפגערודערט אַלטע, פרעהליכע עראינערונגען, יענע װאַרעמע עראינערונגען, װעלכע גע־גען אונזער װילען צװינגען די ליפּען צו שמײכלען און דאָס האַרץ צו ציטערען. מען האָט גערעדט:

— דו געדענקסט, זשאָרזש, אונזער עקסקוירשאָן אין סען־זשערמען מיט די צװײ מײדלאַך פון מאָנטמארטר?

— אַ פראַגע צו איך געדענק! נאָך װי.

און מען האָט דערמאָנט אײנצעלהײטען, די און יענע, טװיזענ־דער קלײניגקײטען, װעלכע האָבען נאָך אמוזירט אפילו הײנט.

מען האָט גענומען רײדען װעגען דער הײראַטה און יעדער פון זײ האָט אויפריכטיג אויסגערופען:

— אַך, װען מען װאָלט עס אַלעס געקאָנט אָנהויבען פון דאָס ניי!...

זשאָרזש דע־פּאָרטען האָט צוגעלײגט:

— מערקװירדיג, װי לײכט מען פאַלט דאָ אַרײן. דו מאכסט בײ זיך פעסט אָב קײן מאָל ניט צו הײראַטהען; און דערנאָך קומט דער פריהלינג; אַ שפּאַציר־פאָהר הינטער דער שטאָדט; ס'איז װאַרעם; דער זומער איז אַזױ שעהן; דאָס גראָז גרינט; בײ בעקאַנטע טרעפסטו אַ יונג מײדעל... אײן מאָל! און פאַרטיג. קעהרסט זיך צוריק אַ פערהײראַטער מאַן...

— אמת! — האָט אויסגערופען פּיער לעטואַר — דאָס איז פּונקט אַזױ װי מיט מיר האָט פּאַסירט, דער אונטערשײד איז נור...

זיין פריינד האָט איהם אונטערבראָכען:

—וואָס דיך אנבעלאנגט, האָסטו זיך ניט וואָס צו בעקלאָגען — האָט ער געזאָגט — דו האָסט די רייצענדסטע פרוי אויף דער וועלט, א שעהנע, א'ן אנגענעהמע, די פאָלקאָמענהייט אליין. דו ביזט געוויס גליקליכער פון אונז אלע.

— דאָס איז זיכער ניט מיין שולד — האָט יענער געענט־פערט.

— וואָס הייסט?

— אמת, מיין פרוי איז טאקע די פאָלקאָמענהייט; נור חתונה געהאט מיט איהר האָב איך ניט מיט מיין אייגענעם ווילען.

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט... אָט ווי אזוי די זאך איז געשעהן. מיר איז געוועזן פינף און דרייסיג יאָהר, און איך האָב זיך פונקט אזוי נעקליעבען צו הייראטהען, ווי צו הענגען זיך. די יונגע מיידלאך האָבען אין מיינע אויגען אויסגעזעהן אָהן טעם. און איך האָב סתם פערגעטערט דאָס פרייע פרעהליכע לעבען.

דארף זיך מאכען, אז איך זאָל ווערען איינגעלאדען אין נאָר־מאנדיע צו מיין קאָזין סימאָן דע עראבעל אויף חתונה. דאָס איז געוועזן אין מאָנאט מאי און די חתונה איז געפראוועט געוואָרען אויף א'ן עכט נאָרמאנדישען שטייגער. צום טיש האָט מען זיך געזעצט א זייגער פינף ביי טאָג; עלף ביינאכט האָט מען נאָך געגעסען. צופעליג האָט מען מיך אוועקגעזעצט נעבען פריילען דע מוליען, די טאָכטער פון אן עקס־קאָלאָנעל. זי איז געוועזן יונג און בלאָנד, דרייסט און רעדעוודיג, א מיידעל, מיט איין וואָרט, איינמאָל א כוואט... זי האָט מיך אריינגעכאפט אין איהרע הענד אויף א גאנצען טאָג, אוועקגעשלעפט מיך אין פארק, געצוואונגען, צי איך האָב געוואָלט, צי ניט, טאנצען, האָט מיך איינפאך דער־הרגעט און גאָר.

איך האָב מיר געטראכט: — היינטיגען טאָג וועל איך שוין ווי עס איז איבערקומען, אָבער מאָרגען אנטלויף איך פון דאנען, נענוג!...

א זייגער עלף זיינען די דאמען זיך אוועק אין זייערע צימע־

רען; די מענער זיינען פערבליעבען רויכערען און נאָך אביסעל אריינגיסען, אָדער, אויב אייך געפעלט בעסער, אריינגיסען און נאָך אביסעל רויכערען.

דורך דעם אָפענעם פענסטער האָט זיך געזעהן א דאָרפישע הוליאנקע. די פויערים און פויערטעס האָבען געשפרונגען אין קאַראהאָד, צוברומענדיג צו דעם דאָזיגען ווילדען טאנץ זייערן; צוויי פידלער און א קלאַרנעטיסט זיינען געשטאנען אויף א קיכען־טיש און האָבען שוואַך אַקאָמפּאַנירט די טענצער. דאָס משונה׳דיגע געזאנג פון די פויערים האָט צייטענווייז אין גאנצען פערטויבט די קלאנגען פון די אינסטרומענטען; און די שוואכע מוזיק, צוריסען פון די ווילדע קולות, איז, דאכט זיך, ווי פון הימעל געפאַלען אין קליינע פּיצלאַך צופליקטע, צושאָטענע טענער...

צוויי ריזיג־גרויסע פעסער, ארומגערינגעלט מיט ברענענדיגע פאקעלן, זיינען אָנגעפילט געווען מיט משקאות פאר דעם עולם. צוויי מענשען זיינען געווען פערנומען מיט שווענקען די גלעזער און קריגלאַך אין א צעבער וואַסער. די אויסגעוואשענע גלעזער האָט מען גלייך ווידער אונטערגעשטעלט אונטער די צאַפּענס, פון וואנען עס האָט זיך געגאָסען א רויטער שטראָם פון וויין און א גאָלדענער שטראָם פון עפּעל־קוואַס, — און דורשטיגע טענצער, רוהיגע, עלטערע מענשען, פערשוויצטע מיידלאַך, האָבען זיך גע־שטופּט, געשטויסען, אויסגעשטרעקט זייערע הענד, כדי צו כאַפּען א גלאָז פון דעם געליעבטען געטראַנק... און געכאַפּט עס, האָבען זיי דעם קאָפּ אהינטער פערוואָרפען און מיט צוויי זופּען עס פער־שלונגען. אויף דעם טיש איז געווען ברויט, פּוטער, קעז און ווארשט. אלע האָבען געקייט, געשלונגען א שטיק נאָך א שטיק; און עס איז אָנגענעהם געווען צו קוקען אויף דעם דאָזיגען געזונדען און פארגרעבטען יום טוב אונטער דעם ליכטיגען, אויסגעשטערנ־טען הימעל. עס האָט אָנגענומען א חשק, צו געהן אהין, זיך אויף אָנטרינקען פון יענע גרויסע, גראָבע פעסער און פערבייסען מיט הארטען ברויט און ביטערע ציבעלע.

און איך האָב פערלאָזען מיינע פריינד און בין אוועק אהין.

— עס קאָן זיין, אז איך בין שוין דאן געווען אביסעלע פער־

שנאַסקעט ; מסתמא... ווייל באלד האָב איך דאָרט געכאַפּט פּאָר א האַנד א פּערסאָפּעטע, געזונדע פּויערטע און גענומען משונה'דיג שפּרינגען מיט איהר אַזוי לאַנג, ביז איך בין שיער ניט דערשטיקט געוואָרען.

דערנאָך האָב איך אויסגעטרונקען א גלאָז וויין און געכאַפּט א'ן אנדער טענצערקע. אום זיך אַביסעל אָבצופרישען, האָב איך אין זיך אריינגעגאָסען א גאַנצען קריגעל עפּעל־קוואַס און גענומען שפּרינגען, ווי א פּעררינקטער.

איך בין געווען פלינק, ריהרעוודיג. די בחורים האָבען גע־קוקט אויף מיר מיט התפּעלות און זיך געסטאַרעט מיר נאָכצומאַ־כען. די מיידלעך זיינען אויסגעגאַנגען צו טאַנצען מיט מיר און האָבען פּאַבריקעוועט מיט דעם חן און גראַציע פון בהמות...

צום סוף, אז איך האָב זיך גוט אָנגעטאַנצט און אריינגעגאָ־סען אין זיך א שען ביסעל אי וויין אי עפּעל־קוואַס, האָב איך א זייגער צוויי פאַרטאָג שוין ניט געקענט מעהר האַלטען זיך אויף די פיס.

איך האָב פערשטאַנען מיין לאַגע און געוואָלט זיך דערשלע־פּען צו מיין צימער. אין'ם הויז האָבען אלע געשלאָפען, עס איז געווען שטיל און פינסטער.

איך האָב ניט געהאַט קיין שוועבעלאָך און אַרום איז געווען שטאָק־פינסטער. ווי נור איך האָב זיך דערשלעפּט צום אריינגאַנג האָט מיך אָנגעבאַפּט א שוואַכקייט. מיט גרויס מאַטערניש איז מיר אָנגעקומען, ביז איך האָב געפונען די פּאַרענץ, צום סוף האָב איך עס פּאָרט ווי עס איז אָנגעטאַפּט און איך האָב זיך צוגעזעצט אויף דעם ערשטען טרעפּעל, סטאַרענדיג זיך צו קומען אַביסעל צו זיך.

מיין צימער האָט זיך געפונען אויף'ן צווייטען שטאָק, דריטע טיר לינקס. צו מיין גליק האָב איך עס ניט פערגעסען. געשטאַרקט פון דעם דאָזיגען געדאַנק, בין איך מיט גרויס מיה אויפגעשטאַ־נען און גענומען קריכען פון טרעפּעל אויף טרעפּעל. איך האָב זיך אָנגעהאַלטען מיטביידע הענד אָן די אייזערנע פּאַרענץ, גע־קראָכען און זיך געסטאַרעט ניט צו מאַכען קיין גערויש...

נור דריי אָדער פיער מאָל האָט מיין פוס ניט געטראָפען אויף דעם טרעפּעל און איך בין געפאַלען אויף די קניע ; אָבער אַ דאַנק מיינע ענערגישע הענד און מיין פעסטען אָנגעשטרענגטען ווילען, האָב איך זיך אויסגעהיט פון אין גאַנצען ארונטערצופאַלען און בין ארוים מיט גאַנצע ביינער.

קוים־קוים, מיט צרות, בין איך דערקראָכען צו דעם צווייטען שטאָק. איך האָב זיך געמאַכט מוטה און בין אריין אין קאָרידאָר, טאַפּענדיג די וואַנד. אָט איז איין טיר ; איך האָב געצעהלט : „איינס" ; נור דאָ פּלוצים האָט זיך מיר פערדרעהט דער קאָפּ און עס האָט מיך אַ שליידער געטהאָן פון דער וואַנד ביז צו דעם אַנ־דערען עק פון קאָרידאָר. איך האָב געוואָלט זיך אומקעהרען צו־ריק אויף אַ גלייכער ליניע. דער גאַנג איז געוועזן אַ לאַנגער און אַ שווערער. קוים־קוים האָב איך אָנגעטאַפּט די וואַנד און בין אַוועק פּאַזע איהר זעהר פאָרזיכטיג און געפונען די צווייטע טיר. אום צו זיין זיכער, אז איך האָב קיין טעות ניט ,האָב איך ווידער אַמאָל אָבגעצעהלט אין דער הויך : „צוויי". און זיך געלאָזט געהן וויימער. צום סוף האָב איך מיט מזל געפונען די דריטע טיר. איך האָב געזאָגט „דריי, דאָס איז מיין צימער !" און האָב אַ דרעה געטהאָן די קליאַמקע. די טיר האָט זיך געעפענט. ווי צוטומעלט איך בין ניט געוועזן, האָב איך פון דעסטוועגען אַ טראַכט געטהאָן : „זי האָט זיך געעפענט, הייסט עס, אַז ס'איז זיכער מיינע..." און איך בין אריין אין דער־פינסטער און שטיל צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר.

איך האָב זיך אָנגעשטויסען אָן עָטוואָס ווייכעס : מיין זאָפע. און גלייך האָב איך זיך אויף איהר אויסגעצויגען.

אין מיין לאַגע איז מיר ניט נויטיג געוועזן צו געהן זוכען אַ נאַכט־טישעל, אַ לייכטער, שוועבעלאַך. דאָס וואָלט ביי מיר גע־דויערט לכל הפחות אַ צוויי שעה און נאָך אַמאָל אַזוי פיעל וואָלט מיר גענומען מסתמא דאָס אויסטהאָן זיך. עס האָט זיך ניט גע־לוינט אפילו צו טראַכטען וועגען דעם...

איך האָב נור ארונטערגעשלעפּט די שיך ; אָבגעשפּיליעט

די וועסט, וועלכע האָט מיך אביסעל געדריקט, בעפרייט זיך פון די הויזען און בין אנשלאָפען געוואָרען, ווי א דער׳הרג׳עטער.

עס איז מסתמא אוועק א לאנגע צייט. איך בין גראָב אויפ־געוועקט געוואָרען פון א ציטערענדער שטימע, וועלכע האָט גאָר נאָהענט נעבען מיר געערערט:

— דו שלאָפסט נאָך, פוילענצערין דו? דער זייגער איז שוין צעהן. שטעה אויף!...

א פרויען־קול האָט געענטפערט:

— שוין צעהן? איך בין נעכטען געווען אזוי מיעד.

ווער רעדט דאָרט? — האָב איך זיך געוואונדערט, און בין געבליבען ווי א פערנליווערטער.

— וואו בין איך? וואָס האָב איך געטהאָן?

מיין קאָפּ איז געווען שווער, מיינע געדאנקען מיט א געדיכ־טען נעבעל פערצויגען.

די ערשטע שטימע האָט געזאָגט:

— איך וועל דיר אויפהויבען די פאָרהאנגען.

און איך האָב דערהערט טריט. זיי האָבען זיך געטראָגען אלץ נעהענטער און נעהענטער צו מיר. איך בין געזעסען אין גאנצען א צומישטער. דערנאָך האָב איך דערפיהלט א האנד אויף מיין קאָפּ. איך האָב זיך האסטיג א הויב געטהאָן. די שטימע האָט געפרעגט אין דערהויך: „ווער איז דאָ?” איך האָב שטארק מורא געהאט צו ענטפערען. צוויי צורייצטע הענד האָבען מיך א כאפּ געטהאָן. איך האָב אויך עפּעס עמיצען אָנגעכאפּט און עס האָט זיך אָנגעהויבען א שרעקליכע ראנגלעריי. מיר האָבען זיך געקאטשעט איבער דר׳ערד, אומגעוואָרפען דאָס מעבעל, אָנגע־קלאפּט זיך אָן די ווענד.

א פרויען־קול האָט מיט שרעק געשריען: „ראטעוועט! ראַ־טעוועט!”

עס זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען דיענער, שכנים, דאמען צו־מישטע פאר שרעק. מען האָט געעפענט די לאָדענס, ארויפגע־צויגען די פאָרהאנגען. איך האָב זיך געפונען אין די ארעמס פון קאָלאָנעל דעמולען!

איך בין געשלאָפען נעבען זיין טאָכטערס בעט.

ווען מען האָט אונז פונאַנדערגענומען בין איך אַנטלאָפען צו זיך אין צימער, אַ נאַרישער און אַ צורולטער. איך האָב זיך פּער־שפּאַרט אויף׳ן שלאָס און זיך געזעצט, די פיס אונטער זיך אויף אַ שטול. מיינע שיך זיינען געבליעבען אין דער מיידעל׳ס צימער.

איך האָב געהערט אַ גרויסען גערודער אין גאַנצען הויז, אַ קלאַפּען פון טירען, אַ שושקען, שנעלע טריט.

אין אַ האַלבע שעה ארום האָט מען אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. איך האָב אַ געשריי געטהאָן: „ווער איז דאָרט?“ דאָס איז געווען מיין אָנקעל, דער פאָטער פון׳ם חתן, ביי וועמען עס איז נעכטען געווען חתונה. איך האָב געעפענט.

ער איז געווען בלאַס און בייז און איז זיך בעגאַנגען מיט מיר גראָב:

— דו פיהרסט זיך אויף ביי מיר אין הויז, ווי אַ פּויער, דו פערשטעהסט? — האָט ער געזאָגט און צוגעלי׳גט שוין אביסעל ווייכער: — דו גרויסער נאַר, ווי אַזוי לאָזטו זיך דאָס כאַפּען אויף׳ן אָרט צעהן אַ זייגער אין דער פריה! שלאָפסט איין, ווי אַ קלאָץ אין דעם זעלביגען צימער, אַנשטאַט וואָס דו האָסט געדאַרפט זיך אָבטראָגען גלייך נאָך דעם... גלייך, גלייך געהט מען אַוועק!...

איך האָב אויסגעשריען:

— אָבער, אָנקעל, איך פערזיכער אייך, עס איז ניט געווען קיין זאַך... איך האָב בלויז אַ טעות געהאַט אין דער טיר, איך בין געווען שיכור.

ער האָט אַ דריק געטהאָן די אַקסלען:

— רייד ניט קיין נאַרישקייטען, איך בעט דיך.

איך האָב אויפגעהויבען די האַנד: — איך שווער אייך ביי מיין עהרע!

— דער אָנקעל האָט ניט געגלויבט:

— נו, געוויס, דו מוזט אַזויריידען!

איך האָב זיך בעליידיגט און איהם דערצעהלט אַלסדינג וועגען מייז אונגליקליכער פּאַסירונג. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט פערוואונדערטע אויגען, ניט געוואוסט, צי זאָל ער גלויבען צי ניט.

דערנאָך איז ער אוועק זיך מיישב זיין מיט דעם קאָלאָנעל.
איך האָב זיך דערוואוסט, אז עס האָט זיך געבילדעט אזא מין טריבונאל פון מוטערס, וועמען מען האָט געמעלדעט די פערשיע־דענע איינצעלהייטען פון דער פּאַסירונג.
אין א שעה ארום האָט זיך דער אָנקעל צוריק געקעהרט. ער האָט זיך געזעצט און מיט דער מינע פון א ריכטער האָט ער אָנגע־הויבען:
— ווי עס זאָל דאָרט ניט האָבען געווען, אָבער פאר דיר זעה איך ניט קיין אנדער אויסוועג, ווי חתונה צו האָבען מיט מארע־מאזעל דע מולען.
איך בין אויפגעשפּרונגען פאר שרעק:
— קיין מאָל ניט!
ער האָט געפרעגט הארט:
— וואָס־זשע דענקסטו צו טהאָן?
איך האָב געענטפערט איינפאך:
— ס׳פערשטעהט זיך... אוועקפאָהרען אזוי שנעל ווי מען וועט מיר אָבגעבען מיינע שיך.
— שפּאַס אָן א זייט — האָט געענטפערט מיין אָנקעל — דער קאָלאָנעל האָט בעשלאָסען דיר צו לעבערען דעם מוח מיט א קויל, ווי נור ער וועט דיך דערזעהן. און דו מעגסט זיין זיכער, אז ער מאַכט ניט קיין אומזיסטע סטראַשונקעס. איך האָב גערעדט מיט איהם וועגען א דועל, וויל ער ניט הערען און ענטפערט: „ניין, איך זאָג אייך, אז איך וועל איהם צו לעבערען דעם מוח.״
לאָמיר אצינד בעטראכטען די דאָזיגע פראגע פון א׳ן אנ־דער שטאנדפּונקט.
אָדער דו האָסט ווירקליך רואינירט אזא יונג קינד און דאן איז קיין שטראָף פאר דיר ניט צו הארט, מיין איינגעל; ועסט ווייטער ניט קריכען צו יונגע מיידלאך — אָדער דו האָסט, ווי דו זאָגסט, שיכורערהייט א טעות געהאט, און דאָס איז נאָך ערגער פאר דיר. שטעל זיך ווייטער ניט אוועק אין אזא נארישער לאגע. אזוי צו אזוי, דאָס ארעמע מיידעל האָט פערלאָרען איהר גוטען נאָמען, ווייל קיינער וועט ניט גלויבען די ערקלעהרונגען פון א

שיכורען. זי איז, אלזאָ, דער איינציגער און אמת'ער אָפּפער. טהו גוט א טראַכט וועגען דעם.

ער האָט עס געזאָגט און איז זיך אַוועק. איך האָב איהם נאָכגעשריען :

— איהר מעגט זאָגען, וואָס איהר ווילט. איך וועל ניט חתונה האָבען.

דערנאָך איז געקומען מיין מוהמע. זי האָט געוויינט. האָט אויף אַלע אופנים געסטארעט מיך איבערצורעדען. קיינער גלויבט ניט אַז איך האָב א טעות געהאט. עס איז ניט מעגליך, אַז א יונג מיידעל זאָל פערגעסען צו פערשפּארען איהר טיהר אויף'ן שלאָס אין א הויז, פול מענשען. דער קאָלאָנעל האָט זי געשלאָגען. זי האָט געקלאָגט א גאנצען פריה־מאָרגען. דער סקאנדאַל איז א שרעקליכער, אונמעגליך איהם צו פערשטיקען.

און מיין גוטע מוהמע האָט צוגעלייגט :

— דו מוזט איהר פונדעסטוועגען פאָרשלאָגען צו הייראטען. אפשר שפּעטער, ווען עס וועלען זיך אָנהייבען די פערהאנדלונגען וועגען דעם הייראטס־קאָנטראקט, וועסטו געפינען א מעגליכקייט זיך ארויסצודרעהען פון דעם גאנצען עסק.

ביי דעם געדאנק, אַז עס איז נאָך דאָ א מעגליכקייט צו בע־פרייען זיך, איז מיר לייכטער געוואָרען אויף'ן הארצען, און איך האָב איינגעוויליגט אָנצושרייבען א בריעף מיט א פּאָרשלאָג צו היי־ראטהען. אין א שטונדע ארום בין איך ארויסגעפאָהרען קיין פּאריז.

אויף מאָרגען האָט מען מיר געלאָזט וויסען, אַז מיין פּאָרשלאָג איז גנעדיג אָנגענומען געוואָרען.

אין דריי וואָכען ארום, נאָך איידער איך האָב צייט געהאט אויסצוטראכטען עפּעס א שפּיצעל, א דריידעל, איז געמאכט גע־וואָרען א'ן עפענטליכע ערקלעהרונג וועגען אונזער חתונה, בילע־טען זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען, דער קאָנטראקט אונטערגע־שריעבען און אין א געוויסען מאָנטאג אין דער־פריה האָב איך זיך געפונען אין א העל־בעלויכטער קירכע נעבען א יונג מיידעל, וועל־כע האָט ביטער געוויינט. איך האָב ערקלעהרט דעם גלח, אַז איך

בין בערייט צו נעהמען זי אלס פריינדין... אויף דעם גאנצען לע־
בען, ביז איינער פון אונז וועט שטארבען.

איך האָב זי נאָך ניט געזעהן און האָב געקוקט אויף איהר פון
דער זייט מיט אַ געוויסער פיינדשאפט. דאָך, זי איז ניט געווען
מיאוס, געווים ניט. איך האָב מיר געטראכט : „אזא מיידעל
וועט אמוועניגסטען ניט לאכען גאנצענע טעג".

זי האָט אויף מיר ניט א מאָל א קוק געטהאָן ביז'ן סאמע
אבענד און ניט געזאָגט קיין איין וואָרט.

ארום האלבע נאכט בין איך אריין אין שלאָף־צימער איהר
מיטצוטהיילען מיינע בעשליסע, וואָרים איצט בין איך דאָך געווען
דער בעל הבית.

איך האָב זי געטראָפען זיצענדיג אין א פאטעל, אָנגעטהאָן
ווי בייטאָג, א בלייכע און מיט רויט פערוויינטע אויגען. זי איז
אויפגעשטאנען, ווי נור איך בין אריין און איז מיט שווערע טריט
צוגעגאנגען צו מיר :

— מיין הערר — האָט זי צו מיר געזאָגט — איך בין בערייט
צו טהאָן אלסדינג, וואָס איהר וועט מיר הייסען. איך וועל זיך
טויטען, אויב איהר וועט עס פערלאנגען.

זי איז געווען שעהן, די דאָזיגע טאָכטער פון דעם קאָלאָנעל,
ווי יעדער אין אזא העלדען־ראָלע. איך האָב זי ארומגענומען.
איך האָב א רעכט געהאט אויף דעם. ניט אזוי ?

און אין גיכען האָב איך דערזעהן, אז איך האָב זיך גאָר ניט
אָפּגענארט.

— עס איז שוין פינף יאָהר, ווי איך בין פערהייראטה. איך
האָב נאָך קיין איין מאָל ניט חרטה געהאט אויף דעם.

פיער לעטואל איז אנשוויגען געוואָרען. זיינע חברים האָבען
געלאכט. איינער פון זיי האָט געזאָגט :

— די הייראטה איז — א לאָטערעע ; מען דארף קיין מאָל
ניט קלייבען די נומערען : די צופעלינע — זיינען די סאמע בעסטע.

און א צווייטער האָט דערנאָך צוגעלייגט :

— יא, אָבער איהר מוזט ניט פערגעסען, אז פאר פיער'ן האָט
אויסגעקליבען דער גאָט פון שיכרות...

# זזערטער פון ליעבע

זונטאג.

מיין טהייער, דיק העהנדרלע!

דו שרייבסט מיר ניט, איך זעה דיך ניט, דו קומסט ניט. ליעבסטו דען מיך ניט מעהר? וואָרום? וואס האב איך גע־טהאָן? זאָג עס מיר, איך בעט דיך, מיין ליעבער. איך האב דיך אזוי ליעב, אזוי ליעב, אזוי ליעב! איך וואלט וועלען, דו זאלסט אייביג זיין נעבען מיר, אייביג, אז איך זאל דעם גאנצען טאג דיך קענען קושען און רופען מיט די צערטליכסטע נעמען: הערר־צעלע מיינס, קעצעלע מיינס, מיט אלע נעמען, וואס וועלען מיר נור איינפאלען. איך פערגעטער, פערגעטער, פערגעטער דיך, מיין שען העהנדרעלע!

דיין ציפליאָניקעל סאפיע.

מאָנטאג.

מיין ליעבע פריינדין!

דו וועסט, מסתמא, קיין וואָרט ניט פערשטעהן פון דעם, וואס איך האב אין זינען דיר צו זאָגען. אָבער עס מאכט נישט. ווען מיין בריעף זאל אמאל צופעליג ארייגפאלען אין די הענד פון אנאנדער פרוי, וועט ער איהר פילייכט צוניץ קומען.

ווען דו זאָלסט זיין טויב און שטום, וואָלט איך דיך זיכער נאָך לאנג, לאנג געליעבט. דאָס הויפט אונגליק קומט פון דעם, וואס דו רעדסט, נור פון דעם!

א דיכטער האט אמאל געזונגען:

„אן איינפאכער אינסטרומענט אויף אין די גליקליכע טעג ביזטו נור געוועזען, אויף וועלכען מיין בויגען האט געשפיעלט.

ווי א ליעד אויף לעערען האַלץ אויסגעשפּיעלט, אזוי האָט מיין ליעד אויף דיין לעערען הארצען געקלונגען".

זעהסטו, ווען מען ליעבט מאכט מען אימער ליעדער, וויל מען אָבער די ליעדער זאָלען קלינגען, טאָר מען זיי ניט אונטער־ברעכען. רעדט מען, בעת מען קושט זיך, אונטערברעכט מען שטענדיג דעם בערוישענדען טרוים פון די זעעלען, סיידען די ווער־טער, וואָס מען רעדט, זיינען בעזאָנדערס ערהאבענע, און ערהאַ־בענע ווערטער ווערען ניט געבאָרען אין די קלייניצקע קעפּעלאַך פון שעגינקע מיידעלאַך.

דו פערשטעהסט קיין וואָרט, ניט אמת ? גלייכער אזוי. איך געה ווייטער. דו ביזט זיכער איינע פון די רייצענדסטע פרויען, וואָס איך האָב אויף מיין לעבען ווען געטראָפען.

איז דען דאָ אויף דער וועלט אויגען מעהר פער'חלום'טע ווי דיינע ? אויגען, אין וועלכע עס זאָל רוהען מעהר כישוף, מעהר ליעבע, ווי אין דיינע ? איך גלויב ניט. און ווען דיין מויל שמייכעלט מיט זיינע צוויי רונדע ליפּען און ווייזט ארוים דיינע גלענ־צענדע צייהנדעלאַך, דאַן ערוואַרטעט מען אימער, אז פון דעם דאָ־זיגען רייצענדען מיילכעלע זאָל ארויסשטראָמען די ערהאבענ־סטע מוזיק, עטוואָס אונגעוועהנליך זיסעס און הארציגעס, וואָס זאָל ביי יעדען טרערען ארויסרייסען.

אין דער אייגענער מינוט ווענדעסטו זיך צו מיר מיט א קאַל־טען שמייכעל און רעדסט ארוים : „שעגינקער פּעטינקער קראַ־ליק'ל מיינער !" און דאַן ווייזט זיך מיר אוים מיט אמאָל, אז איך זעה דיך דורך און דורך, זעה, ווי עס בעוועגט זיך אין דיר דיין קליין נשמה'לע, דאָס נשמה'לע פון א קליינער, שעהנער פרוי, פון א שעהנער אָבער... און דאָס שטערט מיר, ווייסטו, דאָס שטערט מיר זעהר. בעסער וואָלט איך עס ניט געזעהן.

דו פערשטעהסט נאָך אלץ ניט, וואָס איך מיין, ניט אמת ? איך האָב עס פריהער געוואוסט.

געדענקסטו נאָך, ווי דו ביזט דאָס ערשטע מאָל צו מיר געקו־מען ? האַסטיג ביזטו אריינגעקומען און האָסט פערשמעקט דאָס גאַנצע צימער מיט דעם דופט פון פייַלכען־בלומען. מיר האָבען

שווייגענדיג זיך אָנגעקוקט, דאַן זיך געקושט, ווי משוגעים... דאַן ביז אויף מאָרגען האָבען מיר ניט גערעדט...

אָבער ווען מיר האָבען זיך צושיידט, האָבען אונזערע הענד געציטערט און אונזערע אויגען האָבען זיך דערצעהלט זאכען, זאַכען, וואָס קיין שפּראַך איז ניט אימשטאַנד אויסצודריקען. אַזוי ווענינגסטענס האָב איך געדענקט. און ביים ארויסגעהן האָסטו שטיל אַרויסגעפּליסטערט: „צום ווידערזעהן!“ דאָס אַלעס, וואָס דו האָסט געזאָגט, און דו קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אין וועלכער פער'כישופ'טער שטימונג דו האָסט מיך איבערגעלאָזט, וואָס איך האָב געזעהן, וואָס איך האָב פערשטאַנען אין די דאָזיגע פּאָאָר ווערטער!

פערשטעהסטו מיך, אָרמעס קינד, פאַר אַ מאַן, וואָס איז ניט בעשרענקט, פאַר אַ מאַן מיט אַ פיין־פיהלענדיגער זעעלע, איז די ליעבע אַזוי צאַרט געוועבט, דאָס דער מינדסטער הויך קאָן זי אָוועקבלאָזען. ווען איהר פרויען ליעבט, בעמערקט איהר ניט די לעכערליכקייט פון מאַנכע זאַכען און די אונפּאַסענדסטע ווערטער זשעניִרען אייך ניט.

וואַרום ווירקט דאָס אייגענע וואָרט גאַנץ אַנדערש, ווען עס איז אַרויסגערעדט פון פערשיעדענע פרויען? וואַרום קלינגט דאָס אייגענע וואָרט אויפריכטיג און אַנגענעהם, ווען עס איז אַרויסגערעדט פון אַ קליינער ברונעטקע, און פאַלש און לעכערליך, ווען עס איז אַרויסגעשפּראָכען פון אַ דיקער בלאָנדינקע? וואַרום פּאַסט אַ שטיפערישע מינע דער פרוי יאָ און יענער ניט? וואַרום איז איינע און די זעלביגע צערטליכקייט ביי איין פרוי אונז שטאַרק אַנגענעהם און ביי דער צווייטער אונערטרעגליך? וואַרום? ווייל אין אַלע זאַכען, און בעזאָנדערס אין דער ליעבע, איז נויטיג פאָלקאָמענע האַרמאָניע. מינע, וואָרט, שטימע, ליעבעס־אויסדרוק מוז פּאַסען צו דער פרוי, וואָס רעדט און קושט אייך, מוז שטימען מיט איהרע יאָהרען, מיט איהר געשטאַלט, מיט דער פאַרב פון איהרע האָאָר, מיט דער אַרט פון איהר שענקייט.

ווען אַ פרוי פון פינף און דרייסיג יאָהר, אין די דאָזיגע יאָהרען, פון איהרע שטאַרקסטע ליידענשאַפטען, ווען אַזאַ פרוי זאָל

איינהאַלטען כאָטש א סמן פון די שטיפערישע צערטליכקייטען פון איהרע יונגע יאָהרען ; ווען זי פערשטעהט ניט, אז זי מוז זיך גאנץ אנדערש אויסדריקען, גאנץ אנדערש קוקען, גאנץ אנדערש קושען, אז זי איז ניט קיין יונג מיידעלע, — וועט זי ביי ניין פון צעהן מע־נער זיכער ארויסרופען אן עקעל, ווען יענע זאָלען אפילו ניט קלאָר וויסען די אורזאַך, וואָרום זי איז אפשטויסענד.

דו פערשטעהסט דאָס ? ניין. איך האָב עס געוואוסט.

פון יענעם טאָג אָן, ווי דו האָסט אויף מיר מיט פולע צעבערס גענומען גיסען דיינע צערטליכקייטען, האָט זיך פאר מיר אַלעס גע־ענדיגט, מיין פריינדין.

עס האָט אָפט געטראָפען, אונזער קוש האָט זיך געצויגען מי־נוטען־לאַנג. א פייערדיגער, א ליידענשאפטליכער אונטער געיִשלאָ־סענע אויגען, אזוי ווי מיר וואָלטען מורא געהאט, ער זאָל זיך דורך אונזער בליק ניט אויסגיסען, אזוי ווי מיר וואָלטען וועלען איהם פער־האַלטען אין גאַנצען אין אונזער דונקעלער, אויפגעשטורמטער נשמה. דערנאָך, ווען מיר האָבען זיך אָפגעריסען איינער פון דעם אנדערען, האָסטו זיך אָנגערופען מיט א הילכענדיגען געלעכטער : „איאָ געשמאַק, דיק הינטעלע מיינס !"

אין יענער מינוט בין איך קאַפּאַבעל געווען דיך צו שלאָגען, צו נהרג'ען !

דו האָסט מיך כסדר גערופען מיט אַלע נעמען פון הויז־חיות און גרינסען, וואָס דו האָסט נור געוואוסט, א דאנק די ביכער : „די בירגערליכע קעכין", „דער פארטיגער גערטנער" און עלעמאַנ־טערע לעקציאָנען פון דער נאַטור־געשיכטע פאר די אונטערשטע „קלאַססען". אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

די צערטליכקייטען פון דער ליעבע, ווען מען זאָל זיך אין זיי גוט אריינטראכטען, זיינען גראָב, טיריש און נאָך ערגער. דער דיכ־טער מוססע האָט געזאָגט : „נאָך אימער געדענק איך די פירכ־טערליכע קרעמפּפען, די קושען אָהן ווערטער, וואָס צינדען די לייִ־בער, דעם גלאַנץ פון די פערשצעמעטע צייהן און די טויטענ־בלייכ־קייט פון די געזיכטער. שרעקליכע שטונדען !..."

שרעקליכע אָדער לעכערליכע !... אָה, מיין אָרמעס קינד,

וועלכער בייזער גייסט, וועלכער ליץ האָט דיך געשטופּט צו ריידען
אָט די דאָזיגע ווערטער, וואָס דו האָסט אמאָל גערעדט, בעת... דו
ביזט אין מיינע ארעמס געלעגען !

זיי האָבען זיך אַלע איינגעגעסען אין מיין גערעכנים, אָבער
אוים ליעבע צו דיר וועל איך זיי ניט איבערזאָגען.

היינט ביזטו גלאַט ניט געוועזען טאקטיש, און דו ביזט אָפּט
ארויסגעפאָהרען מיט א בעגייסטערטען „איך ליעב דיך" ביי אזוינע
געלעגענהייטען, דאָס איך האָב זיך געמוזט איינהאַלטען מיט אלע
קרעפטען, אום ניט צוצולאכען זיך. עס זיינען דאָ מאָמענטען, ווען
די ווערטער „איך ליעב דיך" זיינען גאָר ניט אם פּלאץ, ווען זיי
זיינען כמעט מיאוס. גערענק עס !

אָבער דו ווערסט דאָך עס סיי־ווי ניט פערשטעהן !

נאָך אנדערע פרויען וועלען מיך ניט פערשטעהן, אזוי ווי דו,
און וועלען מיך פאַר א נארר האַלטען. דאָס, אגב, אַארט מיך ניט.
הונגעריגע עסען גיעריג. אָבער פיינ־שמעקער קענען ניט אָנקוּ־
קען דאָס עסען אמאָל צוליעב א קלייניגקייט. וועגען דער ליעבע
קאָן מען זאָגען דאָס אייגענע, ווי וועגען דאָס עסען.

איינס קען איך ניט פערשטעהן : ווי אזוי פרויען, וואָס קענען
דעם גאנצען פערפיהרערישען רייץ פון זיידענע זאָקען, דעם גאנצען
כישוף פון פארבענ־צוזאמענשטעלונגען, די גאנצע אנציהונגס־
קראפט פון טהייערע שפּיצען אויף זייערע אונטער־קליידער, די
גאנצע אויפרעגענדיגע ווירקונג פון דעם געהיימען לוקסוס, פון די
פיינע וועש און אנדערע קלייניגקייטען פון ווייבערשען עלעגאנץ, —
ווי אזוי אזעלכע פרויען פערשטעהן ניט יענעם שרעקליכען עקעל,
וואָס זיי ערוועקען אין אונז מיט זייערע אונפּאסענדע אָדער גראָבע
צערטליכקייטען.

א גראָב וואָרט טהוט אויף אמאָל וואונדער, בעלעבט דעם
קערפּער, צינדט אָן דאָס בלוט. אזא וואָרט איז ערלויבט אין דער
מינוט פון'ם געפעכט. אָבער מען מוז שווייגען אויך קאָנען און אין
געוויסע צייטען מוז מען זיך היטען פון צו ריידען אלא פּאָול־דע־
קאָק.

איך שיק דיר א הייסען קוש, נור אונטער דעם בעדינג, אז דו
זאָלסט שווייגען. רענע.

# די נוסס'ע

נאָכ'ן עסען זיינען די הערין אריינגעגאנגען אין רויכ־צימער פּלוידערען א ווייל. מען האָט גערעדט פון אינטערע־סאנטע צוואות, אונערווארטעטע ירושות און אזוי ווייַ־טער. הערר לעבריומען, וועמען די איבעריגע האָבען גערופען א מאָל „געלעהרטער" און א מאָל „בעריהמטער אדוואָקאט", האָט זיך בעקוועם אָנגעשפּארט אָן קאמין.

— איך האָב איצט — האָט ער אָנגעהויבען — אויפצוזוכען א יורש, וועלכער איז אונטער אונגעוועהנליכע, מורא'דיגע אומ־שטענדען, פערשוואונדען געוואָרען. די געשיכטע איז איינע פון יענע איינפאכע, טרויעריגע טראגעדיעס, וועלכע שפּיעלען זיך אָב טאָג טעגליך און קיינער ווייס פון זיי גאָרנישט; דאָס איז א פאל וואָס קען זיך טרעפען אלע טאָג, און איז דאָך דער שרעקליכסטער אין זיין ארט, וואָס מיר איז ווען־עס־איז אויסגעקומען צו הערען.

מיט א מאָנאטען זעקס צוריק האָט מען מיך גערופען צו א נוסס'ער.

זי האָט צו מיר געזאָגט:

— מיין הערר, איך וויל אייך איבערגעבען א שווערען, פער־לייגנערטען און אונגעוועהנליכען אויפטראג. לעזט איבער, זייט אזוי גוט, מיין צוואה דאָרט אויף'ן טיש. אין איהר איז בעשטימט פאר אייך א האָנאָראר פון פינף טויזענד פראנק, אין פאל, אויב איך וועט גאָרנישט געלינגען אויפצוטהאָן אין דער זאך, און הונ־דערט טויזענד פראנק, אויב אייער ארבייט וועט האָבען א'ן ער־פאָלג. דאָ האנדעלט זיך וועגען דעם, אז איהר זאָלט אויפזוכען מיין זוהן — נאָך מיין טויט.

זי האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהר העלפען אויפזועצען זיך אין בעט, אום עס זאָל איהר לייכטער זיין צו רעדען: איהר קול איז געווען א פערשטיקטער, א קייכענדיגער.

איך האָב זיך ארומגעקוקט און געזעהן, אז איך געפין מיך אין זעהר א רייכען הויז. דאָס גרויסארטיג־מעבלירטע צימער איז אין גאַנצען געווען בעשלאָגען מיט דיקע שטאָפען, וואָס האָבען ארויסגערופען א ווייכע, מילדע שטימונג און האָבען געמאכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען איינזויגען אין זיך יעדען גערויש, דעם קלאַנג פון די ווערטער און עס דאָרט בעהאַלטען.

די גוסס'ע האָט אָנגעהויבען:

איהר זייט דער ערשטער מענש, וועלכער וועט ערפאהרען מיין שרעקליכע געשיכטע. איך וועל מוזען אָנווענדען אַלע מיי־נע קרעפטען, אום צו קענען דערצעהלען זי ביז'ן סוף. איהר מוזט וויסען דעם גאַנצען אמת... איך קען אייך פאַר א מענשען מיט א גוט הארץ און גרויסע פעהיגקייטען, און איך גלויב אין אייער אויפריכטיגקייט... איך האָף, אז איהר וועט אָנווענדען אַלע מעג־ליכע מיה, מיר צו העלפען... הערט מיך אַלזאָ אויס: פאַר מיין חתונה האָב איך געליעבט א יונגען מאַן, וועלכען מיינע עלטערן האָבען ניט געוואָלט, ווייל ער איז ניט געווען רייך גענוג. אין א קורצער צייט ארום האָב איך געהייראַט מיט א'ן אנדער'ן, זעהר א רייכען מאַן; איך האָב חתונה געהאַט מיט איהם, ווייל טאַטע־מאַמע האָבען אַזוי געהייסען, ווייל איך בין געצוואונגען געווען צו־פאָלגען... קורץ, ווי עס האָבען חתונה אַלע רייכע יונגע מיידלאַך.

מיר האָבען געהאַט איין קינד, אַן אינגעל. אין עטליכע יאָהר ארום איז מיין מאַן געשטאָרבען.

דער, וועמען איך האָב פריהער געליעבט, האָט אונטער דער צייט אויך חתונה געהאַט. ווען ער האָט דערהערט, אז איך בין געוואָרען א'ן אַלמנה, האָט איהם שטאַרק פערדראָסען, וואָס ער איז נישט פריי. ער איז געקומען צו מיר און זיינע זיפצען און טרערען האָבען מיר דאָס הארץ צוריסען. ער איז געוואָרען מיין פריינד. אפשר האָב איך איהם ניט געדאַרפט צולאָזען צו זיך. אָבער דאָך... איך בין געווען איינע אַליין, האָב זיך געפיהלט אַזוי

עלענד, אזוי טרויעריג, אזוי פערצווייפעלט! און איהם האָב איך דאָך ליעב געהאט, שוין פון לאנג ליעב געהאט! אָה, ווי שרעק־ליך עס איז אמאָל דאָס לעבען!

אויף דער גאנצער ווייטער וועלט האָב איך קיין איין לע־בעדיגען מענשען ניט געהאט, אויסער איהם — מיינע עלטערן זיי־נען דורך דער צייט אויך געשטאָרבען. עטליכע אבענדען האָט ער פערבראכט ביי מיר. איך וויים, איך האָב עס ניט געטאָרט דערלאָזען, ווייל ער האָט געהאט א פרוי. איך האָב אָבער ניט געהאט דעם מוטה, איהם אָבצושטויסען פון זיך. וואָס איז דא פיעל צו רעדען? קורץ: ער איז געוואָרען מיין געליעבטער!... ווי אזוי עס איז געקומען דערצו? איך וויים נישט. איך גלויב, אז קיינער ווייסט נישט ווי אזוי דאָס קומט! און גלויבט איהר, אז עס איז מעגליך, עס זאָל זיין אנדערש, ווען צוויי מענשליכע וועזענס ווערען געצויגען איינער צום אנדער'ן דורך דער געוואל־דיגער קראפט פון געגענזייטיגער ליעבע? גלויבט איהר, אז עס איז מעגליך שטענדיג מלחמה צו האלטען, שטענדיג זיך וועהרען, שטענדיג ענטזאגען דעם מענשען, וועלכען מען פערגעטערט, וועל־כען מען וויל זעהן א גליקליכען, וועלכען מען וואָלט וועלען געבען צו געניסען פון אלע פריידען, פון אלע פערגעניגענס אין דער וועלט? און אָפּזאָגען איהם דעמאָלט, ווען ער בעט און וויינט, ווען ער ליעגט פאַר אייך אויף די קניע און יאָמערט, ווען ער ווענ־דעט זיך צו אייך מיט בערוישענדיגע רייד און ברענענדיגער ליי־דענשאפט! מען טאָר דאָס נישט טהאָן, וועט איהר זאָגען, דאָס איז געגען די אנשטענדיגקייטס־בעגריפען פון דער וועלט! אָבער וואָס פאַר א מין קראפט דאַרף מען האָבען זיך אָבצוזאָגען פון גליק, וואָס פאַר א מין נארישען עגאאיזמוס מוז מען בעזיצען, אום אין אזא מינוט „ניין!" צו זאָגען, אין נאָמען פון כלומרשט'דיגער אנשטענדיגקייט! — — —

קורץ, איך בין געוואָרען זיין געליעבטע, און בין געוועזען גליקליך. צוועלף יאָהר נאָכאנאנד בין איך גליקליך געוועזען... און נאָך א גרעסערע עולה בין איך בעגאנגען: איך בין געוואָרען די פריינדין פון זיין פרוי.

מיר האָבען ערצויגען צוזאַמען מיין זוהן; מיר האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ מענשען, פאַר אַ טיכטיגען און קלוגען מענ־שען, פול מיט ענערגיע, מיט שטרעבונגען, פול מיט שענע, ערהאַ־בענע אידעען. דאָס קינד איז אַלט געוואָרען זיעבצעהן יאָהר. ער האָט ליעב געהאַט מיין... מיין געליעבטען פונקט אַזוי ווי איך, ווייל ער איז פון אונז ביידען מיט גלייכע ליעבע און צערטליכקייט ערצויגען געוואָרען. ער האָט איהם רעספּעקטירט און געשעצט פון גאַנצען הארצען, ווייל יענער האָט איהם שטענדיג געדיענט אַלס מוסטער פון קלוגשאַפט, עהרליכקייט און אַנשטענדיגקייט. ער פלעגט קוקען אויף איהם, ווי אויף אַ'ן אַלטען, טרייען און איבער־געבענעם פריינד פון זיין מוטער; ווי אויף אַ מין גייסטיגען פאָ־טער, אַפּעקון און בעשיצער.

און אפשר האָט ער זיך גאָר קיין מאָל קיין פראַגע ניט געשטעלט וועגען אונזערע בעציהונגען, ווייל ער איז פון זיין פריה־סטער יוגענד אָן געוואָהנט געווען צו זעהן איהם נעבען מיר, אין אונזער הויז און שטענדיג צוגעבונדען, פול מיט אינטערעס צו אונז.

איין מאָל אין אַן אבענד האָבען מיר אָבגערעדט אַלע דריי צוזאַמען צו עסען (דאָס פלעגט פאַסירען גאַנץ אָפט און אַזוינע אבענדען פלעגען אַלע מאָל זיין ביי מיר אַ גרויסער יום טוב). איך האָב זיי ביידען ערוואַרטעט און האָב זיך אַליין געפרעגט, ווער פון זיי וועט קומען דער ערשטער. די טיר האָט זיך געעפענט: דער ערשטער איז געקומען מיין פריינד. מיט אָפענע אַרעמס בין איך איהם אַנטקעגען געגאַנגען און ער, אַ גליקליכער, האָט אָבגעע־פרעסט אַ הייסען, צערטליכען קוש אויף מיינע ליפּען. פלוצים האָבען מיר דערהערט הינטער זיך עפּעס אַ שטילען גערויש, אַ שאָרך... עס האָט אונז ביידען אַ זעץ געטהאָן אין הארצען, און אַ שוידער איז אונז איבער'ן לייב אריבער פון עפּעס אַ'ן אונבע־וואוסטען, אונהיימליכען געפיהל. מיר האָבען זיך האַסטיג אַ־קעהר געטהאָן און אומגעקוקט: זשאַן, מיין זוהן, בלאַס ווי דער טויט, איז געשטאַנען פאַר אונז...

דאָס איז געווען אַ מאָמענט פון אונמענשליכען, אונגע־

וועהנליכען שרעק. איך בין אָבגעשפּרונגען צוריק און האָב אויס־
געשטרעקט מיינע הענד, ווי מיט געבעט, צו מיין זוהן. איך האָב
איהם שוין אָבער מעהר נישט געזעהן... ער איז פערשוואונדען
געוואָרען.

מיר זיינען געבליעבען שטעהן איינער אנטקעגען אנדער׳ן,
צושמעטערטע, צומישטע, ניט קענענדיג אויסריידען קיין איינ־
ציגען וואָרט. דערנאָך האָב איך זיך אראָבגעלאָזט אויף א שטוהל,
אין הארצען האָב איך דערפיהלט נור איין איינציגען, דומפּפען
פערלאַנג — צו אנטלויפען, אנטלויפען אין דער פינסטערער נאַכט
אריין און פערשוואונדען ווערען, פערשוואונדען ווערען אויף איי־
ביג... קאָנוואולסיווע ספּאַזמען האָבען מיר צוזאַמענגעדריקט דעם
האלז און איך האָב געוויינט. א פערגיפטעטע פון דעם שרעקליכען
אונגליק, האָב איך זיך אין גרויס אנגסט געוואָרפען אהין און אהער,
געפּייניגט פון יענער שרעקליכער שאנד, וואָס עס מוז דורכפיהלען
יעדע מוטער הארץ אין אזא מינוט.

ער איז געשטאנען פאַר מיר א צומישטער, האָט ניט גע־
וואגט צוגעהן נאָהנט, צו רעדען מיט מיר, מיך אָנצוריהרען — טאָ־
מער קומט ווידער אריין מיין זוהן. צולעצט האָט ער ארויסגע־
רעדט :

— איך וועל איהם אויפזוכען... איך וועל איהם זאָגען... ער־
קלעהרען... איך מוז איהם געפינען און מיט איהם רעדען.

און ער איז ארויסגעגאנגען.

איך האָב געוואַרט... געוואַרט א׳ן אויפגערעגטע, א גע־
פּייניגטע, ביי דעם מינדעסטען שאָרך בין איך אויפגעציטערט גע־
וואָרען, האָב זיך געוואָרפען אין שרעקליכע אנגסטען און זיך גע־
טרייסעלט פאַר שרעק פון דעם קלענסטען גערויש פון פייער אין
דעם קאַמין.

איך האָב געוואַרט א שעה, צוויי, דריי ; איך האָב גע־
פיהלט, ווי אין׳ם הארצען ביי מיר וואַקסט א׳ן אומעדיגע מורא,
ווי עס שטייגט דאָרט פון מינוט צו מינוט אזא אנגסט, וואָס איך
וואָלט ניט ווינשען דעם ערגסטען פערברעכער צו פיהלען. וואו
איז מיין קינד ? וואָס טהוט ער ?

אין מיטען נאכט האט מיר א שליח געבראכט א בריעף פון מיין געליעבטען. דעם אינהאלט געדענק איך נאך אויסענ־ ווענינ: „איז אייער זוהן צוריקגעקומען? איך האב איהם ניט געפונען. איך שטעה דא אונטען, ווייל איך וויל אזוי שפעט ניט ארויפגעהן צו אייך".

איך האב מיט א בלייפעדער אנגעשריבען אויף דעם זעל־ בען בייגעלע פאפיער: „זשאן איז נישט צוריקגעקומען. איהר מוזט איהם געפינען". און איך האב געווארט די גאנצע נאכט — די גאנצע נאכט. איך בין שיער נישט משוגע געווארען, עס האט זיך מיר געוואלט שרייען, לויפען,ווארפען זיך אויף ד'רערד... דאך האב איך זיך נישט קיין ריהר געטהאן: אונבעוועגליך בין איך געזעסען און געווארט, געווארט.

וואס האט דא געקאנט פאסירען? איך האב געוואלט דערגעהן, טרעפען. דאך האב איך מיר עס ניט געקענט פאר־ שטעלען, טראץ אלע מיינע אנשטרענגונגען, טראץ די אלע יסורים פון מיין געפייניגטער נשמה.

איצט האב איך אנגעהויבען מורא צו האבען, אז זיי זאָ־ לען זיך ניט טרעפען. וואס וועלען זיי טהאן? וואס וועט דאס קינד טהאן? שרעקליכע ספקות, מורא'דיגע געדאנקען האבען מיך געמאטערט.

קאנט איהר זיך פארשטעלען יענע נאכט מיינע? מיין דיענסטמיידעל, וואס האט פון קיין זאך נישט געוואוסט, פון קיין זאך קיין אהנונג געהאט, איז אלע ווייליע אריינגעגאנגען אין מיין צימער — זי האט בלא ספק געדענקט, אז איך בין משוגע געווא־ רען. צום סוף, האב איך איהר, מיט א ווארט אדער מיט א בליק איך געדענק עס אליין ניט, אוועקגעטריבען פון זיך. זי איז געל־ לאפען, האט געבראכט א דאקטאר און ער האט ענטדעקט ביי מיר א שטארקע נערווען־צוטרייסלונג.

מען האט מיך אריינגעלעגט אין בעט. איך האב בעקו־ מען א נערווען־פיבער. ווען איך בין נאך א לאנגער און שווערער קראנקהייט ווידער צום בעוואוסטזיין געקומען, האב איך נעבען מיין בעט בעמערקט מיין... מיין געליעבטען... איך האב אנ־

געהויבען שרייען: „וואו איז מיין זוהן? וואו איז מיין זוהן?!"
ער האט נישט געענטפערט. איך האב געשטאמעלט: „געשטאר־
בען? טויט? האט זיך דאס לעבען גענומען?"

ער האט געענטפערט:

ניין, ניין! איך שווער אייך. מיר האבען אבער בשום
אופן נישט געקענט דערגעהן, וואו ער געפינט זיך.

דאן, אין אן אונפערשטענדליכען אויסברוך פון כעס און
פערצווייפלונג, האב איך פלוצים געגען מיין אייגענעם ווילען אויס־
גערופען מיט גאל:

געהט אוועק! איך פערבאט אייך צו קומען אהער ביז
וואנען איהר וועט איהם נישט געפינען. געהט פון דאנען!

ער איז אוועק. פון דאן אן האב איך קיינעם פון זיי ביי־
דען שוין מעהר נישט געזעהן... און אזוי לעב איך זייט די לעצטע
צוואנציג יאהר. קאנט איהר זיך, מיין הערר, פארשטעלען מיין
לעבען, קאנט איהר זיך פארשטעלען די דאזיגע שרעקליכע שטראף,
דעם שטענדיגען נאגען פון מיין פערוואונדעטען מוטער־הארץ, פון
מיין פרויען־הארץ — דאס דאזיגע אונענדליכע ווארטען... אה,
דאס אייביגע ווארטען... אבער ניין... אט וועל איך שוין באל־
אויסגעלייזט ווערען... איך וועל אויפהערען צו ווארטען... איך
שטארב... איך שטארב, ניט האבענדיג געזעהן מעהר קיינעם פון
זייביידען!...

ער, דער פריינד מיינער, האט מיר זייט צוואנציג יאהר
יעדען טאג געשריבען; דאך האב איך איהם נישט געוואלט אויפ־
נעהמען, און אויף קיין איין רגע אפילו ניט געוואלט איהם צולא־
זען צו זיך. מיר האט זיך שטענדיג אויסגעוויזען, אז אין דער
מינוט, ווען איך וועל איהם ווידער זעהן, וועט אויך מיין זוהן, ווי
אין יענעם אונגליקליכען אבענד, פאר מיר ערשיינען! אך, מיין
זוהן, מיין זוהן! איז ער טויט? לעבט ער נאך? וואו איז ער?
בעהאלט ער זיך הינטער ים׳ען, אין אזעלכע ווייטע לענדער, וואס
זייער נאמען אפילו האב איך קיינמאל נישט געהערט?... טראכט
ער אמאל וועגען מיר?... אך... ווען ער וואלט געוואוסט?!...
אה, ווי שרעקליך די קינדער זיינען!... קאן ער דען בעגרייפען,

צו וואס פאר א מורא'דיגע יסורים ער האט מיך פעראורטהיילט, וויפיעל פערצווייפלונג, וויפיעל ביטערען פיין ער האט מיר פער־שאפט אין די דאזיגע אלע לאנגע, אונגליקליכע יאהרען, זינט מיין יוגענד, ביז מיין טויט?... האט ער גאר א'ן אהנונג דערפון, מיט וואס פאר א הייסער מוטער־ליעבע איך האב איהם געליעבט?... איז דען זיין האנדלונג נישט צו גרויזאם?

דערצעהלט איהם, מיין העררע, וואס איך האב אייך גע־זאגט, און גיט איהם איבער מיינע לעצטע ווערטער: „מיין קינד, מיין ליעב, ליעב קינד! זיי נישט אזוי הארט, זיי נישט אזוי שטרענג געגען מענשען! דאס לעבען איז שוין אליין אויך גענוג הארט און גרויזאם! מיין ליעב, מיין טהייער קינד, דערמאהן דיך אפט אן דעם, וואס פאר א ביטער לעבען דיין מאמע האט פערבראכט פון דעם טאג אן, וואס דו האסט זי פערלאזען. טהיי־ערער, גוטער זוהן מיינער, זיי איהר מוחל, פערגיב איהר איצט, ווען זי איז שוין טויט... זי איז פאר איהר זינד שרעקליך, מורא'־דיג אבגעקומען"...

זי האט אבגעצויגען דעם אטהעם און געשטאמעלט אפגעריי־סענע ווערטער מיט א ציטערענדיגען קול, ווי זי וואלט זעהן פאר זיך איהר זוהן און רעדט ניט צו מיר, נור צו איהם.

— זאגט איהם, מיין העררע, זאגט איהם, אז איך האב... אז איך האב יענעם... דעם אנדערן... קיינמאל מעהר נישט געזעהן...

זי איז אנשווייגען געווארען. דערנאך האט זי ארויסגעשטאַ־מעלט נאך עטליכע ציטערענדיגע, אבגעריסענע ווערטער:

— לאזט מיך איצט, איך בעט אייך... איך וויל שטארבען אליין... ווען זיי זיינען נישטא נעבען מיר...

און העררע לע־ברוומען האט צוגעלייגט: — איך האב ערפילט איהר וואונש און בין גלייך אוועקגעגאנגען. אבער ווען איך בין אריין אין עקיפאזש, האב איך אזוי ביטער געוויינט, דאס דער קוטשער האט זיך אומגעדרעהט, צו זעהן, וואס איז מיט מיר.

און ווען מען טהוט א טראכט, אז אזעלכע טראגעדיעס שפיע־לען זיך אב יעדען טאג!

איך האָב דעם זוהן נישט געפונען... דעם זוהן — איהר קאַנט זיך ־ענקען וועגען איהם, וואָס איהר ווילט; מיר ווילט זיך איהם אָנרופען: דעם פערברעכערישען זוהן!



# אויפ'ן נעזונקענעם שיף

נעכטען איז געוועזן דער יום־טוב סילוועסטער.

איך האָב געהאַט נור וואָס אָבגעגעסען פריהשטיק מיט מיין אַלטען פריינד געאָרג גארין, ווען דער דיענער האָט איהם געבראַכט א בריעף מיט א סך זיעגלען און אויסלענדישע מאַרקעס.

געאָרג האָט געפרעגט: — דו ערלויבסט דאָך?

— געוויס.

און ער האָט זיך גענומען לעזען אכט זייטלעך פון א לאַנגען ענגלישען בריעף, וועלכער איז געוועזן פאַרשריבען אין דער לייננ און דער ברייט אויף אַלע זייטען. ער האָט געלעזען לאַנגזאַם מיט ערנסטער אויפמערקזאַמקייט; מיט יענעם אינטערעס, וואָס מען נעהמט אין זאַכען, וועלכע בעריהרען אונזער האַרץ.

דאַן האָט ער אָוועקגעלייגט דעם בריעף אויף א ברעג פון קאַמין און געזאָגט:

— הער אַקאָרשט, דאָס איז זעהר א קאָמישע געשיכטע. איך האָב זי דיר נאָך קיין מאָל ניט דערצעהלט, און דאָך איז זי גאַנץ שפּאַנענד. עס איז דאַמאלט געוועזן א מערקווירדיגער נייייאָהרסטאָג, דאָס איז געוועזן מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, דען דאַן בין איך אַלט געוועזן דרייסיג יאָהר און איצט בין איך פופציג.

איך בין דאַן געוועזן א אינספּעקטאָר אין דער ים־פערזיכע־רונגס געזעלשאַפט פון וועלכער איך בין איצט דירעקטאָר. איך האָב געוואָלט פאָהרען פאַרברייננען דעם נייייאָהרסטאָג אין פּאַ־ריז, ווען איך האָב ערהאַלטען א בריעף פון'ם דירעקטאָר מיט דעם בעפעהל גלייך צו פאָהרען צום אינזעל רע, וואו א שיף אויס סעינט־נאַזאר, וועלכע איז ביי אונז געוועזן פאַרזיכערט, האָט

שיפס־ברוך געליטען. ארום צעהן אזייגער בין איך אוועק אין ביורא פון דער געזעלשאפט, אום צו נעהמען אלע נויטיגע אינ־סטרוקציאָנען, און נאָך אין דעם זעלבען אבענד בין איך אוועק־געפאָהרען מיט דעם שנעלצוג, וועלכער האָט מיך אויפ'ן צווייטען טאָג, סילוועסטער, קיין לא־ראשעל געבראכט.

איך האָב געהאט צוויי שטונדען צייט אוידער איך בין ארויף אויף דער שיף דזשאן־גיוטאָן, וועלכע האָט מיך געזאָלט ברייננגען קיין רע. איך האָב זיך בענוצט מיט דער צייט און גע־מאכט א שפאציערגאנג איבער'ן שטאָדט; לא־ראשעלל איז ווירק־ליך א מערקווירדיגע שטאָדט מיט איהר לאבירינט פון גאסען, מיט איהרע טראָטוארען, וועלכע ציהען זיך אונטער ענדלאָזע גאלעריען. די דאָזיגע גאלעריען, אינטערעסאנט און געהיימנים־פול, שיינען ווי געמאכט אום צו אנטלויפען אויף זיי, ווי גע־מאכט פאר די פריהערדיגע קעמפפע, פאר די בלוטיגע קרייץ־ציגע, רעליגיעזע מלחמות. דאָס איז די ריכטיגע אלטע הוגענאָטען שטאָדט, ערנסט, שטיל, אָהן גרויסארטיגע געביידעס, אָהן איי־נעם פון יענע מערקווירדיגע מאָנומענטען, וואָס מאכען רוען אזוי שען.

נאָכדעם ווי איך האָב א געוויסע צייט ארומגעבלאָנדזשעט איבער די איינגעארטיגע גאסען, בין איך ארויף אויף א קליי־נער, שווארצער, בייכיגער דאמפף־שיף, וועלכע האָט מיך געזאָלט ברייננגען צו דעם אינזעל רע. פייפענדיג און סאָפענדיג האָט זי זיך א לאָז געטהאָן צווישען די צוויי גרויסע טורעמס, וואָס בע־וואכען דעם האפען, דאן אין דער לייננ פון דעם ריעזיגען דאם, וועלכען רישעליע האָט געבויט, און וואָס זיינע געוואלדיגע הויכע געמויערטע ווענט זעהען זיך איבער'ן גאנצען שטאָדט; דאן האָ־בען מיר זיך א קעהר געטהאָן רעכטס.

עס איז געווען איינער פון יענע טרויעריגע טעג, וועלכע דריקען אונז ווי א שווערע לאסט, דערשטיקען אונזערע געדאנ־קען, פאראומערען דאָס הארץ און נעהמען צו אונזער גאנצע קראפט און ענערגיע; א גרויסער, אייזיגער טאָג, מיט שווערע נעבלען, פייכטע ווי רעגען, קאָלטע ווי אייז.

אונטער די דאָזיגע ניעדעריגע, טרויעריגע נעבלען איז גע־לעגען דער געלער, זאמדיגער, ניט טיעפער ים, א גלאטער, א רוהיגער אָהן א שום בעוועגונג, אָהן לעבען, ווי א פערפּליעסנעטע שטעהענדיגע וואסער. וויגענדיג זיך לייכט, האָט זיך אונזער שיף געטראָגען איבער'ן ים, האָט דורכגעשניטען דאָס גלייכע, טונקעלע אָבערפלעכע, געלאָזען הינטער זיך עטליכע כוואליעס, אויפגערו־דערט עטליכע וואסערדיגע רינגען, וואָס האָבען זיך א ווײַלע גע־בולקעט און גערדרעהט און גלייך ווידער בערוהיגט.

איך האָב זיך צורערט מיט'ן קאפּיטאן, א קליינעם מאן רונד ווי א שיף, וועלכער האָט אויסגעזעהן עפּעס ווי גאָר אָהן הענד. איך האָב געוואָלט וויסען א פּאאר איינצעלהייטען איבער דעם שיף־ברוך צוליעב וועלכען איך בין דאָס אהער געקומען. און אָט וואָס דער קאפּיטאן האָט מיר דערצעהלט: א גרויסער דריי־מאסטער פון סענט־נאזאר, וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען מאריע־יאָזעף, איז אין א שטורמדיגער נאכט צושמעטערט גע־וואָרען נעבען דעם אינזעל רע.

דער שטורם האָט דיא שיף אזויפיעל ארומגעשליידערט ביז ער האָט זי אין גאנצען חרוב געמאכט. איך האָב אלזאָ געמוזט פעסטשטעלען די לאגע פון דער שיף, אָבשאצען אין וועלכען צו־שטאנד זי האָט זיך געפונען פאר דעם שיף־ברוך און ארויסגעבען מיין אורטהייל, אויב אלעס איז געטהאָן געוואָרען צו ראטעווען די פערונגליקטע מאריע יאָזעף. איך בין געפאָהרען אלס בעאמ־טער פון דער געזעלשאפט, אזוי אז אין פאל עס וועט נויטיג זיין זאָל איך קענען אויפטרעטען אלס עדות אין געריכט.

נאָך מיין רעפּאָרט נאָך האָט דער דירעקטאָר געדארפט אויסארבייטען א פּלאן, ווי אונזערע אינטערעסען אם בעסטען צו פארטהיידיגען.

דער קאפּיטאן פון דער דזשאן־גיוטאָן האָט גענוי געוואוסט ווי די געשיכטע האָט פּאסירט, ווייל ער איז אהין גערופען געוואָ־רען מיט זיין שיף אום צו העלפען.

ער האָט מיר אלעס דערצעהלט. דאָס אונגליק איז געקו־מען גאנץ איינפאך. אין מיטען נאכט האָט אויסגעבראָכען א

מורא׳דיגער שטורם און די מאַריע־יאָזעף איז אַרומגעשליידערט געוואָרען איבער׳ן שווימענדען ים ווי אַ קליין שפּענדעל, צום סוף איז זי פאַרטריבען געוואָרען צו די אונענדליכע זאַמדיגע פעלזען ביי די ברעגעס און דאָרט איז זי אַ צושמעטערטע גע־בליבען שטעקען.

בעת מיר האָבען אַזוי גערעדט האָב איך זיך אַרומגעקוקט הינטער זיך און פאָראויס. צווישען דעם אָקעאַן און דעם שווע־רען הימעל איז געווען אַ פרייער רוים, וואו דאָס אויג האָט גע־קענט ווייט, ווייט אַריינקוקען. מיר זיינען צוגעקומען צו אַ פּאָס לאַנד. איך האָב געפרעגט:

— איז דאָס דער אינזעל רע?

— יאָ.

און פּלוצים האָט דער קאַפּיטאַן אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנד און מיר געצייגט עטוואָס אין וואַסער, וואָס האָט זיך קוים אָנגעזעהן:

— זעהט איהר, דאָרט ליעגט די שיף.

— די מאַריע־יאָזעף?

— יאָ, יאָ.

איך בין געווען שטאַרק ערשטוינט. דער דאָזיגער שוואַרצער פּונקט, וועלכען מען האָט קוים געקענט ענטדעקען, האָט מיר אויסגעזעהן וויינינגסטענס דריי קילאָמעטער ווייט פון ברעג.

איך האָב געזאָגט:

— אָבער קאַפּיטאַן, נעבען דעם פּונקט, וואָס איהר צייגט מיר אָן, מוז דאָך דאָס וואַסער זיין אודאי הונדערט קלאַפטער טיעף.

ער האָט זיך צולאַכט:

— הונדערט קלאַפטער, ליעבער פריינד, איך זאָג אייך, אַז אפילו קיין צוויי אויך נישט.

און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איצט זיין אַזייגער מיט פופציג מינוטען איז דאָס וואַ־סער הויך. געהט איהר אָקאָרשט עסען פריהשטיק אין האָטעל, דערנאָך לאָזט זיך געהן מיט׳ן ברעג און איך פערשפּרעך אייך,

אז צוויי אזייגער מיט פופציג מינוטען, אם שפעטסטען דריי. וועט איהר א טרוקענער שטעהן נעבען דער געזונקענער שיף. א שטונדע מיט דרייפירטעל ביז צוויי שטונדען קענט איהר אויף איהר פערבלייבען, לייגנער ניט א מינוט, ווייל דאן הויבט זיך דאס וואסער ווידער אויף און עס קען אייך נאך פערטרינקען. פאר־לאזט די שיף אום פיער אוהר פופציג מינוט, דאן וועט איהר אום האלב נאך זיעבען זיין צוריק אויף דער דזשאן־גיוטאן, וועלכע וועט אייך נאך דעם זעלבען אבענד צוריקברייגגען נאך לא־ראשעלל.

איך האב בעדאנקט דעם קאפיטאן און זיך געזעצט אויף דעם פארדערדעק, אום ארויסצוקוקען אויף דער קליינער שטאדט סענט־מארטין, צו וועלכער מיר האבען זיך גענעהנטערט.

איך האב בעמערקט א קלייגעם האפען, וועלכער בינדט צו־זאמען, ווי א קניפעל, די קליינע, ארום דעם ים־ברעג צו־ווארפענע אינזלען. עס איז געווען א גרויסער פישער־דארף האלב אויפ'ן וואסער אויסגעבויט און האלב אויף פעסטען בארען, א דארף וואס האט געלעבט פון פיש און עופות, פון גרינסען און מעער־קעפלאך. דער אינזעל איז זעהר נידעריג, ווענינ פארבויט און דאך זעהט ער אוים שטארק בעוואהנט. אבער איך בין אינעווייניג אין דארף ניט געגאנגען. נאכדעם ווי איך האב אבגעגעסען פריהשטיק, בין איך אוועק איבער'ן זאמד ביז צו אזא מין שווארצען פעלז, וועלכען איך האב פון ווייטען געזעהן ליגענדיג ווייט־ווייט אין וואסער.

מיט שנעלע טריט בין איך געגאנגען איבער דעם געלען, זאמ־דיגען וועג, וועלכער איז געווען ווייך און האט ווי געשוויצט אונ־טער מיינע פיס. ניט לאנג איז דא געשטאנען דאס געזאלצענע ים־וואסער, איצט האב איך דאס וואסער געזעהן ווייט אוועק, ווי עס וואלט אין דער ווייטקייט צום מיטען ים זיך געטראגען, און איך האב שוין ניט געקענט מעהר אונטערשיידען די ליניע, וואס האט אבגעטהיילט דעם זאמד פון דעם אקעאן. מיר האט זיך אויס־געוויזען, ווי איך זאל ביייוואהנען א געוואלטיגע, איבערנאטירליכע טעאטער פארשטעלונג. נור וואס איז דער אטלאנטישער אקעאן געלעגען פאר מיינע אויגען און פלוצים איז ער פון ברעג פער־

שוואונדרען, ווי די דעקאָראַציאָן אויף דער ביהנע, און איצט האָב איך געטראָכטען אין מיטען פון א וויסטעניש, וואו נור א לייכטער גערוך פון זאַלץ־וואסער האָט זיך אין דער לופטען געטראָגען. איך האָב איינגעזויגען אין זיך די פרישע לופט, דעם דופט פון די וועללען, די קרעפטיגע געזונדע ים־לופט. איך בין געגאַנגען שנעל, מיר איז מעהר ניט געווען קאַלט און איך האָב געקוקט אויף דער געזונקענער שיף, וואָס איז געוואָרען אַלץ גרעסער, וואָס נעהנטער איך בין געקומען צו איהר, איצט האָט זי שוין אויס־געזעהן ווי א ריעזיגער וואַל־פיש.

עס האָט אויסגעוויזען, ווי זי וואָלט פון דר'ערד ארויסגע־וואַקסען און זיך שטאַרק צושפּרייט איבער דער דאָזיגער געלע־אונענדליכער אָבערפלעכע. צום סוף נאָך א שטונדע גאַנג בין איך צוגעקומען אויפ'ן פּלאַץ. די שיף איז געלעגען אויף איין זייט, איז געווען צופּלאַטשט, צושפּרונגען און ווי א פערוואונדעטע חיה, האָט זי געוויזען איהרע צובראָכענע ביינער, איהרע הילצערנע גליעדער, וואָס זיינען דורכגעבויערט געווען פון מעכטיגע נעגעל. דער זאַמד האָט זיך צום שיף א נעהם געטהאָן, איז אריינגעדרונגען אין אַלע לעכער, אין אַלע שפּאַרונעס, און זיך דאָרט צושפּרייט איבער'ן גאַנצען שיף. דער פאָדערשטער טהייל איז געווען טיעף אין דעם דאָזיגען ווייכען, ניעדערטרעכטיגען זאַמד איינגעזונקען, וועהרענד דער הינטערשטער טהייל האָט זיך פערצווייפעלט צום הימעל געריסען און אויסגעשטרעקט אהין די ביידע ווייסע ווערטער וואָס זיינען אויסגעקריצט געווען אויף זיין שווארצען לייב: „מאַריע־יאָזעף".

דורך דער ניעדריגערער זייט האָב איך ארויפגעקלעטערט אויף דער אונגליקליכער שיף, בין ארויף אויפ'ן דעק און פון דאָרט זיך אראָבגעלאָזען אינעווייניג. דורך די לעכער און שפּאַלטען האָט זיך דורכגעריסען א פּאַס ליכט און שוואַך בעלויכטען יענעם מין לאַנגען, דונקעלען קעלער, וועלכער איז געווען פול מיט צו־שפּאָלטענע שמיקער האָלץ. אינעווייניג איז מעהר גאָרנישט גע־ווען אויסער זאַמד, וועלכער האָט זיך אויסגעלייגט אין דער געזונ־קענער שיף, ווי א פּאָדלאָגע.

איך האָב געמאַכט עטליכע נאָטיצען איבער דעם צושטאַנד פון דער שיף. דערנאָך האָב איך זיך געזעצט אויף א ליידיגע, צובראָכענע פעסעל און געשריעבען פאר׳ן שיין, וואָס איז אריינ־געקומען דורך א ברייטען שפאַלט. א בעזונדער קאַלטער ווינד און דאָס געפיהל פון איינזאַמקייט איז מיר אַלע ווייַלע איבער׳ן לייב אריבער און דאַן האָב איך אויפגעהערט צו שרייבען, אום זיך צוצוהערען צו די אונבעשטימטע, זעלטזאַמע גערוישען פון דער געזונקענער שיף: צו דעם ליאַרעם פון די זשאַבעס, וועלכע האָבען מיט זייערע שפּיציגע פיס אויף דעם ראַנד פון דעק גע־קראָכען, צום גערויש פון טויזענדער קליינע ים־חיה׳לעך, וועלכע האָבען זיך שוין דאָ באַזעצט און זייערע נעסטען אויפגעבויט. צו דעם דומפּפען טאָן פון די ווערים, וואָס עסען זיך איין אין אַלטע געהילץ און האַלטען עס אין איין פרעסען, אין איין לעכערן און פארצעהרען.

אָבער פּלוצים האָב איך גאָר נאָהענט דערהערט מענשליכע שטימען. איך בין אויפגעשפּרונגען, ווי איך וואָלט גייסטער דער־זעהן. א סעקונדע נאָכאַנאַנד האָב איך ווירקליך געגלויבט, אז אין דער פינסטערניש פון דעם רוים האָבען זיך בעוויזען צוויי דערטרונקענע, וועלכע האָבען מיר געוואָלט דערצעהלען פון זייער סוף... עס האָט ניט לאַנג געדויערט און איך האָב ארויפגעקלעטערט צוריק אויף׳ן דעק. און גלייך האָב איך אין פראָנט פון דער שיף דערזעהן א הויכען הערר מיט דריי יונגע מיידלאַך, אָדער בעסער געזאָגט א הויכען ענגלענדער מיט דריי מיס׳עס. זיי האָבען זיך, ווי עס שיינט, דערשראָקען נאָך מעהר פון מיר, ווען זיי האָבען אויף דעם פערלאָזענעם דריימאַסטער א מענשליכען וועזען דער־זעהן. די איינגסטע פון די מיידלאַך איז אנטלאָפען, די אנדערע צוויי האָבען אָנגעכאַפּט זייער פאָטער פאר די אָרעמס. ער איז אָבער געבליבען שטעהן מיט אן אָפענעם מויל, דאָס איז געוועזען דער איינציגער אויסדרוק פון זיין שרעק.

אין א פּאַאר מינוטען ארום האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען:

— האַללאָ, זייט איהר דער אייגענטימער פון דיעזער שיף?

— יאָ.

— קענען מיר זי בעטראכטען ?

— געוויס, מיט פערגעניגען.

ער האט געהאלטען א לאנגע, ענגלישע רעדע, פון וועלכער איך האב ניט פערשטאנען קיין ווארט.

אזוי ווי ער האט געזוכט א פלאץ, אום ארויפצוקלעטערען אויבען, האב איך איהם אנגעוויזען דעם בעסטען. ער איז ארויפ־געקראכען, דאן האבען מיר געהאלפען די דריי מיידלאך, וועלכע האבען זיך דערווייל שוין געהאט בערוהיגט. זיי זיינען געווען רייצענד שעהן, בעזונדערס די עלטסטע, א בלאנדינקע פון א יאהר אכטצעהן, פריש ווי א בלום, ליעב און צארט. אמת שעהנע ענגלענדערקעס זעהען אויס, ווי געשמאקע פרוכטען פון ים. עס האט אויסגעוויזען ווי די מיידלאך וואלטען נור וואס פון זאמד ארויסגעשטיגען און זייערע האאר האבען נאך דעם זאמדקאליר איינגעהאלטען. מען האט גערן אויף זיי געקוקט ; מיט זייער וואונדערבארער פרישקייט, מיט זייערע צארטע פארבען האבען זיי אויסגעזעהן ווי ראזאווע מעער־קעפלאך, אדער ווי די זעלטענע, געהיימניספולע פעריל, וואס פינקלען אין די אונבעקאנטע טיעפענישען פון ים.

זי האט פערשטאנען אונזער שפראך אביסעל בעסער פון איהר פאטער, און האט געהאלפען פיהרען דאס געשפרעך. איך האב געמוזט דערצעהלען מיט אלע איינצעלהייטען וועגען דעם שיפסבראך, אזוי ווי איך וואלט דערביי געווען. דאן האט זיך די גאנצע פאמיליע ארונטערגעלאזען אינעווייניג אין דער געזונקענער שיף. ווי נור זיי זיינען אריין אין דעם פינסטערען רוים, צו וועלכען קיין איין ליכט־שטראהל איז ניט צוגעקומען, זיינען זיי געבליבען שטעהן ערשטוינט און פערוואונדערט. און פלוצים האבען פאטער און טעכטער ארויסגענומען סקיצען־ביכער, וועלכע זיינען הפנים פארשטעקט געווען צווישען זייערע קליידער און זיך גענומען צייכענען מיט בלייפעדערס דעם אויסזעהן פון דעם מערקווירדיגען, טרויעריגען רוים.

זיי זיינען געזעסען איינס נעבען צווייטען אויף א'ן ארונטערגעהאנגענעם באלקען, און די פיער סקיצען־ביכער אויף די

אכט קניע האָבען זיך שנעל באַדעקט מיט די זעלבע שוואַרצע ליניעס, וואָס האָבען געזאָלט פאָרשטעלען דעם האַלב־געעפענטען לייב פון דער מאַריע־יאָזעף.

איך האָב פאַרטגעזעצט די אונטערזוכונג פון דער שיף, דאַן האָב איך זיך געזעצט נעבען דער עלטערער מיידעל, וועלכע האָט גערעדט מיט מיר, ווערענד זי האָט געאַרבייט.

איך האָב ערפאַהרען, אַז זיי האָבען פערבראַכט דעם ווינטער אין ביאַריטץ און זיינען עקסטרא געקומען צו דעם אינזעל רע, אום דעם געזונקענעם דריימאַסטער צו זעהן. דיעזע לייטע האָבען אין זיך ניט געהאַט די געוועהנליכע שטייפקייט פון די ענגלענדער, זיי זיינען געווען איינפאַכע מענשען, מיטגליעדער פון יענער ארומ־בלאָנזשענדער וואַנדער־קאָלאָניע, מיט וועלכע ענגלאַנד באַפעלקערט די גאַנצע וועלט. דער פאָטער איז געווען הויך, מאַגער, מיט אַ ווייסער באָרד אויף זיין רויט פּנים. די מיידלאַך זיינען אויך גע־ווען הויך, מיט לאַנגע פיס, אויך מאַגער, אויסער דער עלטסטער, און אַלע דריי זיינען געווען זעהר ליעב, בעזונדערס אָבער די עלט־סטע.

זי האָט געהאַט עפּעס אַזאַ זעלטענע אַרט צו רעדען, צו דער־צעהלען, צו לאַכען, עטוואָס צו פערשטעהן אָדער נישט צו פער־שטעהן, די אויגען אויפצוהויבען אום ביי מיר עפּעס צו פרעגען, בלויע אויגען, טיעף ווי דאָס וואַסער, אויפהערען צייכענען אום צו טרעפען וואָס איך וויל זאָגען, זיך ווידער צו דער אַרבייט נעה־מען, „יעס“ אָדער „נאָ“ צו זאָגען, אַז איך האָב זי אימער געמוזט אָנקוקען און זיך אויפמערקזאַם צו איהר צוהערען.

פּלוצים האָט זי געזאָגט:

— איך האָב געהערט עפּעס אַ קליינעם גערויש אויפ׳ן שיף.

איך האָב זיך צוגעהערט און גלייך האָב איך אונטערשיידעט אַ לייכטען, גאַנץ בעזונדערן גערויש. וואָס איז דאָס געווען? איך האָב זיך אויפגעהויבען אום אַרויסצוקוקען דורך אַ שפּאַלט און אַ הויכער געשריי האָט זיך פון מיין ברוסט אַריסגעריסען. דער ים האָט זיך אויף אונז געטראָגען, ער איז געווען נאָהענט אונז צו פאַרשלינגען.

מיר האָבן גלייך אַרויפגעקלעטערט אויפ׳ן דעק. עס איז שוין געווען צו שפּעט, דאָס וואַסער איז שוין געלאָפן אַרום אונז, האָט זיך געיאָגט צום ברעג מיט אַן אומגלויבליכער שנעלקייט, עס איז ניט געלאָפן, עס האָט זיך געגליטשט, געקלעטערט, זיך גע־צויגן. נור איינציגע סענטימעטער וואַסער האָבן דעם זאַמד באַ־דעקט. אָבער די פלוט איז געקומען מורא׳דיג שנעל. דער ענגלענ־דער האָט געוואָלט אַרונטערשפּרינגען, אָבער איך האָב איהם אָפּ־געהאַלטען. אַנטלויפען איז געווען אוממעגליך צוליעב די טיעפע זומפּיגע גריבער, וועלכע מיר האָבן אויסגעמיעדען קומענדיג אהער, און אין וועלכע מיר וואָלטען אָהן צווייפעל אַריינגעפאַלען געהענ־דיג צוריק.

איין אויגענבליק זיינען מיר געווען אויסער זיך, דאַן האָט די עלטסטע ענגלענדערין גענומען לאַכען און אַרויסגערעדט:

— איצט זיינען מיר די געזונקענע.

איך האָב געוואָלט לאַכען, אָבער די מורא האָט מיך שטום געמאַכט, אַ שרעקליכע, פּייגע, ניעדריגע מורא. אַלע געפאַהרען, וואָס האָבען אונז ערוואַרט, זיינען מיר אין איין מינוט קלאָהר גע־וואָרען. איך האָב געפיהלט ווי צו שרייען, רופען נאָך הילף. אָבער צו וועמען?

ביידע קליינע ענגלענדערינס האָבען זיך צוגעטוליעט צו זיי־ער פאָטער, וועלכער האָט צושראָקען געקוקט אויף דעם געוואַלטי־גען וואַסער־פלוט אַרום אונז. און ווי נור דאָס וואַסער האָט זיך גענומען הויבען, אַזוי שנעל האָט זיך די נאַכט אַרונטערגעלאָזען, אַ שווערע, דומפּע, אייזיגע, פייכטע נאַכט.

איך האָב געזאָגט:

— פאַר אונז בלייבט קיין אַנדער אויסוועג ניט, אויסער צו בלייבען אויפ׳ן שיף.

דער ענגלענדער האָט געענטפערט:

— אָה, יעס.

און מיר זיינען געבליבען שטעהן אַ פיערטעל שעה, אַ האַלבע, איך ווייס אליין ניט ווי לאַנג און געקוקט אַרום זיך אויף דאָס געלע וואַסער. וואָס איז געוואָרען אַלץ געוואַלטיגער, האָט געווירבעלט

און געקאָכט און זיך צו דעם גרויסען, ברייטען ברעג געצויגען.

איינע פון די אינגערע מיידלאך האָט געזאָגט, אז איהר איז קאַלט און ביי אונז איז געבליבען ווידער אַרונטערצוגעהן אונטען, אום אונז צו שיצען פון דעם ווינד, וועלכער איז געווען אייז־קאַלט און האָט אונז געשטאָכען ווי מיט שפּילקעס.

איך האָב זיך איינגעבויגען און אַריינגעקוקט אינעווייניג. דאָס שיף איז געווען פול מיט וואסער. מיר האָבען געמוזט בלייבען שטעהן אויפ׳ן דעק, וועלכער האָט אונז פּאַרט עטוואָס געשיצט.

איצט איז געוואָרען גאַנץ פינסטער און מיר זיינען דאָרט געבליבען שטעהן, צוגעדריקט איינער צום אנדער׳ן, פון וואסער און פינסטערניש אַרומגערינגעלט. איך האָב געפיהלט ווי די שול־טערן פון דער ענגלענדערין ציטערן נעבען מיינע שולטערן, ווי עס קלאַפּען איהרע צייהן אין מויל, איך האָב אָבער אויך געפיהלט דורך איהרע קליידער די זיסע וואַרימקייט פון איהר לייב און דאָס דאָזיגע געפיהל איז מיר געווען אנגענעהם ווי אַ קוש. מיר האָבען מעהר נישט גערעדט, מיר זיינען געבליבען שטעהן אונבעוועגליך ווי חיות אין אַ לאָך אין צייט פון אַ שטורם. און דאָך, טראָץ דער פינסטערער נאַכט, טראָץ דער אַלץ גרעסערער געפאַהר, האָב איך זיך אָנגעהויבען פיהלען גליקליך, גליקליך דערמיט, וואָס איך בין דאָ, גליקליך איבער דער קעלט און די געפאַהר, גליקליך מיט די לאַנגע שטונדען פון מורא און אנגסט, וואָס האָבען אונז נאָך ערוואַרט אויף דיעזער שיף, גליקליך אין דער נאָהענטקייט פון דער דאָזיגער שעהנער, רייצענדער מיידעל.

איך האָב זיך אַליין געפרעגט, פון וואַנען קומט צו מיר דאָס געפיהל פון גליק און צופרידענהייט?

— פון וואַנען? פאַר וואָס? קען מען עס דען וויסען? ווייל זי איז דאָ געווען? ווער, זי? אַ קליינע ענגלענדערין, וואָס איך האָב זי גאָר נישט געקאָנט. ניט איך האָב זי געליעבט, ניט איך האָב זי געקאָנט און דאָך האָב איך זיך געפיהלט אזוי ווייך, אזוי גערירט, אזוי צוגעצויגען צו איהר. איך וואָלט זי וועלען רעטען, זיך פאַר איהר אָפּפערען און טויזענד קינדערשע נאַרישקייטען טהאָן פון איהרטוועגען. מערקווירדיג, פון וואַנען קומט עס, וואָס די

געגענוווארט פון א פרוי מאכט אויף אונז אזא שטארקען איינ־
דרוק. איז דאס די מאכט פון איהר חן, וואס בעהערשט אונז, איז
עס די צויבערקראפט פון איהר יוגענד און שענהייט, וואס בע־
רוישט אונז ווי וויין?

גיכער פון אלץ איז עס ווי א הויך פון ליעבע, פון דער גע־
היימניספולער ליעבע, וועלכע זוכט שטענדיג צו פאארען די ווע־
זענס. איהר מאכט לאזט זיך פיהלען אזוי שנעל ווי מאן און פרוי
קומען זיך צוזאמען, זי רופט ארויס אין זיי עפעס א מערקווירדיגע,
געהיימע, טיעפע ריהרונג...

אבער די שטילקייט אין דער ארומיגער פינסטערניש איז
געווען שרעקליך, אויף דער הימעל איז געווען שטיל און פינסטער,
מיר האבען נור געהערט אונטען, אונטער אונז, א לייכטען אונ־
אויפהערליכען גערויש, א דומפפען רעווען פון ים, וועלכער איז אלין
געשטיגען און געשטיגען, און דאס גלייכמעסיגע קלאפען פון וואַ־
סער אנטקעגען אונזער שיף.

פלוצים האב איך דערהערט שלוכצען. די קלענסטע פון די
ענגלענדערינס האט זיך צו־וויינט. איהר פאטער האט זי געוואלט
טרייסטען און זיי האבען גענומען רעדען אין זייער שפראך, וועל־
כע איך האב ניט פערשטאנען. איך האב זיך אנגעשטויסען, אז
ער גיט איהר אונטער מוט און אז זי האט שטארק מורא. איך האב
געפרעגט מיין שכנה:

— איהר מוזט אויך שטארק פריהרען, מיסס?

— יא, געוויס, מיר איז זעהר קאלט.

— איך האב איהר געוואלט געבען מיין אויבער־ראק, אבער
זי האט זיך ענטזאגט. דאך האב איך איהם גלייך אויסגעטהאן און
זי איינגעדעקט, ניט קוקענדיג אויף איהר וועהרען זיך. ביי דעם
קורצען שטרייט האב איך אנגעריהרט איהר האנד און עס האט
מיך א שוידער געטאהן.

זייט א פאאר מינוט איז געווארען קעלטער און דאס קלאפען
פון די כוואליעס אן ראנד פון שיף שטארקער. איך האב אויפגע־
הויבען דעם קאפ, א גוואלדיגער ווינד האט מיר א שניט געטהאן
אין פנים. א שטורם איז אנגעקומען.

דער ענגלענדער האָט עס בעמערקט אין דעם זעלבען מאָמענט ווי איך און האָט געזאָגט איינפאך:

— מיר זיינען אין א גאנץ שלעכטער לאגע.

געוויס, מיר זיינען געווען אין א זעהר שלעכטער לאגע. דאָס איז געווען א זיכערער טויט. ווען כוואליעס פון שטורם געיאָגט, זאָגאר נור שוואכע כוואליעס זאָלען נעהמען טרייסלען און קלאפען די אזוי אויך צובראָכענע שיף, וועט עס ניט לאנג געדויערן און זי וועט צוהאקט ווערען אויף שטיקער.

אונזער אנגסט האָט איצט גענומען וואקסען פון מינוט צו מינוט, צוזאמען מיט דעם אָנקומענדיגען שטורם. דאָס וואסער האָט זיך שוין איצט מעהר ניט אויפגעהויבען, אָבער אין דער פינ־סטערניש האָב איך פון ווייטען אונטערשיידעט ווייסע ליניעס קו־מען און פערשווינדען. דאָס איז געווען דער ווייסער שוים פון די כוואליעס, וועלכע זיינען געלאָפען אונז אַנטקעגען און האָבען זיך מיט איין קורצען שטוים אָנגעקלאפּט אָן דער מאריע יאָזעף, די שיף האָט זיך יעדעס מאָל א טרייסעל געטהאָן און א שוידער איז אונז אַלעמען איבער'ן לייב אריבער.

די עלטסטע ענגלענדערין האָט זיך געטרייסעלט. איך האָב געפיהלט ווי זי ציטערט שטעהענדיג נעבען מיין זייט, און א משוגענע לוסט האָט זיך ערוועקט אין מיר, זי צו כאפען אין מיינע אָרעמס און צודריקען צו זיך.

דאָרט פון ווייטען, פאר אונז, הינטער אונז, רעכטס און לינקס, אומעדום ביי די האפענס, זיינען די לייכט־טהורמס בעלויכטען גע־וואָרען, ווייסע, געלע, רויטע דרעהענדיגע פייערלאך, ווי געוואל־טיגע אויגען, ווי די אויגען פון א ריעז, האָבען געקוקט אויף אונז, האָבען אונז דורכגענומען און געוואַרט ביז מיר וועלען פערשוואונ־דען ווערען. פון איינעם פון די דאָזיגע פייערלאך האָב איך ניט געקענט אראָבנעהמען מיינע אויגען. אלע דרייסיג סעקונדען איז עס פערלאָשען געוואָרען, אום גלייך ווידער אויפצובליצען...

פון צייט צו צייט האָט דער ענגלענדער אנגעצונדען א שווע־בעלע און געקוקט אויף'ן זייגער, דאן האָט ער דעם זייגער צוריק

אין קעשענע אריינגעלייגט. פלוצים רופט ער זיך אָן צו מיר איבער די קעפּ פון זיינע טעכטער מיט אַ זעהר פייערליכען טאָן:

— איך ווינש אייך אַ גליקליכען ניי־יאָהר.

עס איז געווען האַלבע נאַכט. איך האָב איהם אויסגעשטרעקט מיין האַנד, וועלכע ער האָט געדריקט. דאַן האָט ער עפּעס געזאָגט אויף ענגליש, און פלוצים האָבען זיינע טעכטער צוזאַמען מיט איהם גענומען זינגען: גאָד סייוו דהי קווין.

צוערשט האָט זיך מיר געוואָלט לאַכען, דאַן אָבער האָב איך זיך דערפיהלט מערקווירדיג שטאַרק גערירהט.

עטוואָס וואונדער־טרויעריגעס און צוגלייך שטאָלצעס איז גע־לעגען אין דעם דאָזיגען געזאַנג פון די שיף־בריכיגע, פון די צום טויט פעראורטהיילטע מענשען; עטוואָס ווי אַ געבעט און אַן אויסדרוק פון מוט און קראַפט אין דערזעלבער צייט.

ווען זיי זיינען פערטיג געוואָרען האָב איך געבעטען מיין שכנה, זי זאָל אַליין עטוואָס פאַרזינגען, אום מיר זאָלען אויף אַ ווײַלע אונזער אַנגסט פאַרגעסען.

זי האָט איינגעווילגט און איהר יונגע, קלאָהרע שטימע האָט גענומען קלינגען אין דער נאַכט אריין. זי האָט וואהרשיינליך געזונגען אַ טרויעריגעס ליעד, דען זי האָט די טענער לאַנג אויס־געצויגען און ווען זיי זיינען לאַנגזאַם פון איהר מויל ארויס, האָ־בען זיי, ווי פערוואונדעטע פויגלאך איבער די כוואַליעס אוועקגע־פלאַטערט.

דער ים איז געוואַקסען און אָהן אויפהער אונזער שיף געשמי־סען. אָבער איך האָב געטראַכט נור פון איהר שטימע און אויך פון די סירענען. ווען אַ שיף זאָל איצט פאַרבייפאָהרען ניט ווייט פון אונז, וואָס וואָלטען די מאַטראָזען געדענקט? מיין גע־מאַרטערטער גייסט האָט גענומען טרוימען. אַ סירענע! איז זי ניט געווען טאַקע אויף אַן אמת אַ סירענע, אַ וואַסער פרוי, די דאָזיגע טאָכטער פון ים, וועלכע האָט מיך צוגעשמיעדט צו דער שיף און וועלכע וועט צוזאַמען מיט מיר אונטערגעהן?

אָבער פלוצים האָט אונז אַלעמען פינף אַ שליידער געטהאָן אויף'ן דעק, דען די מאַריע־יאָזעף האָט זיך אַ קעהר געטהאָן אויף

דער רעכטער זייט. די ענגלענדערין איז געפאלען אויף מיר, איך האב זי גענומען אין מיינע ארעמס און דענקענדיג אז אונזער לעצטע שטונדע האט געשלאגען, האב איך מיט א גליהענדען מויל גענומען קושען איהרע באקען, איהרע שלייפען, איהרע האאר. די שיף האט זיך מעהר ניט באוועגט, אויך מיר האבען זיך ניט געריהרט.

דער פאטער האט א רוף געטהאן:

— קיידי!

דאס מיידעל, וואס איך האב אין מיינע ארעמס געהאלטען, האט געענטפערט: — יעס! — און געמאכט א בעוועגונג ווי זיך פריי צו מאכען. אין דעם דאזיגען מאמענט וואלט איך געוואונשען, אז די שיף זאל צושמעטערט ווערען, אום מיט איהר צוזאמען אונ־טערצוגעהן.

דער ענגלענדער האט ווייטער גערעדט:

— עס האט נור געטהאן א קליין שטויס. מעהר גאר נישט. מיינע דריי טעכטער זיינען לעבעדיג.

אזוי ווי ער האט די עלטסטע ניט געזעהן, האט ער זי אין פלוג געהאלטען פאר פערלארען.

איך האב זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און פלוצים האב איך גאנץ נאהענט פון אונז דערזעהן א ליכט. איך האב גענומען רו־פען, מען האט געענטפערט. דאס איז געווען א שיפעל, וועלכע האט אונז געזוכט. דער בעל הבית פון האטעל האט פאראויסגע־זעהען אונזער אונפארזיכטיגקייט.

מיר זיינען געוועזן געראטעוועט. איך בין געווען פערצווייפעלט. מען האט אונז ארויפגענומען אויף׳ן שיף און געבראכט נאך סענט מארטין.

איצט האט זיך דער ענגלענדער געריבען די הענד און גע־רעדט פאר זיך: — איצט א גוטען סאפער, א גוטען סאפער.

און מיר האבען טאקע אויף אן אמת גוט אריינגעגעסען. אבער איך האב זיך געפיהלט טרויעריג, איך האב געבענקט נאך דער צו־טרימערטער מאריע־יאזעף.

אויף׳ן צווייטען טאג האבען מיר זיך געמוזט שיידען, מיר הא־

בען זיך ארומגענומען און פערשפראָכען צו שרייבען. זיי זיינען צוריקגעפאָהרען נאָך ביאַריטץ און איך בין שיער־שיער זיי ניט נאָכ־געפאָהרען.

איך בין געווען פשוט משוגע, איך האָב געוואָלט מאַכען דער מיידעל א פאָרשלאַג. ווען מיר וואָלטען פערבראַכט אכט טאָג צו־זאמען, וואָלט איך מיט איהר זיכער חתונה געהאַט. ווי מערקוויר־דיג, ווי שוואך דער מענש איז אָפט!

צוויי יאָהר זיינען אוועק, און איך האָב פון זיי גאָרנישט גע־הערט. דאַן האָב איך געקריגען א בריעף פון ניויאָרק. זי האָט גע־הייראַטה און האָט עס מיר מיטגעטהיילט, און פון דאַן אָן שריי־בען מיר איינער צום צווייטען איין מאָל אין יאָהר, צו ניי־יאָהר. זי דערצעהלט מיר ווי איהר געהט, זי רעדט פון איהר מאַן. וואַ־רום? פאַרוואָס? און איך רעד נור פון דער מאַריע־יאָזעף. זי איז פיליייכט די איינציגע פרוי, וועלכע איך האָב ווען אין מיין לעבען געליעבט. ניין, די איינציגע, וועלכע איך האָב ווען געקענט ליעבען. ווער ווייס? די פאַסירונגען אין לעבען טראָגען אונז אוועק, און דאַן? דאַן געהט אלעם פערביי. איצט מוז זי שוין זיין אלט, איך וועל זי שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן. אָבער זי, די מיידעל אויף דער געזונקענער שיף, אך, איז זי שעהן געווען! זי שרייבט מיר, אז איהרע האָר זיינען אין גאַנצען ווייס געוואָרען. אויפ'ן הארצען ווערט אזוי ביטער, אזוי טרויעריג. — איהרע בלאָנדע האָאָר. ניין, יענע, פון וועלכער איך האָב אמאָל געטרוימט, איז שוין מעהר נישטאָ... און די יעצטיגע איז אלט און ווייס... אך ווי טרויעריג!...

# ביים ראַנד פון'ם בעט

אַ
ין קאמין האָט געברענט א פייער. פאר איהם אויף א יאפאנעזישען טישעל זיינען געשטאנען צוויי טהעע־טעצלאך איינע אנטקעגען דער אנדערער, וועהרענד די הייסע טהעע־קאן האָט זיך געפונען נעבען דער צוקערניצע און א פלאש ראָם.

גראף סאללור האָט א װאָרף געטהאָן זיין הוט, זיינע האנדשוה און זיין פעלץ אויף א שטוהל, וועהרענד די גרעפין, נאָכדעם ווי זי האָט אראָבגעוואָרפען פון זיך די אויבערש־טע בגדים, איז געשטאנען פאר'ן שפיעגעל און זיך פאררריכט די האָאר. זי האָט געלאכט צו זיך אליין, בעת זי האָט מיט איהרע פיינע פינגער, אויף וועלכע עס האָבען געבליטשעט רינגען, גע־צופט זיך די קרייזלאך ארום די שלייפען. דאן האָט זי זיך אומ־געקעהרט צו איהר מאַן. זייט איניגע סעקונדען האָט ער זי אָנ־געקוקט, אונענטשלאָסען, ווי געמאטערט פון א געוויסען געדאנק.

צום סוף האָט ער זיך אָנגערופען :

— האָט מען דיר היינט ביינאכט גענוג קאָמפלימענטען גע־זאָגט ?

זי האָט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע אויגען און טריאומף און נצחון האָט אין זיי א בליץ געטהאָן, בעת זי האָט געענטפערט :

— איך האָף אזוי !

דאן האָט זי זיך צוריק געזעצט אויף איהר פלאץ, ער איהר אנטקעגען און נעהמענדיג א שטיק געבעק צום טהעע, האָט ער געזאָגט :

— הער אויס, דו מאכסט מיך כמעט לעכערליך !

זי האָט געפרעגט :

— דו ווילסט מיר מאכען א סצענע ? האסטו מיר עטוואס אויפצו־ווארפען ?

— ניין, מיין ליעבע, איך דענק נור, אז הערר בורעל האלט זיך אנטקעגען דיר צו פריי. ווען איך זאל האבען א רעכט דערצו, וואלט איך אויף א'ן אמת בייז געווארען.

— ליעבער פריינד, זיי דאך עהרליך, דו דענקסט הפנים היינט ניט מעהר אזוי, ווי דו האסט פאראיאהרען געדענקט, ווען איך האב זיך דערוואוסט, אז דו האסט א געליעבטע, א געליעבטע וועמען דו האסט ווירקליך ליעב ! דעמאלט וואלט דיך ניט אנגעהויבען צו ארען, אויב מען מאכט מיר קאמפלימענטען אדער ניט. איך האב דיר דאן מיין וועהטאג ערקלעהרט, איך האב צו דיר גערעדט פונקט אזוי ווי דו אליין זאגסט היינט ביינאכט צו מיר, אבער מיט מעהר רעכט : ליעבער פריינד, דו קאמפראמעטירסט פרוי דע סערווי, דו פערשאפסט מיר יסורים און מאכסט מיך לעכערליך. וואס האסטו דאן געענטפערט ? דו האסט מיר געגעבען צו פער־שטעהן, אז איך בין גאנץ פריי, אז ביי קלוגע מענשען איז די הייראט ניט מעהר ווי די געמיינשאפט פון געוויסע אינטערעסען, אז דאס איז א סאציאלער בונד אבער ניט קיין מאראלישער ! איז דאס אמת ? דו האסט מיר געגעבען צו פערשטעהן, אז דיין גע־ליעבטע איז טויזענד מאל שענער פון מיר, פיעל, פיעל פערפיהרע־רישער, פיעל מעהר ווייב, יא, דאס זיינען דיינע ווערטער: „מעהר ווייב“. דאס אלעס האסטו אפילו בעצוקערט מיט אלערליי שעהנע פראזען, אלס א גוט ערצויגענער מאן האסטו עס איינגעוויקעלט אין אלערליי קאמפלימענטען, פאר וועלכע דו פערדיענסט אלע אכטונג. דאך האב איך אלעס פערשטאנען.

מיר האבען אבגעמאכט צווישען זיך, אז פון איצט אן זאלען מיר זיין געשיעדען, הגם מיר וועלען בלייבען צוזאמען. מיר הא־בען געהאט א קינד. דאס איז געווען דאס איינציגע קייטעלע, וואס האט אונז צוזאמענגעבונדען.

דו האסט מיר דאמאלסט געגעבען אנצוהערענישען, אז ווען איך וויל, קען איך מיר אויך נעהמען א געליעבטען, זעלבסט פער־שטענדליך טאר קיין מענש וועגען דעם ניט וויסען. דו האסט דאן

געהאלטען א לאנגע, אויסגעצייכענטע רעדע איבער דער קלוגשאפט און פיינקייט פון דער פרוי, איבער איהר געשיקטליכקייט אָנצו־האלטען איהר גוטען נאָמען.

איך האָב דיך פערשטאנען, מיין ליעבער פריינד, איך האָב דיך אויסגעצייכענט פערשטאנען: דאן ביזטו געווען פערליעבט אין פריידע סערווי, און מיין צערטליכקייט, מיין געזעצליכע ליעבע האָט דיר געשטערט. ווי ניט איז, האָב איך ביי דיר פאָרט צוגענו־מען א טהייל פון דיינע קרעפטען, צייט דאן האָבען מיר געלעבט געשיעדען, מיר געהען צוזאמען אין געזעלשאפט, קומען צוזאמען אהיים און דאן געהט זיך יעדער צו זיך אין צימער אוועק.

און איצט זייט איין אָדער צוויי מאָנאטען הויבסטו פלוצים אָן צו שפיעלען די ראָלע פון א'ן אייפערזיכטיגען מאן. וואָס זאָל דאָס הייסען?

— מיין ליעבע, איך בין ניט אייפערזיכטיג, אָבער איך האָב מורא, דו זאָלסט מיר ניט קאָמפּראָמעטירען, דו ביזט יונג, לעבהאפט און יאָגסט זיך נאָך פערגעניגען...

— ווייסטו, ווען מיר ריידען פון יאָגען זיך נאָך פערגעניגען, דאן האָבען מיר, דאכט זיך, ניט וואָס אויפצו־ווארפען איינער דעם אנדערן.

— וויצעל זיך ניט, איך בעט דיך, איך רעד צו דיר אלס פריינד, אלס ערנסטער פריינד. אלעס וואָס דו זאָגסט, איז שטארק איבערטרייבען.

— עס הייבט זיך גאָרנישט אָן, דו האָסט צוגעגעבען, אז דו האָסט בעציהונגען מיט א פרעמדער פרוי, דאָס בעדייטעט כמעט דאָס זעלבע, ווי דו זאָלסט מיר האָבען געגעבען דאָס רעכט אויך צו טהאָן ווי דו. און איך... האָב עס נישט געטהאָן.

— וואָרט אָקאָרשט —

— זיי אַזוי גוט, לאָז מיך אויסריידען. איך האָב עס ניט געטהאָן, איך האָב ניט קיין געליעבטען, און האָב נאָך קיינעם ניט געהאט ביז אהער; איך וואָרט אָב, איך זוך, איך געפין דער־ווייל קיינעם ניט. איך מוז האָבען אימעצען, וואָס זאָל זיין זעהר

שען, שענער פון דיר. איך מאך דיר דערמיט א קאמפלימענט, אבער ווי עס שיינט בעמערקסטו עס גארנישט.

— מיין ליעבע, דיינע שפאסען זיינען ווירקליך ניט אויף'ן ריכטיגען פלאץ.

— אבער איך שפאס גארנישט, דו האסט צו מיר גערעדט פון דעם אכטצעהנטען יאהר הונדערט און מיר געגעבען צו פער־שטעהן, אז דו האסט די אנזיכטען פון יענער צייט. איך האב דאס ניט פערגעסען און אין דעם טאג, ווען מיר וועט זיך פאסען ניט צו זיין מעהר דאס וואס איך בין נאך דערווייל, דאן נעהם זיך אין אכט, איך וועל דיך דאן בעטריעגען און דו וועסט דערפון אפילו ניט וויסען!

— ווי קענסטו עטוואס אזוינס אויסרעדען?...

— וואס אזוינס? איך דערמאן דיך בלויז אן דעם, ווי משוגע דו האסט געלאכט, ווען פרוי דע־גערם האט בעהויפטעט, אז הערר סערווי זעהט אוים ווי א בעטראגענער נאר.

— וואס עס קען קלינגען קאמיש אין פרוי דע גערם מויל, קען ווערען אונפאסענד אין דיינעם.

— עס הייבט זיך גארנישט אן. פאר דיר קלינגט דאסווארט „בעטראגענער נאר" זעהר קאמיש, ווען עס האנדעלט זיך פון הערר סערווי, ער קריעגט אבער שוין גאר א'ן אנדער קלאנג, ווען עס האנ־דעלט זיך וועגען דיר אליין! אלעס ווענדעט זיך פון וואס פאר א שטאנדפונקט מען קוקט אויף דעם. אגב אינטערעסירט מיך דאס דאזיגע ווארט אין גאנצען ניט. איך האב עס נור געזאגט אום צו זעהן, אויב דו ביזט שוין רייף.

— רייף? צו־וואס?

— נו, אום צו ווערען בעטראגען. אזוי שנעל ווי א מאן ווערט אין כעס, ווען ער דערהערט דאס דאזיגע ווארט, דאן איז ער גאנץ רייף. אין צוויי מאנאטען ארום, וועסטו זיין דער ערשטער, וואס וועט לאכען, ווען מען וועט רעדען פון „א בעטראגענעם נאר". ווען מען איז אליין א בעטראגענער. ווייס מען ניט דערפון און מען פיהלט עס שוין ניט מעהר.

— היינט אָבענד האָלסטו אין איין ריידען אונפּאַסענדע זאַ־כען. פריהער האָב איך דאָס אין דיר ניט באַמערקט.

—אַט זעהסטו, איך האָב זיך געענדערט, צו שלעכטען — און דאָס איז דיין שולד.

— גענוג, מיין ליעבע, איצט זיי ערנסט. איך פערלאַנג פון דיר, איך בעט דיך, דו זאָלסט מעהר ניט דולדען די אונפּאַסענדע נאָהענטקייט פון דעם הערר בורעל.

— זעהסטו, דו ביזט אייפערזיכטיג, איך האָב עס דאָך פריי־הער געזאָגט.

— ניין, ניין ; איך וואָלט אָבער ניט וועלען ווערען לעכער־ליך, און ווען איך וועל נאָך אַמאָל זעהן, אַז אַ מאַן האַלט זיך מיט דיר צו אינטים, וועל איך וויסען וואָס איך האָב צו טהאָן.

— ביזטו דען פערליעבט אין מיר ?

— דאָס קען מען זיין אין פרויען, וועלכע זיינען אַ סך ווייני־גער שען, ווי דו.

— זעהסטו, דו ביזט אַלזאָ יאָ פערליעבט. אָבער דו ווייסט, איך בין אין דיר שוין ניט מעהר פערליעבט.

דער גראַף האָט זיך אויפגעהויבען, איז אַוועק ארום טיש און ווען ער איז פערבייגעגאַנגען זיין פרוי, האָט ער זי אַ קוש געטהאָן אין נאַקען. זי האָט זיך שנעל אַ הייב געטהאָן און איהם אָנגע־קוקט אין די אויגען :

— איך פערבאָט דיר צו מאַכען מיט מיר אַזעלכע שפּאַסען. מיר זיינען געשיעדען. די אַלע זאַכען זיינען שוין פאַרביי.

— רעג זיך דאָך ניט אויף. זייט אַ געוויסער צייט ביזטו אין מיינע אויגען צו שען.

— איך האָב אַלזאָ געוואונען ! דו דענקסט, אַז איך בין אויך שען !

— איך דענק, אַז דו ביזט רייצענד, דיינע אָרעמס, דיין גע־זיכטספאַרב, דיינע שולטערן...

— געפעלען הערר בורעל.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטען. אָבער איך קען ניט קיין איין פרוי, וואָס זאָל זיין מעהר אויפרעגענדיג ווי דו.

— דו האָסט הפנים געפּאסט.

— וואָס ?

— איך זאָג : דו האָסט הפנים געפּאסט.

— וואָס מיינט דאָס ?

— ווען מען האָט געפּאסט איז מען הונגעריג, און אז מען איז הונגעריג, ענטשליסט מען זיך צו עסען זאכען וואָס מען האָט געוועהנליך נישט ליעב. איך בין די שפּייז, וואָס דו האָסט ביז אהער ניט ליעב געהאט און וועלכע דו וואָלסט היינט ביינאכט גערן וועלען ווידער פערזוכען.

— אָבער, מארגארעטא, ווער האָט דיך אויסגעלערנט אזוי צו רעדען ?

— דו. זייט דעם ווי דו ביזט זיך פונאנדערגעגאנגען מיט פרוי דע סערווי, האָסטו, אזוי פיעל ווי איך ווייס, געהאט פיר אנ־דערע ליעבעס, מאנכע פון זיי מיט טהעאטער ראמען. ווי אזוי זאָל איך אלזאָ ערקלעהרען דיין היינטיגען אינטערעס צו מיר אנדערש ווי מיט א קורצען פאסטען.

— גוט, איך וויל זיין גאנץ אָפען און עהרליך און דיר אָהן אלע קונצען ערקלעהרען : איך האָב זיך ווידער פערליעבט אין דיר און דאָס מאָל גאנץ שטארק. אָט האָסטו דעם אמת'ן גרונד.

— אזוי גאָר, און דו וואָלסט וועלען מיט מיר ווידער שלום ווערען ?...

— יא.

— היינט ביינאכט ?

— אָה, מארגאריטא !

— זעהסטו, דאָס איז שען. איצט ביזטו נאָך ענטריסטעט אויף, מיין ליעבער ! אָבער מיר מוזען דאָך ריכטיג פערשטעהן איינער דעם אנדערן. מיר זיינען דאָך איצט פרעמדע. איך בין אפילו דיין פרוי, אָבער דיין פרוי, וועלכע איז פריי... איך האָב געהאט אין זינען זיך צו פארבינדען מיט א'ן אנדערן, דו ווילסט, איך זאָל דיר געבען די פּריווילעגיע. גוט, איך וועל עס דיר געבען, אָבער נור פיר דעם זעלבען פּרייז.

— איך פערשטעה ניט וואָס דו רעדסט.

— איך וועל עס דיר גלייך ערקלעהרען. זאָג מיר אָקאָרשט גאַנץ אָפען, בין איך אזוי שען ווי דיינע געקויפטע פרויען ?

— טויזענד מאָל שענער.

— שענער ווי די שענסטע פון זיי ?

— גאָרנישט צו פערגלייכען.

— גוט, וואָס האָט דיר די שענסטע פון זיי געקאָסט אין אונ־געפעהר דריי מאָנאטען ?

— איך פערשטעה ניט, וואָס דו מיינסט.

— איך מיין גאַנץ איינפאַך, וויפיעל האָט דיר די שענסטע פון דיינע ליעבשאפטען געקאָסט אין געלד, ציערונג, סאפערס, דיענערס, טהעאטער און אזוי ווייטער ?

— דאָס וויים איך אליין ניט.

— דו מוזט עס דאָך וויסען, פילייכט ניט גאנץ גענוי, אָבער אונגעפעהר קענסטו דאָך אָנגעבען א סומע ! לאָמיר זאָגען פינף טויזענד פראנק א מאָנאט ? שטימט עס ?

— יא, כמעט.

— אלזאָ גוט, מיין פריינד. גיעב מיר גלייך פינף טויזענד פראנק און דאן בין איך דיינע פון היינט ביי נאכט אָן אויף א גאנצען מאָנאט.

— ביזטו משוגע ?

— אויב דו ווילסט ניט, דארף מען ניט, גוט נאכט.

די גרעפין הייבט זיך אויף און געהט אריין אין איהר שלאָף־צימער. דאָס בעט איז אויפגעדעקט ; א אונבעשטימטער דופט טראָגט זיך איבער׳ן צימער. דער גראף בעוועגט זיך אין טיר :

— עס שמעקט זעהר שען ביי דיר.

— ווירקליך ? דאָס איז אלעס געבליעבען ווי געווען, איך גע־ברויך נאָך אימער מיינע פריהערדיגע פארפיומען.

— טאקע ! עס שמעקט זעהר שען !

— דאָס איז מעגליך. אָבער טראָג זיך אָב, זיי אזוי גוט, איך וויל געהן שלאָפען.

— מארגאריטא.

— געה, איך בעט דיך.

ער געהט אריין אינעווייניג אין צימער און זעצט זיך אויף א שטול.

— אך, אזוי איז די מעשה ? דאן איז עס נאָך ערגער פאר דיר.

זי טהוט לאנגזאם אויס איהר באַל־קלייד, און ער רערזעהט איהרע ווייסע נאקעטע שולטערן, דאן הויבט זי אויף די אָרעמס איבער׳ן קאָפּ, אום צו פאריכטען איהרע האָאר, און פון הינטער די שפּיצען פון איהר שווארצען זיידענעם קאָרסעט ערשיינט עפּעס א ראזאָווע פינטעלע.

דער גראף שטעהט שנעל אויף און געהט צו צו איהר.

—לאָז מיך צופריעדען אָדער איך ווער אין כעס.

ער נעהמט זי ארום און זוכט איהרע ליפּען.

דאן בויגט זי זיך אויס, טהוט א כאפּ פון איהר טואלעט־טישעל א גלאָז מיט פּארפיומירטע וואסער, און גיסט עס איבער׳ן שולטער איהר מאן אין פנים אריין.

א צורייצטער טהוט ער זיך א כאָפּ אויף און בשעת דאָס וואסער רינט פון איהם, רופט ער אויס :

— דאָס איז צו דום.

— דאָס קען זיין, אָבער דו ווייסט מיין בעדינגונג. פינף טויזענד פראנק.

— דאָס וואָלט דאָך געווען א משוגעת !

— פאר וואָס עפּעס ?

— פארוואָס ? זאָל דער מאן נאָך בעצאָהלען זיין אייגענער פרוי אויך ?

— פוי, וואָס פאר א שפּראך !

— קען זיין, אָבער עס וואָלט דאָך געווען משונע צו בעצאָה־לען מיין פרוי, מיין אייגענער געזעצליכער פרוי !

— עס איז נאָך פיעל נארישער, ווען מען האָט א׳ן אייגענע פרוי, ארויסצו־ווארפען זיין געלד פאר פּראָסטיטוטקעס.

— דאָס איז מעגליך, אָבער איך וועל זיך ניט לעכערליך מאכען.

די גרעפין האָט זיך געזעצט אויף דער זאָפע. זי ציהט לאנג־זאם ארונטער די זאָקען און קעהרט זיי אויס אויף דער אנדערער

זייט. עס בעווייזט זיך איהר קליין ראזאָווע פיסעל, וועלכע זי שטעלט אויף דעם טעפּיך.

דער גראף געהט צו נעהנטער און זאָגט מיט א צערטליכער שטימע :

— דיר איז איינגעפאלען א משוגענע אידעע !

— וואָס פאר אַן אידעע ?

— צו פערלאנגען פינף טויזענד פראנק.

— דאָס איז, דאכט זיך, גאנץ נאטירליך. מיר זיינען דאָך איצט פרעמדע מענשען, ניט אמת ? דו ווילסט מיך האָבען, נו, קיין עולה איז עס ניט, אָבער... הייראטען מיט מיר קענסטו ניט, ווייל מיר זיינען דאָך שוין פערהייראט, דאן קויפסטו מיך ! און אפשר נאָך אביסעל ביליגער ווי אַן אנדערע.

איך בעט דיך, איבערלעג עס זיך מיט א קלאָהרען קאָפּ ! און דערצו וועט נאָך דאָס דאָזיגע געלד בלייבען אין הויז, אין דיין איי־גענער ווירטשאפט, אנשטאדט וואָס א שמוציגע פרויענצימער זאָל דאָס פערשווענדען.

און קען דען זיין פאר א קלוגען מענשען עטוואָס אמוזאנטע־רעס, עטוואָס אָריגינעלערעס ווי צו בעצאָהלען זיין אייגענער פרוי? ווען מען קויפט ליעבע אויסער דער היים, זוכט מען נור דאָס טהייערסטע. דו הויבסט אויף דעם ווערט פון דיין געזעצליכער ליעבע און גיסט איהר צו א גאנץ בעזונדערען געשמאק דערמיט וואָס דו בעצאָהלסט פאר איהר ווי פאר געקויפטער ליעבע.

בין איך ניט גערעכט ?

כמעט א נאקעטע איז זי אויפגעשטאנען און איז אריין אין איהר טואלעט־צימער.

— נו, איצט זאָלסטו זיך גלייך אָבטראָגען, אז ניט קלינג איך נאָך מיין קאמערמיידעל.

דער גראף בלייבט שטעהן, גאנץ צומישט, ער קוקט זי אָן אונ־צופריעדען און פלוצים ענטשליסט ער זיך און טהוט איהר א וואָרף זיין געלד בייטעל :

— אָט, האָסטו זעקס טויזענד, דו עקשן וואָס דו ביזט. אָבער ווייסטו...

די גרעפין הייבט אויף דאָס געלד, צעהלט עס געלאסען איבער און פרעגט לאנגזאם:

— וואָס?

— געוועהן זיך בעסער ניט צו אזעלכע זאכען.

זי פלאצט ארויס צוגעהענדיג נאָהנט צו איהם:

יעדען מאָנאט פינף טויזענד, אז ניט קענסטו געהן צוריק צו דיינע פראָסטיטוטקעס, און ביזטו מיט מיר צופריעדען, פערלאנג איך נאָך מעהר!



# חילינע בּיינער

צום הערר אבבע לואי ד'עננעמאר אין סואססאן.
מיין ליעבער אבבע !

דער שידוך מיט דיין קוזינע איז אָבגעלאָזען און דערביי אויף דעם דומסטען אופן, צוליעב א נארישען שפּאס, וואָס איך האָב במעט ניט ווילענדיג זיך ערלויבט מיט מיין כלה.

איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר העלפען, אלטער פריינד, אין דער שווערער פערלעגענהייט, אין וועלכער איך געפין זיך איצט, דען נור דו אליין קאָנסט מיך אויסלייזען פון אזא צרה. כל זמן איך וועל לעבען וועל איך דיר די דאָזיגע טובה ניט פערגעסען.

דו קענסט, אָדער ריכטיגער, דו מיינסט, אז דו קענסט זשיל־בערטא'ן ; אָבער איז דען איבערהויפּט מעגליך א פרוי צו קענען ? די אנזיכטען און איבערצייגונגען פון פרויען, זייערע געדאנקען און איינפאַלען זיינען אזוי פול מיט איבערראשונגען ! ביי זיי קומט אלסדינג פאַר אזוי אונערוואַרטעט, אזוי מאָדנע אונגעריכטער־הייט. זיי זיינען אונלאָגיש און האָבען זיי זיך עפּעס אין דעם קאָפּ אריינגענומען, וואָס, דאכט זיך. קיינער און גאָר נישט אין דער וועלט איז ניט אימשטאַנד עס פון דאָרט ארויסצושלאָגען, ווארפען זיי עס פלוצים אליין ארויס פון'ם קאָפּ, אמאָל גאָר צוליעב אזא קליינינ־קייט, ווייל א פייגעלע האָט זיך געזעצט אויף'ן פענסטער־ברעט !...

איך דארף דיר ניט דערצעהלען, אז דיין קוזינע, ערצויגען פון די ווייסע און שווארצע פרומע דאמען פון נאנסי, איז איבערטריבען רעליגיעז.

דאָס ווייסטו בעסער, ווי איך. וואָס דו ווייסט אָבער ניט, איז, דאָס אלסדינג איבערטרייבט זי פונקט ווי די רעליגיאָן. זי ווערט פון אלסדינג אוועקגעטראָגען ווי א בלאט פון דעם ווינד. און זי איז מעהר פרוי, — אָדער ריכטיגער יונגע מיידעל — ווי אנ־

אַנדערע? װי־נור װאָס, איז זי געריהרט, װי־נור עפּעס, ערגערט זי זיך. שנעל צופלאַקערט זיך אין איהר די ליעבע, אַזוי שנעל דער האַס און אַזוי שנעל װערט זי אָפּגעקיהלט. און שען איז זי, װי דו װייסט, און רייצענד איז זי... מיט װערטער אַליין לאָזט זיך עס גאָר ניט אויסדריקען... דו קענסט עס ניט פערשטעהן, פון דעם װעסטו קיינמאָל קיין אַהנונג ניט האָבען.

קורץ : מיר זיינען געװאָרען חתן־כלה. איך האָב זי פערגעטערט, װי איך פערגעטער זי נאָך היינט. זי האָט מיך, דאַכט זיך, אויך געליעבט.

איינמאָל ביינאַכט האָב איך ערהאַלטען אַ טעלעגראַם, װאָס האָט מיך גערופען אין קעלן צו אַ קראַנקען אויף אַ קאָנסוליאום. אפשר האָט זיך דאָרט געהאַנדעלט װעגען אַ װיכטיגע און שװערע אָפּעראַציאָן. אויף מאָרגען האָב איך געזאָלט אָפּפאָהרען און איך בין אַװעקגעלאָפען צו זשילבערטאַ׳ן, זעגענען זיך מיט איהר און ערקלערען איהר, װאָרום איך װעל ניט קענען זיין מיטװאָך ביי איהרע עלטערען צו־מיטאָג, נור ערשט פרייטאַג, װען איך װעל זיין צוריק. אָה, היט זיך פאַר דעם פרייטאַג, דאָס איז אַ שלימזל׳דיגער טאָג!

װען איך האָב גענומען ריידען װעגען מיין אַברייזע, האָב איך בעמערקט טרעהרען אין איהרע אויגען. אָבער װען איך האָב געזאָגט, אַז איך װעל גיך קומען צוריק, האָט זי גענומען פּאַטשען אין די הענד און אויסגעשריען :

— אָה, װאָס פאַר אַ גליק! דו ברענג מיר עפּעס פון דאָרט צום אַנדענקען, מעג זיין אַ קליינינקייט, אָבער עפּעס אַזוינס, װאָס זאָל זיין ספּעציעל פאַר מיר אויסגעזוכט. דו מוזט טרעפען, װאָס מיר װעט אם בעסטען געפעהלען, דו הערסט! איך װעל זעהן, אויב דו האָסט פאַנטאַזיע!

זי האָט אַ װיילע געטראַכט, דערנאָך האָט זי צוגעלייגט :

— אָבער דו דאַרפסט ניט אויסגעבען מעהר װי צװאַנציג פראַנק. איך װיל, מיין ליעבער, דו זאָלסט מיר פערגעניגען פערשאַפען ניט דורך דעם פּרייז, װאָס דו װעסט פאַר דער זאַך בעצאָהלען, נור דורך דיין אויסטראַכטען, װאָס צו קויפען פאַר מיר.

דערנאָך, נאָך א נייעם קורצען שווייגען, האָט זי זיך ווידער אנגערופען האלב־שטיל און מיט אָרונטערגעלאָזטע אויגען:

— ווען דאָס קאָסט ניט פיעל און עס איז פיין און שאַרפזיניג אויסגעטראכט, בעקומסטו... אַ קוש!

* * *

אויף מאָרגען בין איך געווען אין קעלן. דאָרט האָט זיך גע־האנדעלט וועגען אַ שרעקליכען אונגליק, וואָס האָט געבראכט צו פערצווייפלונג אַ גאנצע פאמיליע. אַן אָפּעראַציאָן איז דאָרט נויטיג געווען. איך האָב געמוזט וואָהנען אין יענעם הויז, מען האָט מיך דאָרט געהאלטען כמעט פערשפארט און איך האָב געזעהן נור וויינענדיגע מענשען ארום זיך. איך האָב אָפּערירט אַ גוסס'ען, וועלכער איז שיער ניט געשטאָרבען ביי מיר אונטער'ן מעסער. צוויי נעכט האָב איך פערבראכט נעבען איהם, און באלד — נור ווי איך האָב בעמערקט אַ קליינע בעסערונג ביי איהם, האָב איך זיך געהייסען פיהרען צו דער באהן.

אויף דער באהן האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז איך דאַרף וואַר־טען נאָך אַ גאנצע שטונדע ביז דער צוג וועט אָפּגעהן. איך בין אוועק איבער די גאסען און האָב נאָך אַלץ געטראכט וועגען מיין פאציענט. פּלוצים געהט צו צו מיר עפּעס אַ מאַן.

איך קען קיין דייטש, ער האָט קיין פראַנצויזיש פערשטאַנען, אָבער דאָך האָב איך סוף כל סוף זיך אָנגעשטויסען, אַז ער האָט צו פערקויפען הייליגע ביינער. איך האָב זיך גלייך דערמאָנט אָן זשילבערטאַ'ן, דערמאָנט זיך, ווי רעליגיעז זי איז. קורץ, קיין בע־סערע מתנה פאַר איהר, ווי אַזאַ, האָט מען גאָר ניט געקענט אויס־טראכטען. איך בין אוועק מיט דעם מאַן. ער האָט מיך געבראכט אין אַ געשעפט אריין פון הייליגע זאכען און מיר דערלאנגט אַ „קליין שטיקעל קנאכען פון די עלף טויזענד יונג־פרויען".

די „הייליגע ביינער" זיינען געלעגען אין אַ רייצענדען, זיל־בערנעם קעסטעלע פון אלטער ארבייט. דאַן איז עס מיר אוודאי גע־פעהלען געוואָרען. איך האָב עס געקויפט, אין קעשענע אריינגע־לייגט, אוועק צו דער באהן און אין אַ וואַגאָן זיך אריינגעזעצט.

ווען איך בין געקומען אהיים, האָב איך נאָך אַמאָל געוואָלט

אנקוקען מיין מתנה. איך האב זי ארויסגענומען... די שאכטעל איז געווען אפען, און אינווייניג — לעדיג. איך זוך אין אלע קע־שענעס, זוך היינט, זוך מארגען, דער קליינער קנאכען, קלענער ווי א שפילקע, איז פערשוואונדען.

מיין ליעבער אבבע, דו ווייסט דאך, אז קיין שטארק גלויביגער בין איך ניט. דו ביזט ... וט־הערציג גענוג, דו ביזט מיר פריינד גענוג, צו דולדען מיין גלייכגילטיגקייט און צו לאזען מיך צורוה. דו האפסט, אז שפעטער וועל איך זיך בעסערען, זאגסטו. אין די „הייליגע ביינער", וואס ווערען פערקויפט אין די געשעפטען, גלויב איך אוודאי און אוודאי ניט און דו אליין גלויבסט אויך ניט אין דעם. קורץ, דער פערלוסט פון דעם דאזיגען שטיקעל שעפסען־קנאכען האט מיך א האאר ניט געקימערט; איך האב לייכט גע־קראגען אנאנדער שטיקעל ביינדעל און איהם אריינגעקלעבט אין שאכטעל.

דאן בין איך צו מיין כלה אוועק.

באלד ווי זי האט מיך דערזעהן, האט זי זיך א ווארף געטהאן מיר אנטקעגען מיט אן אונרוהיגען שמייכעל:

— וואס האסטו מיר געבראכט?

איך האב געמאכט זיך, ייי איך האב כלומרשט גאר אין גאנצען אן דעם פערגעסען; זי האט עס ניט געוואלט גלויבען. איך האב זיך לאנג גערייצט מיט איהר און ווען איך האב דערזעהן, אז זי געהט אויס פאר נייגעריגקייט, האב איך איהר דערלאנגט דאס הייליגע קעסטעלע. זי איז געווען איבערגליקליך. „הייליגע ביינער! הייליגע ביינער!" דערביי האט זי ליידענשאפטליך געקושט דאס קעסטעלע. דא האב איך זיך פערשעהמט פאר מיין בעטרוג.

אבער פלוצים איז זי געווארען שטארק אונרוהיג. זי האט מיך אנגעקוקט שטארק, שטארק, מיט פארשענדיגע אויגען און געפרעגט:

— ווייסטו בעשטימט, אז זיי זיינען אמת'ע?

— בעשטימט.

— פון וואנען?

איך בין אריינגעפאלען. מודה זיין זיך, זאגען, אז דאס ביינ־

דעל האָב איך געקויפט ביי א הענדלער, וועלכען איך האָב אויף דער גאס געטראָפען, דאָס וואָלט געהייסען איבערגעפיהרט דעם גאַנצען עסק. אָבער וואָס זאָגט מען איהר פאָרט ? א ווילדער גע־דאַנק איז מיר איינגעפאַלען און איך האָב זיך אָנגערופען שטיל און מיט א געהיימער מינע :

— איך האָב זיי גע'גנב'עט פאַר דיר !

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען. אין זיי האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט פערוואונדערונג און בעגייסטערונג :

— אָה, דו האָסט ! ייגע'גנב'עט ? וואו ?

— אין דעם קלויסטער, פון דעם קאסטען מיט די ביינער פון די עלף טויזענד יונגפרויען !

עס האָט איהר גענומען קלאַפּען אין'ם הארצען ; זי האָט שיער ניט גע'חלש'ט פאַר גליק און זי האָט געמורמעלט :

— דאָס האָסטו פאַר מיר געטהאָן !... פאַר מיר... דערצעהל מיר... דערצעהל מיר אַלעס...

פערפאַלען, ארויסדרעהען זיך האָב איך שוין ניט געקענט. איך האָב אויסגעטראכט א פאנטאסטישע געשיכטע מיט אַלע איינצעל־הייטען. איך האָב דעם וועכטער געגעבען הונדערט פראנק, אז ער זאָל מיך אליין אריינלאָזען אין קלויסטער. גראָד האָט מען דאַן פעררינכט די קאסטען, וואו עס זיינען געלעגען די הייליגע ביינער. ווען איך בין אריין אין קלויסטער, זיינען די ארבייטער און די נייסטליכע גראָד געהאט אוועקגעגאנגען עסען מיטאָג. קיינער אוי־סער מיר איז אין'ם קלויסטער ניט געווען. איך האָב אויף גיך געעפענט די קאסטען און ארויסגעכאפּט פון דאָרט א קליין ביינ־דעלע, אָה גאָר א קליינס, פון דעם בארג ביינער. (איך האָב געמוזט זאָגען „פון דעם בארג“, ווייל עלף טויזענד יונגפרויען האָבען דאָך געמוזט ליפערען א היבשע ביסעל ביינער). דערנאָך בין איך אוועק צו א גאָלד־ארבייטער און ביי איהם א קעסטעלע געקויפט, וואָס זאָל ווערט זיין אזא הייליגקייט.

פערבייגעהענדיג האָב איך דערווייליגע אריינגעוואָרפען, אז דאָס קעסטעל האָט מיך געקאָסט פינף הונדערט פראנק.

אָבער וועגען דעם האָט זי ניט געטראכט. זי האָט זיך צוגע־

הערט צו מיין געשיכטע און געציטערט פאר בעגייסטערונג און ענט־
ציקונג. זי האט ארויסגעמורמעלט : „איך האב דיך אזוי ליעב !“
דאן האט זי זיך א ווארף געטהאן מיר אין די ארעמס אריין.

בעטראכט נור : איך בין פיר איהר בעגאנגען א גאטעס־
לעסטערונג. איך האב גע׳גנב׳עט ; א קלויסטער פערשוועכט, א
הייליגע קאסטען אויפגעבראכען, הייליגע ביינער בע׳גנב׳עט, פער־
שוועכט. דערפאר האט זי מיך פערגעטערט, דערפאר האט זי מיך
געהאלטען פאר דעם בעסטען, פאלקאמענסטען, רייצענדסטען מאן.
אזוי איז די פרוי, ליעבער אבבע, די עכטע פרוי !

גאנצע צוויי מאנאטען דערנאך בין איך געווען דער בעסטער
חתן. איהר צימער האט זי געמאכט פאר א מין הייליגען ארט און
געהאלטען דארט דאס שעפסען־ביינדעל, וואס איך האב גע׳גנב׳עט,
ווי זי האט געדענקט, צוליעב דער געטליכער ליעבע ; און יעדען
טאג האט זי דארט פערבראכט, נעבען דעם דאזיגען שעפסען־
ביינדעל, בעגייסטערט און ענטציקט.

איך האב זי געבעטען, זי זאל וועגען דעם, חלילה ניט ריידען.
מען קאן נאך מיך ארעסטירען און ארויסגעבען צו דייטשלאנד —
האב איך איהר געזאגט. זי האט ניט גערעדט.

אבער דא אין׳ם פריהלינג האט זי מיט אמאל אנגעכאפט א
ווילדער וואונש, צו זעהן מיט די אייגענע אויגען דעם ארט, וואו
איך האב בעגאנגען מיין העלדענ־טהאט. זי האט אזוי לאנג גע־
מארטערט איהר פאטער, ביז ער איז מיט איהר געפאהרען אין קעלן.
פון מיר האט מען עס געהאלטען בס״ד. אזוי האט זי געוואלט.

עס איז איבריג צו זאגען, אז איך בין קיינמאל דארט אין׳ם
קלויסטער ניט געווען און וויים אפילו ניט, ווי ער זעהט אויס אי־
נעווייניג. נאך וועניגער וויים איך, וואו די קאסטען מיט די ביי־
נער פון די עלף טויזענד יונגפרויען געפינט זיך.

אין א וואך ארום האב איך בעקומען פון איהר צעהן צייל
וועלכע האבען מיר מיין ווארט צוריקגעגעבען. דאן א בריעף פון
איהר פאטער, וועמען זי האט שוין געהאט דערצעהלט די גאנצע
געשיכטע. פון דעם דאזיגען בריעף איז מיר אלעס קלאר געווארען.

גלייך ווי זי האט דערזעהן די קאסטען מיט די ביינער, אזוי

זיינען איהר באלד קלאָר געוואָרען מיין בעטרוג, מיינע ליגען און אויך מיין אונשולד. זי האָט ביי דעם וועכטער פון די הייליגע ביינער געפרעגט, אויב עמיצער האָט אמאָל דאָ פון דער קאסטען גע־גנב'עט, האָט ער זיך צולאכט און איהר אויפגעוויזען, ווי אונמעגליך איז אזא זאך.

אָבער פון דעם אויגענבליק אָן, ווען עס האָט זיך ארויסגע־שטעלט, אז איך האָב קיין פערברעכען ניט בעגאנגען אין דעם היי־ליגען אָרט, אז מיינע הענד האָבען ניט געשענדעט די הייליגע ביי־נער, בין איך שוין מעהר ניט ווערט געווען מיין בלאָנדער כלה.

דעם שוועל פון איהר הויז האָט מען מיר פערבאָטען אריבער־צוטרעטען. אומזיסט זיינען געווען מיינע רייד, אומזיסט מיין בעטען — גאָר נישט האָט געקענט ווייכער מאכען די פרומע שעהנ־הייט.

פאר צער בין איך געוואָרען קראנק.

און פאָריגע וואָך האָט אייער ביידענס קוזינע, מאדאם ד'אר־וויל, מיך איינגעלאדען צו זיך. איצט הער די בעדינגונגען, אונטער וועלכע זי וויל מיר פערצייהען: איך מוז איהר פערשאפען היילי־גע ביינער. און דוקא פון א הייליגע יונג פרוי, אָבער ריכטיגע, וואָס זייער עכטקייט זאָל דער פאפסט אליין בעשטעטיגען. איך ווער פערריקט פאר אונרוה און פערלעגענהייט.

ווען נויטיג וועל איך פאָהרען אין רוים. אָבער איך קען דאָך ניט קומען צום פאפסט און איהם דערצעהלען מיין נארישע געשיכ־טע. און אויסער דעם גלויב איך קוים, אויב מען וועט אנפער־טרויען עכטע הייליגע ביינער פריוואט פערזאָנען.

צו קענסטו מיר ניט געבען א רעקאָמענדאציאָן צו וועמען ניט־איז פון די קארדינאַלען אָדער כאָטש צו א פראנצויזישען פרעלא־טען, וואָס פערמאָגט א רעשטעל פון עפעס א הייליגער? צו אפשר פערמאָגסטו גאָר אליין די טהייערע זאך, וואָס איך זוך?

ראטעווע מיך, ליעבער אבבע, און איך פערשפרעך דיר, צו בע־קעהרען זיך צו דעם אמת'ן גלויבען פריהער מיט צעהן יאָהר!

מאדאם ד'ארוויל, וועלכע נעהמט זיך די געשיכטע שטארק צום הארצען, האָט מיר געזאָגט:

— די אָרעמע זשילבערטא װעט קײנמאָל ניט הײראַטען !

ליעבער פרײנד, שװין־זשע װעסטו דערלאָזען, אַז דײן קוזינע זאָל אַ יונגינקע פון דער װעלט אַװעקגעהן אַלם קרבן פון אַ נאַריש־ שען שפּאַס ? איך בעט דיך, איך בעט דיך, העלף, דערלאָז ניט, זי זאָל חלילה װערען נומער עלף טױזענד און אײנס.

פערצײיהע, איך בין עס אפילו ניט װערט ; אָבער איך דריק דײן האַנד און איך האָב דיך ליעב פון גאַנצען, גאַנצען האַרצען.

דײן אַלטער פרײנד,

אַנרי פאָנטאַל.



# אונזערע בריעף

נאָך א אכט שטונדיגען פאָהרען אויף'ן אייזענבאהן, שלאָ־
פען אנדערע ווי גע'הרג'עטע, און אנדערע קענען גאָרניט
שלאָפען. איך אליין געהער צו די לעצטע, וועלכע קענען
מיט א'ן אויג ניט צו מאכען א נאכט נאָכדעם.
א זייגער פינף בין איך אָנגעקומען צו מיין פריינ־
מורעט דע ארטוס, אום אויף זיין גוט דריי וואָכען צו
פארברייגגען.

דאָס הויז, וואָס ער האָט בעוואָהנט, איז געוועזען א שעהנע גע־
ביידע. איינער פון זיינע עלטער־זיידעס האָט עס געבויט צום סוף
פון פאָריגען יאָהר־הונדערט און זייט דעם איז עס געבליעבען אין
דער פאמיליע. א גאנץ בעזונדערע אייגענארטיגקייט האָט זיך גע־
פיהלט אין דעם דאָזיגען הויז, וואו עס האָבען אימער געוואָהנט
די זעלבע מענשען, וואו עס איז שטענדיג געשטאַנען די זעלביגע
מעבעל. קיין זאך האָט זיך דאָרט ניט געענדערט. מען שפירט
אימער דעם הויך פון דעם זעלבען גייסט אין די צימערן ; די אָב־
גענוצטע און אָבגעבליאקירטע טאפעטען ווערען קיין מאָל ניט ארונ־
טערגעריסען פון די אלטע ווענט. די שטיקער מעבעל, ווי אלט זיי
זאָלען ניט זיין, בלייבען אימער אין הויז, העכסטענס שטעלט מען
זיי נור אביסעל איבער, אום צו מאכען פלאַץ פאר עפּעס א נייער
זאך, וואָס זעהט דאן אויס ווי א ניי געבאָרענעס קינד צווישען
עלטערע שוועסטער.

דאָס הויז ליעגט אויף א בערגעל אין מיטען פון א פארק, וועל־
כער ציהט זיך ביז צום טייך ארונטער. פון דער אנדערער זייט טייך
ציהען זיך לאָנקעס, דאָרט פאשען זיך גאנצע סטאדעס דיקע קיה,
קייען דאָס זאפטיגע גראָז און אין זייערע פייכטע אויגען שפיעגעלט

זיך אָב, דאַכט זיך, א מין חיות. איך האָב ליעב דאָס דאָזיגע הויז, ווי עטוואָס וואָס מען וואָלט שטאַרק ווילען בעזיצען. יערען יאָהר קום איך אהין אין יעסען און יעדעס מאָל פרעה איך זיך אָהן א מאָס. און מוז איך פון דאָרט אוועק, ווער איך זעהר טרויעריג.

נאָכדעם ווי איך האָב אָבגעגעסען מיט מיינע פריינד, וועלכע האָבען מיך אויפגענומען ווי א לייבליכען קרוב, האָב איך געפרעגט מיין אַלטען פריינד פאול מורעט :

— וואָס פאַר א צימער האָסטו מיר היינטיגס יאָהר געגעבען ?

— דעם צימער פון טאַנטע ראָזע.

אין א שטונדע ארום האָט מיך פרוי מורעט דע־ארטוס, בעגלייט פון איהרע דריי קינדער, צוויי גרויסע מיידלאַך און איין איינגעל, אוועקגעפיהרט אין צימער פון טאַנטע ראָזע. דאָרט האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געוואָהנט.

ווען איך בין געבליעבען אליין, האָב איך גענומען בעטראַכ־טען די ווענד, די מעבעל, דאָס גאַנצע אויסזעהן פון'ם צימער. גע־קענט האָב איך איהם, איך בין דאָ פריהער שוין געוועזן א פּאָאַר מאָל און האָב מיט גלייכגילטיגע בליקען בעטראַכט א בילד פון טאַנטע ראָזע, וועמעס נאָמען דער צימער האָט געטראָגען.

מיט איהרע קרייזלאַך האָט די דאָזיגע אַלטע טאַנטע ראָזע אויסגעזעהן אויף איהר פּאָרטונקעלטען בילד גאַנץ אונאינטערע־סאַנט. זי האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון איינער פון יענע בראַווע פרויען, וואָס פיהרען א שטרענגען, פּרינציפּיעלען לע־בען און וועלכע זיינען פונקט אזוי שטאַרק אין מאָראַל פּרעדיגען ווי אין דער קאָך־קונסט. איך האָב זי אָנגענומען פאַר איינער פון יענע אַלטע טאַנטעס, וואָס ווייסען ניט פון פרעהליכקייט, פון לעבעדיג־קייט, און וועלכע געהען ארום אין די פּראָווינציעלע פאַמיליעס ווי א פינסטערער שאָטען.

אגב האָב איך קיינמאָל ניט געהערט פון איהר רעדען. אויך האָב איך גאָרנישט געוואוסט ניט פון איהר לעבען און ניט פון איהר טויט. האָט זי געלעבט אין היינטיגען יאָהר הונדערט צו אין דעם פערגאַנגענעם ? האָט זי די וועלט פערלאָזען נאָך א רוהיגען אָדער א שטורעמדיגען לעבען ?

האָט זי צום הימעל געבראַכט דאָס ריינע הארץ פון א'ן אַלטער מיידעל, אָדער דאָס שטילע הארץ פון א פערהייראטער פרוי? דאָס צערטליכע הארץ פון א מאמע, אָדער א הארץ צוריסענלט פון ליעבעס שטורעמס? און פאַרוואָס רופט מען זי „טאַנטע ראָזע"?

איך האָב גענומען א לייכטער, אום צו בעטראַכטען איהר ערנסטען פנים, וועלכער האָט אויף מיר ארויסגעקוקט פון א'ן אַלטען פערגאָלדעטען, פון האָלץ אויסגעשניצטען ראַהם. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען אונאינטערעסאַנט, אונאַנגענעהם, זאָ־גאַר אונסימפאַטיש. דאַן האָב איך בעטראַכט די איינריכטונג. אַלע מעבעל זיינען הפנים געוועזען פון דער צייט פון לודוויג דעם זעכ־צעהנטען.

זייט דאַן איז אין דעם דאָזיגען צימער ניט צוגעקומען קיין זאַך, קיין שטוהל, קיין פאָרהאַנג. א הויך פון אַלטע, אַלטע צייטען האָט געשוועבט איבער אַלעס, איבער דאָס האָלץ, די שטאָפען, די כאַפּעטען, איבער'ן גאַנצען צימער, וואו מענשען האָבען אמאָל גע־לעבט, געליעבט און געליטען.

דאַן האָב איך זיך געלייגט צו בעט, אָבער איך האָב ניט גע־קענט שלאָפען. נאָכדעם ווי איך האָב זיך ארומגעוואָרפען א פּאָאָר שטונדען אהין און אהער, האָב איך זיך ענדליך בעשלאָסען אויפצו־שטעהן און שרייבען עטליכע בריעף.

איך האָב געעפענט א קליין שרייב טיש מיט מעטאַלענע לייס־טען, וועלכער איז געשטאַנען צווישעןביידע פענסטער. איך האָב געדענקט, אַז איך'ל דאָרט געפינען טינט און פעדער. אָבער איך האָב דאָרט גאָרנישט געפונען אויסער א'ן אַלטע הענטעל פון א פעדער, וועלכע איז געוועזען צוביסען פון דער אנדערער זייט. איך האָב שוין געוואָלט צוריק צומאַכען דעם שרייב־טיש, ווען א ליכ־טיגער פונקט האָט זיך מיר א וואָרף געטהאָן אין די אויגען, דאָס איז געוועזען עפּעס א מין געלער טשוועקעל, ווי א קליין רונד קנעפּעל, אויף'ן עק פון א ברעטעל.

ווען איך האָב איהם אָנגעריהרט מיט'ן פינגער, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז ער בעוועגט זיך. איך האָב איהם אריינגענומען

צווישען צוויי פינגער און א ציה געטהון אזוי שטארק ווי איך האָב געקענט. ער האָט לאנגזאם נאָכגעגעבען. דאָס איז געווען א לאנגע גאָלדענע שפּילקע, ארייגגערוקט אין א לאָך אין האָלץ און דאָרט בע־האַלטען.

צו־וואָס? גלייך איז מיר איינגעפאלען, אז דאָ ליעגט בעהאל־טען עפּיס א סוד. און איך האָב אָנגעהויבען צו זוכען. אָבגעזוכט א שעה צוויי און געמאכט אלערליי פּראָבעס, האָב איך ענטדעקט נאָך א לאָך פונקט אנטקעגען דער ערשטער. איך האָב ארייגגע־שטעקט אהין מיין שפּילקע, און א קליין ברעטעלע האָט א שפּרונג געטהאָן מיר אנטקעגען. איך האָב דערזעהן צוויי פּעקלאָך געל־געוואָרענע בריעף, איבערגעבונדען מיט א בלויער באנד. איך האָב זיי געלעזען און צוויי פון זיי איבערגעשריעבען. אָט איז זייער אינהאלט:

מיין געליעבטע פריינדין!

דו ווילסט אלזאָ איך זאָל דיר צוריקגעבען דיינע בריעף? אָט דאָ האָסטו זיי. אָבער עס טהוט מיר זעהר וועה! פאַרוואָס האָסטו מורא, אז איך וועל זיי פערליערען? זיי ליעגען דאָך פערשלאָסען! — אז מען זאָל זיי גנב'ענען? — אָבער איך בעוואָך זיי דאָך אזוי גוט, זיי זיינען דאָך מיין טהייערסטער אוצר.

יא, דאָס טהוט מיר זעהר וועה און טיעף אין מיין הארצען האָב איך זיך געפרעגט, צו האָסטו ניט חרטה אפשר, — ניט אויף דעם, וואָס דו האָסט מיך געליעבט, דען איך וויים, אז דו ליעבסט מיך נאָך אימער — נור אויף דעם, וואָס דו האָסט דיין הייסע ליע־בע אויף פּאַפּיר אויסגעדריקט אין יענע שטונדען, ווען דיין הארץ איז געווען פול און האָט איהרע געהיימניסע פערטרויט — ניט מיר, נור דער פעדער, וואָס דו האָסט אין דער האנד געהאלטען.

ווען מיר ליעבען, האָבען מיר דאָס בעדירפעניש זיך אימעצען צו פערטרויען, א צערטליכע בעדירפעניש צו רעדען אָדער צו שריי־בען, און מיר ריידען און מיר שרייבען. אויסגעשפּראָכענע ווערטער שוועבען אוועק, טהייערע ווערטער, פול מיט מוזיק, מיט זיסע טע־נער און צערטליכקייט, הייסע ווערטער, אויסגעהויכט מעהר ווי אויסגערעדט, ווערטער וועלכע לעבען דערנאָך אין אונזער עראי־

נערונג, אָבער מען קען זיי ניט זעהן, ניט בעריהרען, ניט קושען, ווי די ווערטער, וועלכע דיין האנד האָט געשריעבען. דיינע בריעף? יא, איך גיעב זיי דיר צוריק. אָבער מיר איז טרויעריג, אזוי טרויע־ריג!

דו האָסט זיך דערנאָך אודאי פארשעהמט פאר די ווערטער, וועלכע לאָזען זיך מעהר נישט אויסלעשען. דו מיט דיין צארטער, שרעקעדיגער נשמה, וועלכע ווערט פערציטערט פון דער קלענסטער בעריהרונג, האָסט מסתמא בעדויערט, וואָס דו האָסט געשריעבען צו א מאן, אז דו האָסט איהם ליעב. די ווערטער, וועלכע האָבען דיך אמאָל בעוועגט, זיינען דיר צוריק אויף די געדאנקען ארויף און דו האָסט צו זיך געזאָגט, אַז זיי מוזען פערברענט ווערען אויף אַש. זיי צופריעדען, זיי גליקליך. אָט זיינען זיי דיינע בריעף, איך ליעב דיך.

* * *

ליעבער פריינד!

ניין, דו האָסט מיך ניט פערשטאנען, האָסט מיין אבזיכט ניט געטראָפען. איך בעדויער ניט און וועל עס קיין מאָל ניט בע־דויערן, וואָס איך האָב זיך פאר דיר מודה געווען אין מיין ליעבע. איך וועל צו דיר אימער שרייבען, אָבער דו מוזט מיר מיינע בריעף צוריקגעבען, אזוי שנעל ווי דו וועסט זיי ערהאַלטען.

ווען איך זאָג דיר דעם גרונד פאר דעם דאָזיגען וואונש מיי־נעם, וועט ער דיך וואהרשיינליך בעליידיגען, דען דער גרונד איז ניט א פּאָעטישער ווי דו דענקסט, נור, פערקעהרט, זעהר א פּראַק־טישער... אך, פאר דיר האָב איך קיין מורא ניט, אָבער איך שרעק זיך פאר א צופאַל. איך בין געוואָרען א שולדיגע און איך וויל ניט, אַז מיין שולד זאָל פאַלען אויף וועמען עס איז אויסער מיר אליין.

דו ווייסט, מיר קענעןביידע שטארבען, דו און איך. דו קענסט ארונטערפאַלען פון'ם פערד, ווארום דו פּאָהרסט דאָך יעדען טאָג רייטענדיג, קענסט פּלוצים פאַלען אין א דועל, עס קען דיך טרעפען א הערץ־שלאָג, א אונגליקליכער צופאַל מיט דער קארעטע, קורץ, אויף טויזענדערליי ארטען קענסטו שטארבען. איין מאָל

איז דאָ דער טויט, דאַן זיינען פאַראַן מעהר טויט אורזאכען, ווי טעג אין אונזער לעבען.

דאַן וועלען דיין שוועסטער, דיין ברודער, דיין שוועגעריין מיינע בריעף געפינען.

גלויבסטו, אַז זיי האָבען מיך ליעב ? איך גלויב עס ניט. און ווען זיי זאָלען מיך אפילו פאַרגעטערן, איז עס דען מעגליך, אַז צוויי פרויען און איין מאַן זאָלען וויסען אַ געהיימניס, און דערצו נאָך אַזאַ געהיימניס, און זאָלען דערפון ניט רעדען ?

עס קלינגט זעהר מיאוס, וואָס איך רעד אפריהער פון דיין טויט און דאַן נאָך פון דער פערשוויגענהייט פון דיינע קרובים.

אָבער מיר שטאַרבען דאָך אַלע, היינט אָדער מאָרגען, ניט אמת ? און עס איז דאָך כמעט זיכער, אַז איינער פון אונז ביידע וועט איבערלעבען דעם אנדער׳ן. מוז מען אַלזאָ אַלע געפאַהרען פאָראויסזעהן, און די דאָזיגע אויך.

איך אָבער וועל דיינע בריעף אוועקלייגען נעבען מיינע אין אַ געהיימען שופליאָד פון מיין קליין שרייב־טישעל און וועל זיי דאָרט בעהאַלטען. איך וועל זיי דיר אמאָל דאָרט ציינען ווי זיי רוהען דאָרט זייט ביי זייט אין זייער מיט זיידענס בעשלאָגענעם באהעלטעניש, ווי צוויי ליעבענדע אין איין קבר.

דו וועסט זאָגען: אָבער ווען דו שטאַרבסט צוערשט, דאַן וועט דיין מאַן די דאָזיגע בריעף געפינען.

אָה, איך האָב פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט: ערשטענס וויים ער ניט פון דעם געהיימניס אין מיין שרייבטיש און דאַן וועט ער דאָרט גאָרנישט זוכען. און ווען ער זאָל אפילו נאָך מיין טויט עפּעס געפינען, האָב איך אויך ניט פאַרוואָס מורא צו האָבען.

האָסטו שוין אמאָל געטראַכט פון אַלדי ליעבעס בריעף, וואָס מען געפינט אין שרייבטיש פון אַ טויטער ? איך דענק וועגען דעם שוין זייט אַ לאַנגער צייט און טאַקע דערפאַר וואָס איך האָב וועגען דעם אַזוי פיעל געטראַכט, בין איך געקומען דערצו, צו פערלאַנגען פון דיר מיינע בריעף צוריק.

פאַרגעס ניט, אַז אַ פרוי פערברענט ניט, צורייסט ניט און פערניכטעט קיין מאָל ניט די בריעף, אין וועלכע מען ערקלעהרט זיך

איהר אין ליעבע. אין זיי ליגט אונזער גאַנץ לעבען, אַלע אונזערע האָפנונגען, אונזער ערוואַרטונג, אונזער טרוים פון גליק. די דאָזיגע קליינע בלעטלאַך, וועלכע טראָגען אונזער נאָמען און שמייכלען אונז מיט זיסע רייד, זיינען היילינגטהימער, און מיר פרויען ליעבען די קירכען, איבערהויפּט די, אין וועלכע מיר אַליין זיינען די הייליגע. אונזערע ליעבעס־בריעף זיינען די בעווייזע פון אונזער שענהייט, אונזער ליעבענסווירדיגקייט, אונזער אונווידערשטעהליכקייט, דער געהיימער שטאָלץ פון יעדער פרוי, דאָס שאַץ־קעסטעלע פון איהר הארצען. ניין, קיין מאָל וועט די פרוי ניט צושטערען די דאָזיגע טהייערסטע געהיימע דאָקומענטען פון איהר לעבען.

אָבער מיר שטארבען ווי די גאַנצע וועלט און דאַן — דאַן וועט מען אונזערע בריעף געפינען. ווער געפינט זיי? דער מאַן. וואָס טהוט ער מיט זיי? גאַרנישט, ער פערברענט זיי.

אָה, איך האָב פיעל וועגען דעם געטראַכט. באַרעכען נור, אז אַלע טאָג שטארבען פרויען, וועלכע האָבען געהאַט ליעבהאָבער, און אז טאָג־טעגליך פאַלען אריין די בעווייזע פון זייער שולד אין די הענד פון זייערע מענער. און טראָצדעם הערט מען קיינמאָל ניט פון אַ סקאנדאַל, קיין מאָל ווערט ניט צוליעב דעם אַ דועל.

טהו אַ טראַכט, מיין ליעבער פריינד, וועגען דעם מאַן און וועגען זיין הארץ. מיט אַ לעבעדיגער רעכענט ער זיך אָפּ, ער נעהמט אָן איהר נקמה, ער שלאָגט זיך מיט דעם, וועלכער האָט זיין עהרע בעשמוצט, ער טויטעט איהם, אזוי לאַנג ווי די פרוי לעבט, ווייל... יאַ, וואַרום? איך ווייס אליין ניט. אָבער ווען מען געפינט די דאָזיגע בעווייזע נאָך דעם טויט פון דער פרוי, דאַן פערברענט מען זיי און מען וויל פון קיין זאַך מעהר ניט וויסען. מען בלייבט גוט פריינד מיט דעם געליעבטען פון דער טויטער און מען גיט איהם די האַנד. מען פיהלט זיך בערוהיגט און בעפריעדיגט, וואָס די דאָזיגע בריעף זיינען ניט אריינגעפאַלען אין פרעמדע הענד און מען פרעהט זיך, וואָס זיי זיינען פערניכטעט.

אַך, איך ווייס גאַנץ גוט, אַז פיעל פון מיינע פריינד האָבען געמוזט פאַרברענען אַזעלכע בריעף און איצט מאַכען זיי אַן אָנשטעל, ווי זיי ווייסען ניט פון וואָס צו זאָגען, וועהרענד זיי וואָלטען

זיך געשלאָגען מיט א ווילדער פארביסענקייט, ווען זיי זאָלען דאָס האָבען געוואוסט פאר׳ן לעבען פון זייערע פרויען. אָבער די פרוי איז טויט. דער בעגריעף פון עהרע האָט זיך געענדערט. דער קבר איז פאר דעם בעטראָגענעם מאַן ווי די פארלייגנגערטע צייט פאר א פערברעכען.

איך קען אלזא די בריעף, וועלכע זיינען אין דיינע הענד גע־פעהרליך פאר אונז ביידע, רוהיג בעהאלטען.

קענסטו זאָגען, אז איך בין אונגערעכט?

איך ליעב דיך און קוש דיר אין שטערן.

רָאזא.

איך האָב אויפגעהויבען די אויגען צום בילד פון טאנטע רָאזא, האָב אָנגעקוקט איהר ערענסט, צוקנייטשט, עטוואָס בייז פּנים און גענומען טראַכטען : פון אלדי פרויען־נשמות, וועלכע מיר פער־שטעהען ניט, וועלכע מיר שטעלען זיך פאָר גאנץ אנדערש ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, וועמעס געבאָרענע שלויקייט, ווע־מעס קופערנער שטערן און שארפע צינגעלאך זיינען אזוי שווער פאר אונז צו בעגרייפען, צו ווידערשטעהן.



# נערװעטאַן

די קליינע מארקיזע דע רענענדאַן איז אריינגעפאלען אין צימער, ווי א קויל, וואָס ברעכט זיך דורך דורך גלאָז, און נאָך איידער זי האָט ארויסגערערט א וואָרט, האָט זי גענומען לאַכען, לאַכען ביז טרעהרען, פונקט אזוי ווי זי האָט געלאַכט מיט א מאָנאַט צוריק, ווען זי האָט דערצעהלט איהר פריינדין, אַז זי איז פאלש געוואָרען דעם מארקיז, האָט איהם בע־טראָגען און מיט דעם איינציגען צוועק צו נעהמען אָן איהם נקמה, ווייל ער איז שוין צו נאַריש און צו אייפערזיכטיג.

די באַראָנעסע דע גראנזשע האָט א וואָרף געטהאָן דאָס בוך, וואָס זי האָט געלעזען, אויף דער זאָפע, אָנגעקוקט מיט נייגעריג־קייט אָננעטע'ן און זיך אליין אויך צולאַכט.

צום סוף האָט זי געפרעגט :

— נו, האָסט שוין עפּעס ווידער אָבגעטהאָן ?

— אַך, מיין טהייערע... מיין טהייערע... דאָס איז אזוי קאָ־מיש, אזוי קאָמיש... שטעל זיך פאָר... איך בין גערעטעט... גע־רעטעט... גערטעט !

— וואָס הייסט גערעטעט ?

— אָט אזוי, פשוט גערעטעט.

— פון וואָס, פון וועמען ?

— פון מיין מאַן, מיין טהייערע. בעפרייט, פריי, פריי, פריי!

— וואָס הייסט פריי ? פון וואָס ?

— פון וואָס ? פון אלסדינגג : ס'הייסט א גט. יאָ, א גט. דער גט איז איצט אין מיינע הענד.

— דו האָסט זיך גע'גט מיט דיין מאַן ?

— דערוויילע נאָך נישט, נאַרעלע. דריי א זייגער נט מען

זיך ניט. אָבער איך האָב בעווייזט... בעווייזט, אז ער איז מי.־
פאַלש... איך האָב איהם געכאַפּט ביי דער האַנד אויף דעם פּלאַץ...
שטעל זיך פאָר... אין רעכטען מיטען...

— אך ווי אינטערעסאַנט ! דערצעהל עס מיר. הייסט עס,
אז ער האָט דיך גענאַרט ?

— יאָ.. דאָס הייסט, ניין... אי יאָ אי ניין... איך ווייס
ווירקליך ניט. נור איך האָב בעווייזט, דאָס איז די הויפּטזאַך...

— ווי אזוי־זשע האָסטו זיי געקראָגען ?

— ווי אזוי איך האָב זיי געקראָגען ? הער אויס. אך, איך
בין געוועזען ענטשלאָסען, ענטשלאָסען און איינגעשפּאַרט. פאַר
די לעצטע דריי מאָנאַטען איז ער געוואָרען אין גאַנצען אונערטרעג־
ליך : האָט מיך בעהאַנדעלט האַרט, גראָב, דעספּאָטיש. צום
סוף איז ער געוואָרען איינפאַך ניעדערטרעכטיג. איך האָב געזאָגט
צו זיך אליין : אזוי קען עס ווייטער ניט געהן : איך מוז האָבען
א גט. אָבער ווי אזוי קריעגט מען ארויס א גט ? דאָס איז גע־
ווען ניט קיין לייכטע שטיקעל ארבייט. אין אָנהויב האָב איך גע־
פּרובט צופיהרען אזוי, אז ער זאָל מיך שלאָגען. האָט ער עס אָבער
ניט געטהאָן. פון אין־דער־פריה ביז ביינאַכט האָט ער געטהאָן
אלסדינג מיר אויף צו להכעיס, האָט מיך געצוואונגען אוועקצוגעהן,
ווען איך האָב געוואָלט זיין אין דערהיים, אָדער בלייבען אין דער
היים, ווען איך האָב גאָר געוואָלט עסען דיענער וואו עס איז אין
א רעסטאָראַנט. אין פערלויף פון א גאַנצער וואָך האָט ער מיר
מיין לעבען פערביטערט, געמאַכט איינפאַך אונערטרעגליך ; אָבער
געשלאָגען האָט ער מיך ניט.

דאַן האָב איך גענומען פאָרשען, צי האָט ער ניט וואו עס איז
א געליעבטע. ס'האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז ער האָט. ער איז
אָבער געוועזען זעהר פאָרזיכטיג, האָט זיך געהיט. עס איז געוועזען
אונמעגליך זיי צו כאַפּען ביינאַנד. היינט טרעף, וואָס איך האָב גע־
טהאָן ?

— ווי קען איך עס טרעפען ?

— געוויס, דיר וועט עס קיינמאָל ניט איינפאַלען. איך האָב

געבעטען מיין ברודער, ער זאָל מיר פערשאפען א בילד פון יענער פערזאָן.

— פון דיין מאנס געליעבטער ?

— יאָ. דאָס האָט געקאָסט זשאק'ען פופצעהן לואידאָרס, דערפאר האָט ער מיט איהר פערבראכט פון זיעבען ביז צוועלף, אריינגערעכענט דעם מיטאָג, מאכט עס אוים דריי לואידארס א שטונדע. אלס א צוגאָב האָט ער געקראָגען דאָס בילד.

— איך דענק, אז דאָס בילד האָט ער געקאָנט קריעגען ניט... ניט... ניט זייענדיג געצוואונגען צו בעזיצען דעם אָריגינאל אויך.

— זי איז אָבער א גאַנץ שענינקע. דאָס איז זשאק'ען ניט געווען אונאנגענעהם. אויסער דעם האָב איך געמוזט דערגעהן איינינגע איינצעלהייטען וועגען איהר וואוקס, איהר בוזים, די גע־זיכטס־פארב און טויזענדער אנדערע זאכען.

— איך פערשטעה דיך ניט.

— דו וועסט גלייך פערשטעהן. ווען איך האָב זיך דערוואוסט אלסדינג, וואָס איך האָב געוואָלט, בין איך אוועק צו איינעם א געוויסען... ווי זאָל איך עס אָנרופען... צו א געוויסען געשעפטס־מאן... פערשטעהסט ? איינער פון יענע לייט, וועלכע פיהרען אלע סאָרטען געשעפטען : ווי ארויסרופען אן עפענטליכען סקאנ־דאל און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער... דו פערשטעהסט שוין אליין, מיט איין וואָרט...

— יא, איצט הויב איך אָן צו בעגרייפען. און דו האָסט איהם אלסדינג דערצעהלט ?

— איך האָב איהם געוויזען קלאריסא'ס בילד (זי הייסט קלא־ריסא) און געזאָגט : איך דארף א דיענסט, וועלכע זאָל זיין עהנליך צו דיעזער... איך וויל, אז זי זאָל זיין שעהן, עלעגאנט, נעט און ציכטיג. איך וועל איהר בעצאָהלען, וויפיעל עס וועט נויטיג זיין. עס מעג מיר אפילו קאָסטען צעהן טויזענד פראנק. דארפען דארף איך זי ניט מעהר, ווי אויף דריי מאָנאטען.

ער האָט געמאכט זעהר א פערוואונדערטען פנים, דער דאָזי־גער הערר. דערנאָך האָט ער געפרעגט :

— ווילט איהר, אז זי זאָל זיין דורכאוים אָרענטליך ?

איך בין רויט געוואָרען, דאָך האָב איך געענטפערט:

— יא... זי מוז זיין אָרענטליך.

ער האָט צוגעלייגט:

— איהר מיינט, אז זי מוז זיין מאָראַליש אויך?

איך האָב ניט געהאט קיין מוטה צו ענטפערען. איך האָב נור א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין. נור דאָ האָב איך זיך געכאפּט, אז דאָס קען אין איהם ערוועקען א שרעקליכען געדאנק, האָב איך אין גאנצען דעם קאָפּ פערלאָרען און גענומען שרייען:

— דאָס איז פאר מיין מאן, וועלכער איז מיר פאלש... וואָס בעטריגט מיך אָן דער זייט... און איך וואָלט וועלען... ער זאָל מיך בעטריגען אין דער היים... איהר פערשטעהט... אום איהם צו כאפּען דערביי.

דערהערט עס, האָט זיך דער דאָזיגער הערר צולאַכט הויך אויף א קול. נור אָן זייגע אויגען איז קענטיג געוועזען, אז ער האָט גענומען פיהלען אכטונג צו מיר. עס איז איהם געפעלען געוועזען מיין דרייסטקייט. איך בין זיכער, אז אין יענער מינוט האָט זיך איהם זעהר געוואָלט א דריק טהאָן מיין האנד.

ער האָט צו מיר געזאָגט:

— אין א וואָך ארום, מאדאם, וועל איך ערפילען אייער וואונש. אויב נויטיג, וועט מען זאָגאר קענען אומבייטען די פערזאָן. פאר דעם ערפאָלג קאָוויר איך אייך. געצאָהלט וועל איך קריגען, ווען איהר וועט עררייכען די געוווינשטע רעזולטאטען. דיעזע בילד איז אלזאָ פון אייער מאן'ס געליעבטע?

— יא, מיין הערר.

—א שעהנע פרוי... מיט עטוואָס געמאכטער, קינסטליכער מאָגערקייט. און וואָס פאר א פּארפיום?

איך האָב ניט פערשטאנען און האָב איבערגעפרעגט:

— וואָס מיינט איהר — וואָס פאר א פּארפיום?

ער האָט א שמייכעל געטהאָן און געענטפערט:

— אָה, מאדאם, פּארפיום איז זעהר א וויכטיגע זאך, ווען עס האנדעלט זיך צו פערפיהרען א מאן, ווייל עס ערוועקט אין איהם

אונבעוואוסטע עראינערונגען, וועלכע בעווענען איהם צו האנדלען; פארפיום רופט ארויס א ניט קלאהרע אויפרעגונג אין מח, צומישט און רעגט איהם אויף, דערמאנענדיג איהם אן פריהערדיגע געשעהענ־ סען... עס וואלט אויך ניט געשאדט צו וויסען, וואס אייער מאן עסט געוועהנליך, ווען ער שפייזט מיט דער דאזיגער דאמע. איהר וואלט דאן דיזעלבע שפייזען געקענט צובערייטען פאר איהם אין דעם אבענד, ווען איהר וועט וועלען איהם כאפען ביי דער האנד. אה, מיר וועלען איהם שוין כאפען, איהר מעגט זיין זיכער, אז מיר וועלען איהם כאפען.

איך בין אוועק א ענטציקטע. איך האב געזעהן, אז איך האב צו טהאן מיט זעהר א קלוגען מענשען.

---

.2

אין דריי טעג ארום איז צו מיר געקומען א הויכע ברונעטקע, א גאנץ שעהנע, מיט א בעשיידענעם און אין דערזעלבער צייט אויך ענטשלאסענעם אויסזעהן — א בעזונדערער טיפ פון א פעהיגער און ערפאהרענער פרוי. מיט מיר האט זי זיך געהאלטען זעהר אנשטענדיג. ניט וויסענדיג גענוי, מיט וועמען איך האב דא צו טהאן, האב איך זי אנגערופען „מאדעמאזעל", דארויף האט זי בע־ מערקט : „איהר קענט מיך רופען איינפאך ראזא". מיר האבען גענומען שמועסען.

— איהר ווייסט דאך, ראזא, צוליעב וואס מען האט אייך אהער איינגעלאדען ?

— איך שטוים זיך אן, מאדאם.

— זעהר שעהן, מיין ליעבע... און דאס... און דאס זשענירט אייך ניט ?

— אה, מאדאם, דאס איז שוין דער אכטער גט, וואס מענ־ שען האבען דורך מיר ארויסגעקראגען... איך בין שוין געוואהנט.

— אויסגעצייכענט. וועט איהר דארפען א סך צייט, אום צו עררייכען דעם דאזיגען צוועק ?

— דאס הענגט אין גאנצען אב פון אייער מאנס טעמפערא־

מענט. אַבזייענדיג מיט דעם הערען פינף מינוט אויג אויף אויג, וועל איך עס אייך קענען זאָגען גאנץ גענוי.

— איהר וועט איהם גלייך זעהן, מיין קינד. נור איך זאָג אייך אפריהער, ער איז ניט קיין שעהנער.

— דאָס איז מיר גאנץ עגאַל, מאדאם. איך האָב שוין גע'גט דריי זעהר העסליכע. נור איך וועל אייך בעטען מיר צו זאָגען, אויב איהר ווייסט שוין — וועגען די פּארפיום.

— יא, ראָזא, פּארפיום־ווערבענא.

— גוט, מאדאם. איך האָב זעהר ליעב דעם דאָזיגען סאָרט פּארפיום.

— און ווייסט איהר אויך פּיליכט צו אייער מאן'ס געליעב־טע טראָגט זיידענע וועש ?

— ניין, מיין ליעבע : זי טראָגט באַטיסטינע מיט שפּיצען.

— הייסט עס, אז זי איז א גאנץ אנשטענדיגע פּערזאָן. זיי־דענע וועש הייבט אָן צו ווערען צופּיעל אין מאָדע ביי פרויען פון די ניעדריגע קלאססען...

— דאָס, וואָס איהר זאָגט, איז זעהר ריכטיג.

— הייסט עס, מאדאם, אז איך קען זיך גלייך נעהמען צו מיי־נע פפליכטען.

און זי האָט זיך ווירקליך גלייך גענומען פאר דער ארבייט, אזוי ווי זי וואָלט איהר גאנץ לעבען מיט קיין אנדער זאך ניט בע־שעפטיגט זיך.

אין א שטונדע ארום איז געקומען מיין מאן. ראָזא האָט אויף איהם אפּילו קיין אויג ניט אויפגעהויבען, נור דערפאר האָט ער אויף איהר א קוק געטהאָן. זי איז געוועזען שוין צו שטארק בעגאָ־סען מיט ווערבענא.

אין פינף מינוט איז זי ארויס פון'ם צימער.

ער האָט מיך גלייך געפרעגט :

— וואָס איז דאָס פאר א מיידעל ?

— דאָס... דאָס איז מיין נייע קאמער־מיידעל.

— וואו האָט איהר זי געקראָגען ?

— די באַראָנעסע דע־גראַנזשע האָט זי צו מיר געשיקט מיט די בעסטע רעקאָמענדאַציאָנען.

— זי איז גאָר נישט קיין מיאוסע.

— רעכנט איהר אזוי ?

— יא... פּאר א קאַמער־מיידעל, מיין איך.

איך בין געווען ענטציקט. איך האָב געפיהלט, אז ער הויבט שוין אָן ארייננצופּאַלען אין נעץ.

אין דעם זעלבען אבענד האָט ראָזא צו מיר געזאָגט :

— איצט קען איך אייך צוזאָגען, אז עס וועט ניט נעהמען מעהר ווי צוויי וואָכען. אייער מאַן מאַכט ניט קיין בעזונדערע שוועריגקייטען.

— ווי, איהר האָט שוין געפּרובט ?

— ניין, מאַדאַם, אָבער דאָס קען מען זעהן פון׳ם ערשטען בליק. עס ווילט זיך איהם שוין מיך א קוש טהאָן, ווען ער געהט פערביי.

— ער האָט אייך גאָרנישט געזאָגט ?

— ניין, מאַדאַם. ער האָט ביי מיר נור געפרעגט מיין נאָמען. אום צו הערען דעם קלאַנג פון מיין שטימע.

— אויסגעצייכענט, מיין ליעבע ראָזא. האַנדעלט וואָס שנע־לער.

האָט ניט קיין מורא, מאַדאַם. איך וועל זיך וועהרען בלויז אזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטיג, אום ניט צו ווערען צו ביליג.

אין א וואָך ארום איז מיין מאַן שוין כמעט ניט ארויסגעגאַנ־גען פון׳ם הויז. די גאַנצע צייט נאָך מיטאָג האָט ער זיך ארומגע־בלאָנקעט איבער די צימערען ; אָבער דאָס הויפּט כאַראַקטע־ריסטישע דערביי איז געווען דער פאַקט, אז ער האָט מיר שוין איצט ניט געשטערט אוועקצוגעהן ווען און וואו איך האָב געוואָלט. און איך... איך האָב פערבראַכט גאַנצע טעג אויסער דעם הויז... אום... אום ער זאָל זיין פריי.

אויף דעם ניינטען טאָג, בעת ראָזא האָט מיך אויסגעטהאָן, האָט זי שטיל ארויסגערעדט :

— מאַדאַם, פון היינט אין דער פריה אָן איז אַלסדינג פאַרטיג.

איך בין געוואָרען אביסעל פערוואונדערט, זאָגאר עטוואָס אויפ־נערעגט, ניט אזוי פון דער דאָזיגער פּאַסירונג אליין, ווי פון דער אַרט און ווייזע, אין וועלכער זי האָט מיר דערפון מיטגעטהיילט. איך האָב אַרויסגעשעפּטשעט :

— און... און... אַלסדינג איז אַבגעגאַנגען גלאַט ?...

— אָה, גרויסאַרטיג, מאַדאַם. שוין דריי טעג, ווי ער לאָזט מיך ניט רוהען, אָבער איך האָב ניט געוואָלט האַנדלען צו שנעל. זאָגט מיר אָן, ווען איהר ווילט איהם כאַפּען ביי דער האַנד...

— גוט, מיין ליעבע... אָט... וואָס... לאָמיר דאָס בעשטעט־לען אויף דאָנערשטאַג.

— געהט עס, זאָל זיין דאָנערשטאַג. ביז דאַן קען ער ביי מיר בשום אופן קיין זאַך מעהר ניט פּועל'ן, אייף אַזאַ שטייגער וועל איך איהם האַבען פעסט אין מיינע הענד.

— זייט איהר זיכער, אַז אייך וועט געלינגען אַלסדינג אויס־צופיהרען ?

— אָה, יאַ, מאַדאַם, איך בין אין דעם איבערצייגט. איך וועל אייער מאַן אָנציהען אזוי, אַז ער וועט זיך ביי מיר פרעגלען די גאַנצע צייט, און אונטערגעבען וועל איך זיך איהם אין יענער שטונדע, וועלכע איהר וועט מיר בעשטעלען..

— לאָמיר דאָס בעשטעלען אויף פינף אַ זייגער, ראָזאַ.

— גוט, זאָל זיין פינף אַ זייגער, מאַדאַם ; אָבער וואו, אויף וועלכען פּלאַץ ?

— אין... אין מיין שלאָף־צימער.

— גוט... אין אייער שלאָף־צימער.

נאָכדעם, פערשטעהסטו דאָך שוין אליין, מיין טהייערע, וואָס איך האָב געטהאָן. פריהער פאַר אַלץ בין איך אוועק רופען טאַטע־מאַמע, דערנאָך האָב איך גערופען מיין אָנקעל, דעם פּרעזי־דענט דע־אַרוואַלען און דעם ריכטער ראַפּלע, וועלכער איז מיין מאַן'ס אַ פריינד. איך האָב זיי ניט אויסגעזאָגט, וואָס איך קלייב זיך זיי צו ווייזען. איך האָב זיי אַלע צוגעפיהרט אויף די שפּיץ־פינגער צו דער סאַמע טיר פון מיין שלאָף־צימער. איך האָב אָב־געוואַרט ביז פינף אוהר, ביז פּונקט פינף אוהר... אַך, ווי מיין

הארץ הא͏ָט געקלא͏ַפּט. איך הא͏ָב אויך גערופען דעם שווייצאר, אום צו הא͏ָבען נא͏ָך א׳ן עדות. און דערנא͏ָך... דערנא͏ָך, ווי נור דער זייגער הא͏ָט גענומען שלא͏ָגען, **טראך !...** איך טהו ברייט א׳ן עפען די טיר... **ביי** א͏ַלעמען הא͏ָט זיך ארויסגעריסען איין געשריי : — אך, אך, אך !... אלסדינגג איז געוועזען ווי עס הא͏ָט געדארפט זיין, ווי עס הא͏ָט געדארפט זיין, זא͏ָג איך דיר, מיין טהייערע. הא͏ָט ער געהאט א פּנים, אוי א פּנים !... ווען דו וואלסט נור געקענט זעהן זיין פּנים. ער הא͏ָט זיך א͏ָבגעקעהרט, דער שוטה. אך, ווי לעכערליך, ווי קא͏ָמיש ער איז געוועזען. איך הא͏ָב געלאכט, זיך גע־קייכט פאר געלעכטער. און דער פּאפּא הא͏ָט זיך געקא͏ָכט, גע־וואלט א͏ָנברעכען מיין מאן די ביינער... דער שווייצאר, ווי א געטרייער דיענער, הא͏ָט איהם געהא͏ָלפען א͏ָנטהא͏ָן זיך, פאר אונז אלעמען אין די אויגען... שטעל זיך פא͏ָר, אין אונזער אלעמענס געגענוואַרט. ער הא͏ָט איהם פערשפּיליעט די שלייקעס — א͏ָבער איז דא͏ָס געוועזען לעכערליך, איך קען דיר גא͏ָר אזוי פיעל ניט איבער־געבען. און וואס אנבעלאנגט צו רא͏ָזאן, הא͏ָט זי זיך געהאלטען אויסגעצייכענט, אין פולען זין פון׳ם ווארט אויסגעצייכענט. זי הא͏ָט געוויינט... פּראכטפא͏ָל געוויינט. זי איז זעהר א ווערטה־פולע פּערזא͏ָן. טא͏ָמער ווע͏סטו אמא͏ָל דארפען, זא͏ָלסטו זי נעה־מען. מען קען זיך אויף איהר פערלא͏ָזען, ווי אויף זיך אליין.

און א͏ָט, ווי דו זעהסט, בין איך גלייך געקומען אהער, דיר דערצעהלען די דא͏ָזיגע מעשה. גלייך בין איך געקומען צו לויפען צו דיר. אלזא͏ָ, איך בין פריי. לעבען זא͏ָל דער גט !...

און א גליקליכע הא͏ָט זי גענומען טאנצען איבער׳ן זאאל אין דער צייט, ווען די בארא͏ָנעסע מיט אן אונצופריעדענער און פער־טראכטער מינע הא͏ָט ארויסגעשעפּטשעט :

— פאַרוואָס־זשע הא͏ָסטו מיך ניט איינגעלא͏ַדען עס צו זעהן ?



# דאָס בעט

פאָר א יאָהרען זומער אין א שטארק הייסען נאָכמי־
טאָג איז דאָס אוקציאָן־לאָקאַל געלעגען ווי פער־
שלאָפען. די שטימען פון די אוקציאָן־לייט, וואָס
האָבען אויסגערופען די אָנגעבאָטענע פרייזען, האָ־
בען געקלונגען מיעד און מאט. אין א הינטער־זאַל
אויף'ן ערשטען שטאָק איז געלעגען אין א ווינקעלע
א קופּע אַלטע זיידענע זאכען, וואָס האָבען אמאָל בעלאנגט צו א
קירכע.

דאָרט זיינען געווען רייכע בגדים, שעהנע ריזעס פאָר פּריס־
טער און כאָריסטען, צו טראָגען אין קירכע בשעת גאָטעס־דיענסט,
מיט אויסגענייהטע בלומען־פליטערלאך ארום סימבאלישע בוכשטאַ־
בען אויף א פערגעלטען זיידענעם אויבערשלאג, וואָס איז אמאָל
וויים געוועזן.

עטליכע הענדלער זיינען דאָרט געשטאנען, צוויי דריי מענע־
מיט ניט קיין רעזירטע בערד און איין דיקע פרוי מיט א גרויסען
בויך, איינע פון יענע סוחר'טעס, וואָס האנדלען מיט קליידער און
דערביי מיט פערבאָטענער ליעבע, וואָס פערשאכערען פונקט אזוי
גוט אַלטעס און יונגעס מענשען־פלייש, ווי אַלטע און נייע קליידער.

דאָ האָט מען אָנגעבאָטען צום פערקויף א שענע פּריסטער־
ריזע אין'ם סטיל פון לודוויג דעם 15טען, וואָס איז געווען אזוי שען
ווי א גוט ערהאלטען קלייד פון א מארקיזע, מיט א מאי־בלומען־
קראנץ ארום דעם קרייץ, מיט לאנגע בלויע ליליען איבער דער גאַנ־
צער לענג ביז דעם הייליגען צייכען אונטען און מיט ראָזען־קרוינען
אין די עקען.

ווען איך האָב געקויפט די דאָזיגע ריזע, האָב איך בעמערקט,

אַז זי האָט נאָך איינגעהאַלטען אין זיך אַ לייכטען דופט פון ווייה־רויך, אַזוי ווי אַ נאָכוועהעניש פון די געשמאַקע, זיסע בשמים פון די פריהערדיג יאָהרען.

אין דער־היים האָב איך געוואָלט דערמיט איבערציהען אַ רייד־צענדען קליינעם שטוהל פון דעם אייגענעם סטיל. אַזוי ווי איך האָב געהאַלטען די ריזע אין די הענד, אַנמעסטענדיג זי אויף'ן שטוהל, האָב איך פּלוצים דערפיהלט אונטער די פינגער אַ שאַרש־קען פון פּאַפּיר. אַז איך האָב אויפגעטרענט דאָס אונטערשלאַג, זיינען עטליכע בריעף פון דאָרט ארויסגעפאַלען. זיי זיינען פּער־געלט געוועזן פון דער צייט און די אָפּגעבליאַקירטע טינט האָט אויס־געזעהן ווי פערשימעלט. מיט אַ פיינער האנדשריפט איז אָנגעשריע־בען געווען אויף אַ ביינעלע פּאַפּיר, וואָס איז צונויפגעלעגט געווען אויף אַן אַלט־פרענקישען שטייגער:

„צום הערר אבבע ד'ארזשאנסע".

די ערשטע דריי בריעף האָבען נור בעשטימט צייט און פּלאַץ, ווען און וואו צו טרעפען זיך. דער פערטער האָט זיך געלעזען אַזוי:

„ליעבער פריינד, איך בין קראנק, פיהל מיך עלענד און פער־לאָז ניט דאָס בעט. דער רעגען שמייסט אין די פענסטער־שייבען, און איך ליג אויף די ווייכע, ווארימע קישען און טרוים. אַ בוך ליעגט פאַר מיר, אַ בוך, וואָס איך ליעב. איך פיהל, ווי אַ היבשע טהייל פון מיין אייגענעם „איך" וואָלט עס אין זיך אָפּגע־שפּיעגעלט. זאָל איך אייך זאָגען, ווי דאָס בוך הייסט? ניין. איהר וועט מיך זידלען. דאָס דאָזיגע בוך רופט אין מיר אַרויס אַלערליי געדאַנקען און איך וועל אייך דערצעהלען וועגען וואָס.

מען האָט מיר קישענס הינטער'ן קאָפּ אונטערגעלייגט און אַזוי קאָן איך זיצען, און איך שרייב אייך אויף יענעם קליינעם פּולט, וואָס איהר האָט מיר געשענקט.

אַזוי ווי היינט איז שוין דער פערטער טאָג, ווי איך האָב ניט פערלאָזען מיין בעט, דענק איך נור וועגען מיין בעט און אַפילו אין'ם שלאָף טראַכט איך פון דעם.

דאָס בעט, ליעבער פריינד, בעדייטעט אונזער גאַנצעס לע־בען. דאָ ווערט מען געבוירען, דאָ ליעבט מען און דאָ שטאַרבט מען.

ווען איך וואָלט געקאָנט שרייבען אזוי ווי קרעבילִיאָן, וואָלט איך די געשיכטע פון אַ בעט געשריעבען. וואָס פאַר אַ מורא׳דיג־שרעקליכע און וואָס פאַר אַ רייצענדע און ריהרענדע געשיכטעס לאָזט זיך דאָ דערצעהלען! וויפיעל ניצליכע לעהרען וואָלט דער־פון געקאָנט לערנען יעדער איינער!

מיין פריינד, איהר קאָנט דאָך מיין בעט. איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, וויפיעל נייעס איך האָב דערין ענטדעקט פאַר די דאָזיגע עטליכע טעג און ווי איך האָב עס ליעב געקראָגען זייט דעם. עס קומט מיר פאָר, ווי עס וואָלט געווען בעוואָהנט פון אַ סך, אַ סך מענשען, וועלכע איך האָב ניט געקענט, אָבער וועלכע האָבען איבערגעלאָזט אויף דעם דאָזיגען געלעגער אַ שטיק פון זייער „איך“.

איך קען ניט פערשטעהן יענע מענשען, וואָס קויפען נייע בעט־טען, בעטען אָהן עראינערונגען. מיין, אונזער בעט, אזוי אלט, אזוי אָפּגעניצט, אזוי ברייט און געקרום ווי עס איז, האָט אַ סך מענשען־לעבענס פּלאָץ ביי זיך געגעבען פון דער וויגעלע אָן ביז׳ן קבר... טהוט נור אליין אַ טראכט וועגען דעם, ליעבער פריינד. דערמאָנט זיך אָן אלעם; דערמאָנט זיך אָן די לעבענס, וואָס האָ־בען פערבראכט צווישען די דאָזיגע פיער זיילען, אונטער דעם דאָ־זיגען באלדאכין איבער אונזערע קעפּ... דריי הונדערט יאָהר איז ער אלט און וואָס־וואָס האָט ער ניט געזעהן פאַר זיינע אלע יאָהרען!

אָט ליעגט אונטער דעם דאָזיגען באלדאכין אַ יונגע פרוי. פון צייט צו צייט לאָזט זי ארוים אַ זיפץ, אַ קרעכץ. נעבען איהר זיינען די אלטע טאטע־מאמע, און באלד ברעננט זי אויף דער וועלט אַ קליין, צוקנויטשט נפש׳ל, וואָס מיאוקעט, ווי אַ קעצעלע. דאָס איז אַ מענש געבאָרען געוואָרען. די יונגע מאמע פיהלט זיך שמערצ־ליך גליקלאָך, געהט אוים פאַר גליק ביי דעם ערשטען געשריי פון איהר קינד און אָהן אָן אטהעם שטרעקט זי אוים צו דעם איהרע הענד, און אלע וויינען פאַר פרייד. דען דאָס דאָזיגע שטיק לעבע־דיג פלייש, וואָס איז פון איהר ארוים, בעדייטעט דאָס ווייטערדיגע בליהען פון דעם שטאם, דאָס ווייטערדיגע געדייהען פון בלוט, הארץ

און זעעלע פון די אלטע טאטע־מאמע, וועלכע קוקען אויף דעם און ציטערען פאר פריידיגער אויפרעגונג.

אָט האָבען אונטער דעם אייגענעם באלדאכין, דעם דאָזיגען „לעבענס־שירם", צוויי ליעבענדע צום ערשטען מאָל מיט זייערע ארמס זיך צונויפגעפלאָכטען. זיי ציטערען, זיי צאפלען זיך פאר גליק און פרייד, זיינען בעגייסטערט פון זייער נאָהענטקייט : א ברוסט צו א ברוסט, א מויל צו א מויל, דער געטליכער קוש האָט זיי פעראייניגט ; דער דאָזיגער קוש איז די פאָרטקע צום אירדי־שען גן עדן, דער דאָזיגער קוש זינגט פון מענשענס־פרייד, פון מענ־שענס העכסטען גליק און גיט מעהר, ווי ער פערשפרעכט. און דאָס בעט, אויף וועלכען זיי רוהען, ווארפט זיך, ווי א שטורמדיגער ים, מורמעלט, לעבט און פרעהט זיך, דאכט זיך, אליין, דען אין דער דאָזיגער מינוט ענטפלעקט זיך אויף איהם דער בערוישענדיגער סוד פון דער ליעבע. איז דען פארהאן אויף דער וועלט עטוואָס זי־סערעס, גרעסערעס, ווי די דאָזיגע אומארמונגען, וואָס גיסען צו־נויף צוויי וועזענס אין איינס און וואָס ערוועקען איןביידען אין דער אייגענער רגע, איינעם און דעם זעלביגען געדאנק, איינעם און דעם זעלביגען וואונש, איינע און די זעלביגע משוגענע פרייד, וועל־כע כאפט זיי ארום ווי א הימעלשעם פייער ?

און דערמאָנט זיך אָקאָרשט אָן דעם טויט, ליעבער פריינד, אָן אלע די יעניגע, וואָס האָבען זייער לעצטען הויך אויף דעם דאָזיגען בעט אויסגעהויכט. ווארום עס איז אין דער אייגענער צייט אויך דער קבר פון אלע האָפפנונגען, די טיר, וועלכע פערשליסט זיך הינ־טער אלעמען, נאָכדעם ווי עס איז געווען די פאָרטקע צום לעבען. וויפיעל יללות, שרעק, ליידען, פערצווייפלונג, וויפיעל קרעכצען פון גוססע, וויפיעל ארמס, אויסגעשטרעקטע צו דער פערגאנגענהייט, וויפיעל געשרייען וועגען גליק, פערשטומטע אויף אייביג ! ווי־פיעל קאָנוואולסיען, כאָרכלערייען, פערקרימטע געזיכטער, פער־דרעהטע מיילער, פערגלאָצטע אויגען האָט געזעהן דאָס דאָזיגע בעט פאר די דריי הונדערט יאָהר, זינט עס גיט מענשען ביי זיך א גע־לעגער.

טהוט א טראכט וועגען דעם, מיין פריינד — דאָס בעט איז

דער סימבאָל פון׳ם לעבען. דאָס איז מיר קלאָר געוואָרען ערשט דריי טעג צוריק. דאָס בעט איז דאָס שענסטע און היילינגסטע וואָס עס איז דאָ.

און איז דען ניט דער שלאָף — די בעסטע מינוטען פון אונ־זער לעבען ?

אָבער עס איז אויך דער ארט פון אונזערע ליידען. דער פּלאַץ פון דעם קראנקען, פון דעם צו־וועהטאָגטען קערפּער !

דאָס בעט, דאָס איז דער מענש. אונזער הערר יעזוס האָט זיך קיינמאָל ניט געגויטיגט אין א בעט, א בעוויז, דאָס ער האָט גאָר קיין מענשליכעס אויף זיך ניט געטראָגען. אויף שטרוי איז ער גע־באָרען און געשטאָרבען אויפ׳ן קרייץ. פאר אונז, שוואכע בעשעפּע־נישען, האָט ער איבערגעלאָזט דעם ווייכען געלעגער צו רוהען און חיות׳ן זיך.

און נאָך, און נאָך פיעל אנדערע געדאנקען זיינען מיר איינ־געפאלען. אָבער ניטאָ קיין צייט, זיי אלע צו פערשרייבען ; און איז דען מעגליך איבערהויפּט צו דערמאָנען זיך אָן אלע ! איך בין שוין אזוי אויך געגוג מיעד, וועל באלד ארויסשלעפּען די קישענס פון הינטער מיין רוקען, וועל זיך אויסציהען אין דער גאנצער לענג און איינשלאָפען.

קומט מאָרגען אום דריי, מיך געוואָהר ווערען. אפשר וועל איך זיך דעמאָלט בעסער פיהלען און... איך וועל עס אייך קאָנען בעווייזען.

צום ווידערזעהן, ליעבסטער פריינד. איך שטרעק אייך די האנד צום קוש אנטקעגען און — מיינע ליפּען.



# די טויטע

אך האָב זי געליבט ביז צו משוגעת! צו־וואָס ליעבט מען איבערהויפּט ? איז עס ניט משוגע צו זעהן אויף דער גאנצער וועלט נור איין פּערזאָן, צו האָבען נור איין איינציגען געדאנק אין מוח, איין וואונש אין הארצען ; איין נאָמען אויף די ליפּען ? איין נאָמען, וואָס רייסט זיך פון דער טיפעניש פון דער נשמה, ווי וואסער פון א קוואל ; וועלכער איז שטענדיג אויף די ליפּען, וועלכען מען האלט אין איין דערמאָנען שטענדיג, אָהן אויפהער, און אומעדום און איבעראל פליסטערט מען איהם ארויס ווי א תפילה.

איך וועל אונזער געשיכטע ניט דערצעהלען ; אין דער ליעבע איז דאָ נור איין געשיכטע, און זי איז אימער די זעלבע. איך האָב זיך מיט איהר געטראָפען און זי ליעב געקראָגען — דאָס איז אַלעס. א גאַנץ יאָהר נאָכאנאנד האָב איך אין איהר ליעבע געלעבט, אין איהרע אָרעמס, אין איהרע צערטליכקייטען, פון איהרע ווערטער, איהרע קליידער, דורך אַלסדינגג, וואָס איז ארויסגעקומען פון איהר. אזוי שטאַרק בעהערשט און פערשקלאפט, דאָס איך האָב ניט גע־וואוסט צי עס איז טאָג צו נאכט, צי בין איך טויט אָדער לעבעדיג, צי געפין איך זיך נאָך אויף אונזער אלטער ערד אָדער שוין ערגעץ אַנדערש־וואו.

און דאָ איז זי געשטאָרבען. ווי אזוי ? איך ווייס ניט... איך געדענק ניט.

איין מאָל אין א רעגענדיגען אבענד האָט זי זיך צוריקגע־קעהרט א דורכגענעצטע, אויף דעם צווייטען טאָג האָט זי געגו־

מען הוסטען, האָט אזוי אָבגעהוסט ביי א וואָך צייט און זיך גע־
מוזט אריינלייגען אין בעט.

— וואָס דערנאָך איז געשעהן, געדענק איך שוין ניט מעהר.

עס זיינען געקומען דאָקטוירים, פערשריעבען רעצעפּטען און
ווידער אוועק. מען האָט עפּעס געבראכט פון אפּטהעק און א
פּרווי האָט עס איהר אייגגעגעבען. איהרע הענד זיינען געוועזן
היים, איהר שטערן האָט געברענט, טראָפּען שוויס זיינען אויף
איהם געשטאַנען, איהרע אויגען האָבען געבליסטשעט און טרויע־
ריג געקוקט ארום זיך. איך האָב גערעדט צו איהר, זי האָט גע־
ענטפערט. וואָס האָבען מיר איינער צום אנדער'ן געזאָגט? איך
ווייס עס ניט מעהר. איך האָב אלסדינג פערגעסען, אלסדינג, אלס־
דינג... זי איז געשטאָרבען. איך געדענק נור קלאָהר איהר לעצ־
ב.,, קורצען זיפץ, אזא שוואכער, אזא שטילער — דער לעצטער...

די קראַנקען־וועכטערין האָט געזאָגט: „אַך!" דאַן האָב
איך אלסדינג פערשטאַנען.

איך האָב מעהר פון קיין זאַך ניט געקענט טראכטען. איך
האָב געזעהן א גלח, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט: „אייער
געליעבטע". מיר האָט זיך געדאכט, אז מיט די דאָזיגע ווערטער
בעליידיגט ער זי, וואָרים איצט, ווען זי איז טויט, האָט קיינער
מעהר קיין רעכט ניט וועגען דעם צו רעדען. איך האָב איהם
ארויסגעטריבען. א'ן אנדערער איז געקומען, דיזער איז געוועזן
ווייך, מילד. איך האָב געוויינט, ווען ער האָט וועגען איהר גערעדט.

מען האָט ביי מיר געפרעגט טויזענדע קלייניגקייטען וועגען
איהר קבורה. איך געדענק שוין ניט וואָס דאָס איז געוועזן. דאָך
געדענק איך גענוי דעם טויטען־קאַסטען און דאָס קלאַפּען פון'ם
האַמער, ווען מען האָט זי דאָרט פערשפּאַרט. אַך, מיין גאָט!

מען האָט זי בעגראָבען, בעשאָטען! זי! אין דער דאָזינער
טיעפער גרוב! צו דער לויה זיינען געקומען א פּאָאָר בעקאַנטע,
פריינד. איך האָב זיך ארויסגעריסען, בין אנטלאָפען... א לאַנגע
צייט האָב איך ארומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסען; דאַן בין
איך אהיים געקומען. אויף דעם צווייטען טאָג בין איך אוועקגע־
פאָהרען אויף א רייזע.

* * *

נעכטען האָב איך זיך צוריקגעקעהרט אין פּאריז. ווען איך האָב ווידער דערזעהן מיין צימער, אונזער צימער, אונזער בעט, אונזערע מעבעל, דאָס גאַנצע הויז, אין וועלכען עס איז פערבליעבען אלעס, וואָס בלייבט פון א מענשען נאָך זיין טויט, איז אויף מיר ווידער אמאָל אַנגעפאלען אזא שטארקע פערצווייפלונג, דאָס איך האָב געוואָלט עפענען דאָס פענסטער און זיך ארויסווארפען. אין דעם דאָזיגען הויז, הינטער די פיער ווענד, וואו זי האָט אמאָל געלעבט און געאָטהעמט, ארומגערינגעלט פון די דאָזיגע אלע זאכען, וועלכע האָבען אזוי קלאָהר דערמאָנט אָן איהר, האָב איך מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, און איך האָב גענומען מיין הוט צו אנטלויפען. פּלוצים, ווען איך בין צוגעקומען צו דער טיר, האָב איך געמוזט פערבייגעהן דעם גרויסען שפּיעגעל, וועלכען זי האָט דאָרט געהייסען אוועקשטעלען, אום יעדען טאָג איידער זי איז ארויסגעגאנגען, זאָל זי זיך קענען בעטראכטען פון קאָפּ ביז צו די פיס, צו זעהן, אויב איהרע קליידער פּאסען איהר, צו איז אלסדינג אין אָרדנונג און צו זי זעהט אוים שעהן.

און ווי א פערשטיינערטער בין איך געבליעבען שטעהן פאר דעם שפּיעגעל, וועלכער האָט אזוי אָפט איהר בילד אָבגעשפּיעגעלט. אזוי אָפט, אזוי אָפט, דאָס מיר האָט זיך געדאכט, ער מוז אין זיך איהר בילד איינהאַלטען.

א ציטערענדיגער בין איך געשטאנען פאר איהם, מיט די אויגען אין דאָס גלאָז איינגעגעסען, אין דאָס גלאטע, טיעפע, לעדיגע גלאָז, וועלכע האָט זי אמאָל אין גאנצען ארומגענומען, אין גאנצען זי בעזעסען, גראדע אזוי ווי איך, ווי מיין ליידענשאפטליכער בליק. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז איך ליעב דעם דאָזיגען שפּיעגעל — איך האָב איהם אָנגעריהרט — ער איז געווען קאַלט... אך, די עראינערונג ! די עראינערונג ! ליידענס־שפּיעגעל, פייערדיגער שפּיעגעל, לעבעדיגער, מורא'דיגער שפּיגעל, וועלכער האָט ארויסגערופען אין מיר די דאָזיגע אלע ליידען ! גליקליך זיינען די מענשען, וואָס זייערע הערצער זיינען, ווי דער שפּיעגעל, וואו די ערשיינונגען טהוען זיך א מיניע און פערשווינדען

גלייך צוריק, ניט איבערלאָזענדיג קיין שפּור ; װעלכע פערגעסען, ווי דער שפּיגעל, אלסדינג וואָס האָט אָבגעשפּיגעלט, אלסדינג וואָס איז פאר איהם געשעהן, אלסדינג וואָס האָט מיט ליעבע און אי־בערגעבענהייט אין איהם ארײנגעקוקט...

מיין גאָט, ווי איך האָב געליטען !

איך בין ארויס אין גאַס. און גאַנץ מעכאַניש אָהן מיין ווילען, כמעט אָהן מיין וויסען, ביז איך אוועק צום בית עולם. איך האָב אויפגעזוכט איהר קבר, א׳ן איינזאַמען און איינפאַכען, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען א מאַרמאָרנע מצבה מיט די דאָזיגע עטליכע ווערטער :

„זי האָט געליעבט, איז געליעבט געווען און איז געשטאָרבען“.

אונטער דעם דאָזיגען שטיין איז זי געלעגען און געפוילט ! ווי שרעקליך, ווי מורא׳דיג ! איך האָב זיך צו־וויינט און צוגעדריקט דעם שטערן צו דר׳ערד.

לאַנג, לאַנג בין איך אזוי אָבגעלעגען. צום סוף, האָב איך בע־מערקט, אז די נאַכט פאַלט צו. א משוגנה׳דיגער, משוגענער גע־דאַנק איז מיר אין קאָפּ אריין ; מיר האָט זיך פערוואָלט פער־ברייינגען די נאַכט דאָ נעבען איהר, זיך גוט אויסוויינען אויף איהר קבר. אָבער אויב מען וועט מיך דערזעהן, וועט מען מיך אוועק־טרייבען. וואָס זאָל איך טהאָן ? איך בין געפאַלען אויף א שפּי־צעל. איך האָב זיך אויפגעהויבען און גענומען ארומבלאָנדזשען איבער דער שטאָדט פון די טויטע. איך בין געגאַנגען און גע־גאַנגען. אָבער ווי קליין איז זי, די דאָזיגע שטאָדט, אנטקעגען דער שטאָדט פון די לעבעדיגע. און דאָך זיינען דאָ אזוי פיעל מעהר טויטע, ווי לעבעדיגע ! מיר, די לעבעדיגע, דאַרפען גרויסע היי־זער, גאַסען, אזוי פיעל פּלאַץ פאר די פיער דורות, וועלכע וואַרעמען זיך אונטער דער אייגענער זון, טרינקען וואַסער פון איין קוואַל, וויין פון איין וויינשטאָק, עסען דאָס ברויט פון די זעלבע פעלדער.

און פאר אלע דורות פון טויטע, פאר דער גאַנצער שטופּענ־לייטער פון דער מענשהייט, וועלכע פיהרט אזש ביז צו אונז, איז גאָרנישט נויטיג, אויסער א פעלד. — כמעט גאָרנישט. די ערד

שלינגט זיי איין, די פערגעסענהייט מעקט אָפּ זייער געדעכעניש.
און ווי נישט געווען !...

אויף דער אנדער זייט פון'ם בית עולם, וואו עס איז נאָך גע־
ווען געגוג פּלאַץ פאר נייע קברים, האָב איך פּלוצים דערזעהן א'ן
אַלטען, פערלאָזענעם בית עולם, וואו די קברים פון די לאנג, לאנג
פערשטאַרבענע האָבען זיך מיט דער מוטער ערד אויסגעגלייכט.
די מצבות אפילו האָבען דאָרט געפוילט. אפשר מאָרגען נאָך וועט
דער דאָזיגער אלטער בית עולם ווידער ווערען א נייער לעצטער אָרט
פיר נייע טויטע... ער איז פול געווען מיט ווילדע ראָזען, מיט
גרויסע, דונקעלע ציפּרעסען ; א טרויעריגער, א וואונדערבארער
גארטען, פון מענשליכע לייבער געגעהרט.

איך בין געווען אליין, גאנץ אליין. איך האָב זיך בעהאלטען
הינטער א גרינעם בוים... האָב זיך אין גאנצען פערשטעקט אין זיינע
געדיכטע און דונקעלע צווייגען. אָנגעשפּארט אויף דעם שטאַם,
האָב איך געוואַרט, ווי א קאַפּיטאַן פון א צובראָכענער שיף אויף
די צושמעטערטע רואינען פון זיין שיף.

* * *

ווען עס איז געוואָרען נאכט, פינסטערע נאכט, האָב איך פער־
לאָזען מיין בעהעלטעניש און מיט שטילע, לאנגזאַמע טריט האָב
איך גענומען געהן איבער דער ערד, אונטער וועלכער טויטע זיינען
אויף טויטע געלעגען.

איך האָב געבלאָנדזשעט לאנג, לאנג, לאנג. איך האָב זי ניט
געקענט געפינען. מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, מיט ווייט אויפ־
געריסענע אויגען אָנשטויסענדיג זיך אָן די קברים דאָ מיט די הענד,
דאָ מיט די פיס, דאָ מיט די קניע, מיט דער ברוסט און זאָגאר מיט
דעם קאָפּ, האָב איך ארומגעבלאָנדזשעט הין און צוריק און זי ניט
געקענט געפינען. איך האָב געטאַפּט ארום זיך, אלסדינג בעריהרט,
ווי א בלינדער, וועלכער זוכט זיין וועג ; האָב אָנגעטאַפּט צלמים,
שטיינער, אייזערנע שטאַכעטען, גלעזערנע קראַנצען, קראַנצען פון
פערוועלקטע בלומען ! איך האָב געלעזען די נעמען, מיט די פינ־
גער אָנטאַפּענדיג די בוכשטאַבען. וואָס פאר א נאכט ! וואָס
פאר א נאכט ! און איך האָב זי ניט געקענט געפינען.

נישטאָ קיין לבנה ! א פינסטערע נאכט ! עס איז אויף מיר אָנגעפאלען א מורא, א׳ן אימה׳דיגע מורא, אין די דאָזיגע שמאָלע וועגלאך צווישען די שורות קברים. קברים ! קברים ! קברים ! איבעראל, אומעדום קברים ! רעכטס, לינקס, פאר מיר, הינטער מיר, ארום מיר, איבעראל קברים ! אויף איינעם פון זיי האָב איך זיך אוועקגעזעצט, מיינע קניע האָבען מיר געבראָכען, איך האָב ניט געקענט געהן ווייטער. איך האָב געהערט, ווי דאָס הארץ האָט ביי מיר געקלאָפט, און איך האָב געהערט נאָך אנדערע זאכען. וואָס איז עס אזוינס ? עפּעס א מערקווירדיגער, דומפּפער גערויש. האָט זיך עס געדאכט מיין אויפגערעגטער פאנטאזיע ? אָדער האָט עס א שייכות געהאט מיט דער דאָזיגער פינסטערער, שטאָק־פינס־טערער נאכט ? איז דער דאָזיגער גערויש געקומען פון דער גע־היימניספולער ערד, פון דער ערד, וואָס איז פול געווען מיט מענש־ליכע ביינער ? איך האָב זיך ארומגעקוקט.

ווי לאנג איך בין דאָרט געזעסען, ווייס איך ניט. איך בין ווי געלעהמט געוואָרען פאר שרעק, צומישט פון אימה׳דיגער מורא. איך האָב געפיהלט ווי צו נעהמען שרייען מיט בענומענע קולות.

פּלוצים האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז די מארמאָרנע מצבה, אויף וועלכער איך בין געזעסען, האָט זיך גענומען בעוועגען. יא, זי האָט זיך בעוועגט אזוי, ווי מען וואָלט זי פון אונטען אויפגעהוי־בען. איך האָב א שפרונג געטהאָן אויף א צווייטען קבר און האָב געזעהן, גאנץ דייטליך געזעהן, ווי דער שטיין, אויף וועלכען איך בין נור וואָס געזעסען, האָט זיך אָפּגערוקט, און עס האָט זיך בע־וויזען א טויטער, א נאקעטער סקעלעט, וועלכער האָט דעם שטיין מיט זיין צוקרימטען רוקען אויפגעהויבען. איך האָב עס אליין געזעהן, געזעהן זעהר דייטליך, הגם די נאכט איז געווען א דונקע־לע. אויף דער מצבה האָב איך געקענט איבערלעזען :

„דאָ רוהט יאקאָב אליוואנט, געשטאָרבען צו איין און פופציג יאָהר. ער האָט געליעבט זיינע קרובים, איז געווען עהרליך און גוט, און געשטאָרבען מיט גאָט אין׳ם הארצען“.

דער טויטער האָט אויף איבערגעלעזען די אויפשריפט אויף זיין קבר. דאן האָט ער אויפגעהויבען א שטיין פון׳ם וועג, א קליינעם

שפּיציגען שטיין, און גענומען אראָבקראַצען מיט איהם די אָנגע־
שריעבענע ווערטער. ער האָט זיי לאַנגזאַם אָבגעמעקט און מיט
זיינע לעדיגע אויגען־לעכער דעם פּלאַץ בעטראַכט, וואו זיי זיינען
נור וואָס געשטאַנען. און מיט דעם שפּיץ פון דעם ביין, וועלכער
איז אַמאָל געווען זיין צייגע־פינגער, האָט ער אָנגעשריעבען מיט
פייערדיגע בוכשטאַבען, ווי מען שרייבט מיט אַ שוועבעלע אויפ־
שריפטען אויף אַ וואַנד :

„דאָ רוהט יאַקאָב אַליוואַנט, געשטאָרבען צו איין־און־פופציג
יאָהר. דורך זיין גרויזאַמקייט האָט ער זיין פאָטער אין קבר פער־
טריעבען, וועלענדיג איהם ירשה'נען ; ער האָט פערמוטשעט זיין
ווייב ; געמאַטערט זיינע קינדער. בעטראָגען די שכנים, האָט
גע'גנב'עט, ווען ס'האָט זיך געמאַכט אַ געלעגענהייט, און איז גע־
שטאָרבען אַ'ן אונגליקליכער".

ווען דער טויטער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין שרייבען,
איז ער געבליעבען שטעהן אונבעוועגליך און בעטראַכט זיין ווערק.
ווען איך האָב זיך אומגעדרעהט, האָב איך דערזעהן, אַז אַלע קברים
זיינען געשטאַנען אָפענע, אַלע מתים זיינען פון דאָרט ארויסגע־
קראָכען און זיי אַלע האָבען אָבגעמעקט די ליגענס, וואָס זייערע
איבערגעבליעבענע קרובים האָבען אויף זייערע מצבות אָנגעשריע־
בען און אַנשטאָדט זיי דעם אמת אויסגעקריצט.

און איך האָב געזעהן, אַז זיי אַלע, אַלע זיינען געווען הענקער
פון זייערע מיטמענשען, מיט הערצער, פול האַס, פול אונעהרליכ־
קייט, אַז זיי זיינען געווען ליגנער, צבועקעס, שווינדלער, פערלוימ־
דער ; אַז זיי האָבען גע'גנב'עט, בעטראָגען, אָבגעטהאָן די ערגס־
טע, די מיאוסטע מעשים, זיי, די דאָזיגע אַלע גוטע פאָטערס, די
געטרייע פרויען, די ליעבענדע זיהן, די דאָזיגע ריינע, אונשולדיגע
מיידלאך, די עהרליכע סוחרים, די דאָזיגע אַלע, אַלע מענער און
פרויען, וועמען מען האָט נאָכגעזאָגט, אַז זיי זיינען געווען אַזוי עהר־
ליך און גוט...

אַלע האָבען זיי געשריבען אין איין צייט אויף דער שוועל
פון זייער אייביגער דירה, דעם שרעקליכען, דעם מורא'דיגען, דעם

הייליגען אמת, וועלכען קיינער פון זיי ווייסט ניט ביים לעבען, אָדער מאכט זיך ניט וויסענדיג.

און איך האָב מיר געטראכט, אַז אויך זי, זי מוז איצט אויך אוודאי אויף איהר מצבה עפּעס שרייבען. און איצט בין איך אָהן מורא געלאָפען צווישען די האַלב אָפּענע קברים, צווישען די דאָזיגע אַלע מתים, די סקעלעטען, געלאָפען צו איהר, א זיכערער, אַז איך וועל זי געפינען.

איך האָב זי דערקאָנט פון ווייטען, הגם איהר פּנים איז מיט א ווייסען טוך פערהילט געוועזן.

און אויף דער מאַרמאָרנער מצבה, אויף וועלכער איך האָב נאָך ניט לאַנג צוריק איבערגעלעזען :

„זי האָט געליעבט, איז געליעבט געוועזן און איז געשטאָרבען!“ האָב איך דערזעהן די דאָזיגע ווערטער :

„אין א געוויסען טאָג איז זי אַרויס מיט דער אבזיכט צו בע־טריגען איהר געליעבטען, זי האָט זיך פערקיהלט אין רעגען און איז געשטאָרבען“.

פאַרטאָג האָט מען מיך געפונען, הפּנים, א בעוואוסטלאָזען, נעבען איהר קבר...



# מויל'ס פריינדין

ער רעסטאָראן גריללאָן, וואו עס פלעגען זיך פער־
קלייבען די שיפער, האָט ביסלעכווייז געגומען
לעדיג ווערען. פאר דער טיר האָבען זיך געהערט
קולות און געשרייען, און קרעפטיגע יונגען אין
ווייסע טריקאָס, מיט רודערס איבער די שול־
טערן, זיינען ארומגעלאָפען אהין און צוריק.

די פרויען אין העלע זיידענע פריהלינגס־קליידער האָבען
זיך פאָרזיכטיג ארונטערגעלאָזט אין די שיפלאך, געזעצט זיך
ביים שטייער, פעררעכט זייערע קליידער, ווערענד דער בעל
הבית פון רעסטאָראן, א הויכער מאן מיט א רויטער באָרד, וועל־
כער האָט געהאט א שם אלס א גבור, האָט די שעהנהייטען ביים
איינשטייגען די האנד דערלאנגט, אום איינצוהאלטען די גלייכ־
געוויכט פון די שמאָלע שיפלאך.

די שיפער מיט נאקעטע ארעמס און אויסגעפוטשעטע ברוס־
מען האָבען זיך איצט אויך בעוויזען פאר דעם עולם און פערנומען
זייערע פלעצער אין די שיפלאך. דער עולם איז בעשטאנען פון
בעלי בתים אין זונטאגדיגע קליידער, פון ארבייטער און סאָלדאַ־
טען, וועלכע זיינען געשטאנען אָנגעשפארט אָן דער פארענץ פון'ם
בריק און האָבען אויפמערקזאם זיך צוגעקוקט צו דער אומזיסטער
פאָרשטעלונג.

די שיפלאך זיינען איינס נאָך דעם אנדערען אָבגעפאָהרען
פון'ם ברעג. די שיפער האָבען געררודערט, האָבען זיך איינגעבויגט
אין פאָראויס און זיך אָפגעוואָרפען צוריק אין א גלייכמעסיגער
בעוועגונג. און אונטער די קלעפ און דעם טרייבען פון די לאנגע
רודערס, האָבען זיך די שיפלאך געגליטשט איבער'ן וואסער, זיך

דערוויטערט אַלץ מעהר און מעהר, זיינען געוואָרען קלענער און קלענער און זיינען צום סוף אין גאַנצען פערשוואונדען אונטער דעם אנדערען בריק, דעם אייזענבאהן־בריק, אין דער ריכטונג פון גרע־נאוויללע.

נור איין פּאָרל איז נאָך פערבליבען: א בלייכער, מאָגערער יונגערמאַן נאָך כמעט גאָר א אינגעל, כמעט אָהן איין האָאר אויף׳ן פּנים, און א קליינע מאָגערע ברונעטין מיט די בעוועגונגען פון א היישעריק.

ער האָט זי געהאַלטען ארומגענומען ביי דער טאַליע און יעדע ווײַלע האָבען זיי זיך טיעף אין די אויגען אריינגעקוקט.

דער בעל הבית האָט א געשריי געטהאָן:

— נו הערר פויל, איילט זיך צו אביסעל!

און זיי זיינען צוגעקומען נעהענטער צום ברעג.

צווישען די אַלע געסט פון יענעם רעסטאָראַן איז הערר פויל געווען דער סאַמע אנגעלעגטער און בעליעבטעסטער. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האנד און האָט געצאָהלט זעהר פּינקטליך, וועה־רענד די אנדערע האָבען זיך לאַנג געלאָזט מאָהנען און מאַנכע פון זיי פלעגען זיך אין גאַנצען אויסדרעהען פון בעצאָהלען... אויסער דעם איז ער פיר דעם רעסטאָראַן געווען א סאָרט לעבעדיגע רע־קלאַמע, ווייל זיין פאָטער איז געווען א סענאַטאָר. און ווען א נייער גאַסט האָט געפרעגט:

— ווער איז דער מאָגערער יונגערמאַנטשיק, וואָס קלעבט זיך אזוי צו זיין מיידעל? — דאַן האָט עמיצער פון די שטענדיגע בעזוכער געענטפערט אין דער שטיל מיט א וויכטיגער און געהיימ־ניספולער מינע:

— דאָס איז פויל באַראָן, דער זוהן פון א סענאַטאָר.

און א צווייטער גאַסט האָט דערביי אמאָל צוגעלייגט:

— אָרימער אינגעל, ווי עס שיינט, איז ער מיט דער מיידעל ווייט פערקראָכען!...

מוטער גריללאָן, די בעל הבית׳טע פון׳ם רעסטאָראַן, א בראַ־ווע פרוי, האָט דעם יונגענמאַן און זיין מיידעל ניט אנדערש גערו־פע ווי: „מיינע צוויי טייבעלאָך“. איהר האָט, קאָנטיג, שטאַרק

געריהרט די ראַזיגע ליעבע, וועלכע האָט זיך אזוי גוט בעצאָהלט פיר איהר געשעפט.

דאָס פּאארל איז לאנגזאם צוגעקומען נאָהענט צום ברעג. דאָס שיפעל „מאגדאַלענע״ האָט אויף זיי געווארט, און איידער זיי האָבען זיך געזעצט, האָבען זיי זיך געגעבען א קוש, פון וואָס דער עולם אויבען אויף׳ן בריק האָט זיך צולאכט. דערנאָך האָט פויל גענומען די רודערס און איז אוועק נאָך די אנדערע אין די ריכ־טונג פון גרענאַווילל.

ווען זיי זיינען אהין אָנגעקומען, איז געווען ארום דריי אזייגער. דער גרויסער שווימענדיגער רעסטאָראַן דאָרט איז פול גע־פּאַקט געווען מיט געסט.

א גרויסער פּליט מיט א געפעכטען, לייוועגדענעם דאך, אָנגע־שפארט אויף הילצערנע זיילען, איז פערבונדען געווען מיט דעם רייצענדען אינזעל קרואססי דורך צוויי שטעגלאך, וואָס איינער פון זיי האָט געפיהרט צום שווימענדיגען רעסטאָראַן און דער צוויי־טער — צו דעם קליינציקען אינזעלע, וואָס האָט געהייסען „דער בלומענ־טאָפּ״ (ווייל אויף איהם האָט איין איינציגער בוים גע־וואקסען) און פון דאָרט צו די באדע־פּלעצער אויף׳ן ברעג.

פויל האָט צוגעבונדען זיין שיפעל און אריבערגעקלעטערט איבער׳ן פּארענץ פון׳ם רעסטאָראַן. דאַן האָט ער דערלאנגט זיין פריינדין די האנד און זי אויך ארויפגענומען אויבען. דערנאָך האָבען זיי זיך ביידע געזעצט ביי א טישעל.

אויף דער אנדער זייט פון׳ם ברעג האָט זיך איבער׳ן וועג גע־צויגען א לאנגע רייהע פון עקיפּאַזשען. דראָזשקעס און שווערע וואָגענס האָבען זיך געמישט מיט עלעגאנטע עקיפּאַזשען פון רייכע לייט. די ערשטע אויף שווערע רעדער, געשלעפּט פון עפּעס א שקאפּע, צי אזוי פון עפּעס א האַלבער פגירה, מיט אַן ארונטער־געהאנגענער האַלז און ציטערענדיגע פיס ; די לעצטע, לייכטע, פלינקע, אויף פיינע רעדער, געשלעפּט פון פערד מיט דינע מעכ־טיגע פיס און הויך־פּעררייסענע העלזער מיט ווייסען שוים אויף די ציימלאך, און געקירעוועט פון אונבעוועגליכע קוטשערס אין

ליוורעען, מיט וויכטיגע, רוהיגע מינעס און מיט בייטשלאָך אויף די קניע.

דער ברעג איז שווארץ געווען פון מענשען, וועלכע זיינען דאָרט געגאנגען גרופּפּען־ווייז, פּאָאר־ווייַז אָדער איינציג־ווייז. זיי האָבען געריסען די גראָז, ארונטערגעקלעטערט צום וואסער און ווידער געקלעטערט ארויף אויף׳ן וועג. זיי אַלע האָבען זיך אָפּגע־שטעלט נעבען איינעם און דעם זעלבינגען פּלאץ און געווארט אויף דעם פּאראָם.

דער שווערער פּאראָם האָט זיך נאָכאנאנד בעוועגט פון איין ברעג צום אנדערן און ארונטערגעלאָזט פּאסאזשירען אויף׳ן אינזעל.

דעם פּלאץ אויף׳ן טייך, וואו דער רעסטאָראן איז געשטאנען, האָט מען גערופען „טויטער פּלאץ“, ווייל דאָס וואסער האָט זיך דאָרט קוים בעוועגט. גאנצע פּלאָטען שיפלאָך פון פערשיידענע פאָרמען און קאָלירען האָבען זיך דאָרט געטראָגען איבער׳ן שטי־לען וואסער, האָבען איבערגעשניטען איינס דעם אנדערן דעם וועג, געמישט זיך און פערטשעפּעט זיך איינס אָן דעם אנדערן, אָפּגעשטעלט זיך און דערנאָך אוועקגעטראָגען זיך ווייטער, ווי לאנגע געלע אָדער רויטע פיש.

די אוועק, זייַנען אנדערע אָנגעקומען. מאנכע פון שאטו, פון ארויף־וואסער; אנדערע פון בוזשיוואל, פון אראָפּ־וואסער; און פון איין שיפעל צום אנדערן האָבען זיך געטראָגען געשרייען, פּראַ־גען און געלעכטער.

די שיפער האָבען בעוועגט געגען דער גליהענדיגער זון זייערע ברוינע מוסקוליסטע ארעמס. און ווי מאָדנע שווימענדיגע בלומען האָבען אויסגעזעהן די פערשיעדען־קאָלירטע זונען־שירמען פון די דאמען אין די שיפלאָך.

די יולי־זון האָט געבאקען. די לופט האָט זיך געדאכט, איז אָנ־געפילט געווען מיט זודיגער, קאָבעדיגער פרעהליכקייט. קיין הויך פון א ווינטעל האָט בעוועגט די בלעטער פון די ווײדען און פּאַ־פּעלן־ביימער.

דאָרט, ווייטער, זעהט זיך אין דעם העלען ליכט דער אונ־פערמיידליכער מאָנ־וואלעריען מיט זיינע מעכטיגע פעסטונגען,

וועהרענד רעכטס אין אַ האַלב קרייז טרעט אַרויס דער רייצענ־
דער ברעג פון לאוואסיען און דאָ און דאָרט קוקען אַרויס דורך
דער געדיכטער גרינקייט און דונקעלקייט פון זיינע סעדער די
ווייסע ווענד פון הילצערנע הייזער.

אַרום גרענאווילל האָבען גרויסע מעגגעס מענשען געשפּאַ־
צירט אונטער די ריזיגע ביימער, וואָס אַ דאַנק זיי איז דער דאָ־
זיגער טהייל פון דעם אינזעל פּעררעכענט אַלס דער שענסטער
פּאַרק אויף דער ערד. פרויען און מיידלאך מיט בלאָנד־געפאַרבטע
האָאר, מיט אונגעוועהנליך־הויכע בוזימער און ברייטע היפטען,
מיט גלאַנציגע באַקען, אונטערגעמאָה'לטע אויגען און געפאַרבטע
ליפּען, איינגעשנורעוועט און איינגעדריקט אין עקסטראַוואַגאַנטע
קליידער, האָבען זיך בעוועגט איבער דעם פרישען גראָז און אַרויס־
געוויזען דעם שלעכטען שרייענדיגען געשמאַק פון זייערע טואַלע־
טען און מאַנירען. נעבען זיי זיינען געגאַנגען יונגעלייט, לעכערליכע
פראַנטען, אין מאָדנע לעכערליכע קליידער, מיט העלע האַנד־שוה,
לאַקירטע שיך, מיט שטעקעלאך, דין ווי אַ פאָדים, און מיט מאָ־
נאָקלען ביים אויג, וואָס דאָס האָט זיי נאָך לעכערליכער געמאַכט.

דער אינזעל ענדיגט זיך נאָהענט נעבען דעם שווימענדיגען
רעסטאָראַן, און צווישען איהם און דעם צווייטען ברעג גערט אויף
אַ פּאַראָם, וועלכער ברענגט צופיהרען פּאַסאַזשירען פון קרואַססי.
יענער ברעג טייך איז שטורמיש, קאָכעדיג. אַן אָבטהיילונג פון
סאָלדאַטען געפינט זיך אויף יענעם ברעג און אייניגע פון זיי אין
דער יוניפאָרם פון אַרטילעריסטען האָבען זיך דאָרט אויסגעזעצט
אויף אַ קלאָץ און קוקען זיך צו, ווי דאָס וואַסער רוישט און שוימט.

אין דעם שווימענדיגען רעסטאָראַן איז געווען פרעהלאך און
טומעלדיג. אַרום די הילצערנע טישען, וואָס זיינען נאַס און קלע־
פּיג געווען פון די פערגאָסענע משקאות, זיינען געזעסען האַלב־
שיכור'ע מענשען. די דאָזיגע גאַנצע מענגע האָט געשריען, געזונ־
גען און געפילדערט. די מענער זיינען דאָ געזעסען מיט די היט
אויף די פּאַטילניצעס, מיט רויטע פּנים'ער און גלאַנציגע פון'ם
אַלקאָהאָל אויגען. זיי האָבען זיך בעוועגט אויף זייערע פּלעצער,
געקלאַפּט מיט די גלעזער, זיינען אויפגעשפּרונגען, אַרומגעלאָפען

אהין און אהער און האבען געגוואלדעוועט, בעהערשט פון דעם טהירישען פערלאנג צו פילדערען...

די פרויען האבען געזוכט קאוואלירען פיר דעם אבענד און דערווייל ביז וואס־ווען האבען זיי געצוואונגען די קאוואלירען זיי מכבד צו זיין מיט וויין. צווישען די טישען האבען זיך ארומ־געדרעהט די שטענדיגע בעזוכער פון דעם דאזיגען פלאץ, מיים־טענס שיפער מיט זייערע פריינדינען אין קורצע פלאנעלענע קליידלאך.

איינער פון זיי האט שווער געארבייט איבער א קלאוויר. עס האט זיך געדאכט, אז ער שפיעלט אי מיט די הענד אי מיט די פיס. פיער פאארלאך האבען געטאנצט א קאדריל. און צו זייער טאנצען האבען זיך אויך צוגעקוקט איניגע עלעגאנטע, קארעקט־אנגעצויגענע יונגע לייטלאך, וואס וואלטען געמאכט א גאנץ אנ־שטענדיגען איינדרוק, ווען ניט דער בעזונדערער שטעמפעל פון אויסגעלאסענהייט אויף זייערע פנים'ער.

דען דא איז געווען דער פלאץ פון אלע אויסוואורפען און באנדיטען, אהער האט זיך פערקליבען דער גאנצער אפשוים פון דער פאריזער געזעלשאפט. א מיש־מאש פון קרעמער און אקטיא־רען האט מען דא געטראפען, פון ביליגע צייטונגס־שרייבער און פון אדעליגע, וואס האבען געלעבט אויף דעם חשבון פון בערזענ־שווינדלער, פון מענשען, וואס האבען אין גאנצען פערהולטעוועט זייער עהרע און פון מענשען, וואס ועלען אין גיכען פערלירען זייער עהרע, פון פשוט'ע זשוליקעס און גנבים און פון פרויענ־הענדלער, וואס האבען געקוקט ארום זיך מיט אזא ווירדע און מיט אזא מינע, ווי זיי וואלטען געזאגט: „אנו, פרובט אקארשט זאגען, אז איך בין ניט קיין שענער מענש, איך מאך אייך גלייך פיר א בר מנן!"

דער דאזיגער פלאץ איז אנגעזאפט מיט געמיינהייט און שמעקט מיט לאסטער. די מענער זיינען דארט ווערט די פרויען און די פרויען די מענער. אזוי ווי דאס פערברעכען וואלט דארט אין דער לופט געשוועבט. די מענשען שלאגען זיך דא־ט פיר זייער

עהרע, אומשטיינס געזאָגט, אויף פיסטאַלעטען און שווערדען און פערלירען דורך דעם נאָך מעהר זייער עהרע.

יעדען זונטאג קומען אהין מענשען, וואָס וואָהנען אין דער נאכבארשאפט, אוים איינפאכער נייגעריגקייט. און יעדעס יאָהר בעווייזען זיך דאָרט אלץ נייע בלוט־יונגע בחורים'לאך, אום דאָס לעבען צו לערנען. נאאיווע מענשען געהען דאָרט פערלאָרען.

נעבען דעם איבערגערעקטען פליט, וואו מען עסט און טרינקט, באָדען זיך פרויען. די יעניגע פון זיי, וועלכע האָבען וואָס צו ווייזען, שטעלען ארוים אלע זייערע רייצען, אום א בעלן צו כאַפען. די אנדערע פרויען, וואָס די נאַטור האָט זיי ניט בעשענקט מיט אזוינע צוציהענדע לייבער, קוקען כלומרשט מיט פעראכטונג אויף יענע, וואָס ווייזען מיט אזא חוצפה זייער קערפערליכען רייכטהום, אין הארצען אָבער זיינען זיי יענע שטארק מקנא.

פון א קליינער פלאַטפאָרמע שפּרינגען שווימער אין טייך אריין. לאַנגע און דינע, ווי שטאַנגען, אָדער רונדע, ווי קירבעסען, וואָרפען זיי זיך מיט'ן קאָפּ ארונטער, און שווימען אויף'ן בויך אָדער אויף'ן רוקען. ווען זיי שפרינגען, שפריצט דאָס וואסער אין רעסטאָראַן אריין.

טראָץ די מעכטיגע ביימער, וואָס האָבען בעשאָטענט דעם רעסטאָראַן, און טראָץ דער נאָהענטקייט פון'ם וואסער, איז דאָרט הייס געווען, צום דערשטיקט ווערען. דער גערוך פון פערגאַסענעם וויין האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם גערוך פון פערשוויצטע לייבער און פון שטארקע פערפיומען, מיט וועלכע די פערקויפערינס פון ליעבע האָבען זיך געשפריצט. אָבער איבער די אלע דאָזיגע פערשיידענע גערוכען האָט געשוועבט א לייכטער דופט פון פודרע, וועלכער איז דאָ פערשוואונדען און דאָ ווידער געקומען, אזוי ווי א פערבאָרגענע האנד וואָלט די לופט געפודרעט...

דאָס ריכטיגע לעבען איז אָנגעגאַנגען אויף'ן טייך, וואו די שיפלאך האָבען זיך געטראָגען. די פריינדרינען פון די שיפער זייַנען געזעסען אויף זייערע שטולען אנטקעגען די מענער, וואָס האָבען גערודערט מיט זייערע שטארקע ארעמס און האָבען מיט פער־

אכטונג געקוקט אויף די פרויען, וועלכע האָבען אויף׳ן אינזעל זיך ארומגעטריעבען און געזוכט א מיטאָג.

יעדע ווײַלע האָבען מענשען אויף׳ן ברעג בעמערקט פערביי־פאָהרען א שיפעל מיט בעקאַנטע, זיי האָבען דאַן אויפגעהייבען א געשריי, און דער גאַנצער עולם האָט זיי אונטערגעהאַלטען מיט א ווילדען געפּילדער.

אין דער ריכטונג צו שאטו האָבען זיך געצויגען שיפלאַך אָהן א צאָהל. זיי זיינען צוגעקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער, זיינען געוואָרען אלץ גרעסער און גרעסער, און וואָס דייטליכער מען האָט די מענשען אויף זיי געקאָנט אונטערשיידען, אלץ וויל־דער האָבען געפּילדערט די מענשען אויף׳ן ברעג.

פלוצים האָט זיך בעוויזען א שיפעל מיט א לייוועגדענער ביידעל. פיער פרויען זיינען אויף איהם געפאָהרען. די פרוי, וועל־כע האָט גערודערט, איז געווען קליין און מאָגער און געקליידט ווי א מאטראָס, מיט די האָאר צונויפגענומען פון הינטען אין א דיקען קנופ אונטער א טוכענעם הוט. געגען איהר איז געלעגען אויף׳ן רוקען א דיקע בלאָנדע פרוי אין מאַנסבילשע קליידער פון ווייסען פלאַנעל. איהרע דיקע פיס האָט זי געהאַלטען הויך פער־ריסען און ברייט צו־וואָרפען אויף א באַנק. זי איז געלעגען, האָט גערויכערט א סיגארעט און זיך געַ׳חיות׳ט. ביי יעדען שטאַרקען שטויס פון׳ם שיפעל האָבען איהרע הויכע בוזים און בויך אויפגע־ציטערט. הינטען אונטער דער ביידעל זיינען געזעסען צוויי הויכע, שיינע, שלאַנקע מיידלאַך, איינע א ברונעטקע, די אנדערע א בלאָנ־דינקע. זיי זיינען געזעסען און האָבען זיך געהאַלטען ארומגענו־מען און געקוקט אויף זייערע חבר׳טעס.

אין דעם שווימענדיגען רעסטאָראַן האָט עמיצער אויסגע־רופען:

— העי, אָט איז דאָך לעסבאָס!*)

---

*) לעסבאָס — אַן אינזעל אין׳ם אלטען גריכענלאַנד, וואו — ווי די לעגענדע געהט — פרויען האָבען פערקעהרט צווישען זיך אויף א העסליכען, אוננאטירליכען אופן. — ל. פ.

און גלייך האָט זיך אָנגעהייבען א ווילדער געפילדער, די גאַנצע מאסע האָט זיך א כאַפּ געטהאָן, געוואָרפען די גלעזער, געשפרונגען אויף די טישען און געוואַלדעוועט ווילד און פער־שיכור׳ט:

— לעסבאָס! לעסבאָס! לעסבאָס!

און באַלד האָט מען שוין קיין ווערטער אויך ניט געהערט, נור א רעווען, א סקאַוואַוטשען ווי פון צווישעטע חיות, וואָס האָט אָנגעפילט די גאַנצע לופט און צוטראָגען זיך אויף אַלע זייטען.

די פרוי, וואָס האָט גערודערט, האָט ביי דער דאָזיגער אוואַציאָן לאַנגזאַמער געלאָזט דאָס שיפעל געהן. די דיקע בלאָנדינקע, וועלכע איז אויף׳ן רוקען געלעגען, האָט גלייכגילטיג א קעהר געטהאָן דעם קאָפּ און זיך אביסעלע אויפגעהייבען אויף׳ן עלענבויגען און די אַנדערע צוויי שענע מיידלאַך אונטער דער ביידעל האָבען אָנגעהייבען צו לאַכען און מאַכען צום עולם מיט׳ן קאָפּ.

דעמאָלט איז דאָס געפילדער נאָך שטאַרקער געוואָרען, אזוי שטאַרק, דאָס דער שווימענדיגער רעסטאָראַן האָט זיך געטרייסעלט. די מענער האָבען געהויבען זייערע היט, די פרויען האָבען געפאָכעט מיט זייערע טיכלאַך און אַלע שטימען, הויכע און ניעדריגע, קוויטשענדיגע און גראָבע, האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין געשריי:

— לעסבאָס! לעסבאָס! לעסבאָס!

מען האָט געקאָנט מיינען, אז די דאָזיגע גאַנצע באַנדע, דער דאָזיגער נעסט פון פערברעכען און זינד, בעגריסט זייער פיהרער, זייער הויפטמאַן, ווי אַן עקסאַדראָן קריעגס־שיפען וואָלטען דורך זאַלפען דאָס אדמיראַל־שיף בעגריסט.

די שיפלאַך אויף׳ן טייך האָבען אויך בעגריסט דאָס שיפעל מיט די מיידלאַך.

נור איין פויל האָט ארויסגעכאַפּט פון דער קעשענע א שליסעל און געגומען פייפען מיט אַלע קרעפטען. זיין פריינדין איז געוואָרען בלייך און נערוועז, האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים ארם און געהייסען איהם שווייגען. דערביי האָט זי געקוקט אויף איהם אזוי אויפגערעגט, מיט אזא כעס.

אָבער ער איז געווען פערצווייפעלט, ווי אַ גוואַלדיגע מאַנס־בילשע אייפערזוכט וואָלט איהם מיט אמאָל איבערוועלטיגט. אַן אינסטינקטיווער, טיעפער, ברענענדיגער האַס האָט זיך אין איהם ערוועקט צו יענע פרויען. ער האָט געשטאַמעלט מיט ציטערענ־דיגע ליפּען:

— ס'איז אַזאַ שאַנדע! מען האָט זיי געדאַרפט דערטרינ־קען ווי ציינג, מיט אַ שטיין אַרום האַלז!...

מאַגדאַלענאַ איז געוואָרען אויסער זיך. איהר קוויטשענדיגע שטימע האָט גענומען שיפען און זי האָט אָנגעהייבען צו ריידען שנעל, שנעל און מיט היץ, אַזוי ווי זי וואָלט פערטהיידיגט אַ זאַך, וואָס איז געווען שטאַרק נוגע איהר אליין.

— וואָס געהט עס דיך אָן? קענען זיי דען ניט טהאָן, וואָס זיי ווילען? זיי זיינען ניט מחויב אָפּצוגעבען וועמען רעכנונג. דער טייפעל מאָג דיך נעהמען, וואָס מישטו זיך ניט אין דיין זאַך!

אָבער ער האָט זי אונטערבראָכען:

— דאָס איז די זאַך פון דער פּאָליציי. איך וועל שוין זעהן, אַז מען זאָל זיי פערשפּאַרען הינטער'ן שלאָס און ריגעל, מאָגסט זיין זיכער!

זי איז אויפגעשפּרונגען.

— דו?

— יאָ, איך. און דיר פערבאָט איך צו ריידען מיט זיי. דו הערסט? איך פערבאָט עס דיר!

— מיין טהייערינקער, איך וועל טהאָן דאָס, וואָס מיר גע־פעלט. אויב דיר לוינט ניט, קאָנסטו זיך העלפען, קאָנסטו זיך געהן, און טאַקי גלייך אויף! איך בין ניט דיין ווייב, דו האָסט מיר ניט וואָס צו זאָגען, און שווייג!

ער האָט גאָר נישט געענטפערט. זיי זיינען געבליבען שטעהן איינער געגען אַנדערן אויפגערעגטע מיט פערקרימטע מיילער.

דערווייל זיינען די פּיער מיידלאַך צוגעפּאָהרען צום ברעג און זיינען אריין אין רעסטאָראַן.

די צוויי אין די מאַנסבילשע קליידער זיינען געגאַנגען אין פאָראויס. איינע פון זיי איז געווען מאָגער, עהנליך צו אַן איינגעל

מיט אַן אַלטען פּנים, מיט געלע פלעקען אויף די שלייפען; די אַנדערע — דיק און פעט, מיט אַ הויכען בוזים און אונגעוועהנ־ליכע היפטען, וואָס האָבען, דאַכט זיך, ווי צושפּאַרט אויף איהר די ווייסע פלאַנעלענע מאַנסבילשע קליידער. זי האָט געטראָטען שווער, ווי אַ פעטע גאַנז. הינטער זיי זיינען געגאַנגען זייערע שענע צוויי חבר'טעס, און די שיפער זיינען זיי אַנטקעגען געלאָפען און געדריקט די האַנד.

זיי אַלע זאַלבעפערט האָבען אַ קליין הייזעל געבען וואַסער געדונגען און האָבען זיך געלעבט ווי צוויי פּאָאַר פּאָלק.

זייערע העסליכע פערהעלטניסע זיינען געווען אַן אָפענער סוד פיר אַלעמען; מען האָט וועגען דעם גערעדט ווי וועגען אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך; מען האָט זיך דערצעהלט וועגען זיי מערק־ווירדיגע געשיכטען, מורא'דיגע סצענעס פון אייפערזוכט צווישען פרוי און פרוי אויס ליעבע צו אַ פרוי; מען האָט זיך גע'סוד'עט וועגען דעם, אַז בעוואוסטע אקטריסעס בעזוכען שטילערהייט דאָס קליין הייזעל געבען וואַסער...

אַ שכן, וועלכער איז אויפגעבראַכט געוואָרען פון די דאָזיגע סקאַנדאַליעזע געשיכטען, האָט וועגען דעם געלאָזט וויסען דער פּאָליציי און דער פּאָליציי־וואַכמייסטער איז געקומען צו זיי מאַכען אַן אונטערזוכונג. דער ענין איז געווען אַ צו עדעלער. אייגענטליך האָט מען די מיידלאַך ניט געקענט גאָר נישט אויפוואַרפען, אין גאָר נישט בעשולדיגען, ווייל מיט קיין געוועהנליכער פּראָסטי־טוציאָן האָבען זיי זיך ניט בעשעפטיגט. דער צומישטער וואַכ־מייסטער, וועלכער האָט אליין ניט געוואוסט וועגען וואָס פיר אַ פערברעכען דאָ האָט זיך געהאַנדעלט, האָט נאָך דער אונטערזו־כונג אריינגעבראַכט אַ לאַנגען רעפּאָרט וועגען זייער אונשולד.

די גאַנצע געגענד האָט דאַן געהאַט פון וואָס צו לאַכען.

מיט לאַנגזאַמע טריט, ווי קעניגינען, זיינען זיי דורכגעגאַנ־גען דעם רעסטאָראַן. עס איז קאָנטיג געווען, אַז זיי זיינען שטאָלץ אויף זייער בעריהמטקייט, אַז זיי זיינען גליקלאַך אויף די אויפ־מערקזאַמקייט, וואָס זיי ציהען אויף זיך, אַז זיי האַלטען זיך אַ כּך העכער פון דעם דאָזיגען המון.

מאגדאלענא און איהר געליעבטער האָבען געזעהן זיי קומען, און די אויגען פון דער מיידעל האָבען גענומען לייכטען.

ווען דיביידע ערשטע זיינען זייער טישעל פערבייגעגאנגען, האָט מאגדאלענא א רוף געטהאָן: „פוילינע!“

די דיקע האָט זיך אומגעקוקט, איז שטעהן געבליבען און געזאָגט:

— זעה נור, מאגדאלענא!... קום אהער, מיין טהייערע!

פויל האָט זיך איינגעגעסען מיט די פינגער אין דעם ארם פון זיין געליעבטער; אָבער זי האָט איהם געזאָגט: „לאָז אָפּ“ מיט אזא מינע, דאָס ער האָט זי אָפּגעלאָזט און איז געבליבען ביים טישעל אליין.

דאַן איז מאגדאלענא מיט דער דיקער געשטאַנען און גערעדט שטיל און שנעל. זיי האָבען עפּעס געלאַכט און יעדע ווײלע האָט די דיקע פוילינע פער׳גנב׳עט געוואָרפען א בליק אויף פויל׳ן און דערביי האָט זי געשמייכעלט אזוי סארקאסטיש.

צום סוף האָט פויל ניט אויסגעהאלטען. ער האָט זיך אויפ־געהויבען און איז צוגעשפרונגען צו זיי. ער האָט געציטערט פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט א כאַפּ געטהאָן מאגדאלענא׳ן ביים ארם און געזאָגט:

— קום, איך היים דיר! איך האָב דיר פערבאָטען צו ריי־דען מיט דיזע אויסוואורפען!

אָבער פוילינע האָט אויף איהם געעפענט אזא מויל, דאָס ער איז צומישט געוואָרען. זי האָט איהם גענומען זידלען מיט די שמוציגסטע ווערטער הויך אויף׳ן קול. דער עולם ארום זיי האָט געלאַכט. מען האָט זיך גענומען שטופּען צו זיי, מען האָט זיך גע־שטעלט אויף די שפּיץ־פינגער, אום בעסער צו זעהן. און ער איז געשטאַנען און קיין וואָרט ניט געקענט ארויסברענגען אונטער דעם דאָזיגען האָגעל פון שימפּף־ווערטער. עס האָט זיך איהם אויס־געוויזען, ווי די ווערטער, וואָס זיינען פון איהר מויל ארויס, האָ־בען איהם ווי מיט בלאָטע בעגאָסען, און אזוי ווי ער האָט זיך נאָך געשעהמט פיר א סקאנדאל, האָט ער זיך אָפּגעקעהרט פון

די פרויען, איז אפגעטראטען פון זיי, האט זיך אנגעלעהנט אויף דעם פארענץ און גענומען קוקען אויף׳ן טייך.

אזוי איז ער געבליבען שטעהן און האט געקוקט אויף דאס וואסער. צייטענווייז האט ער נערוועז מיט א העפטיגער בעוועגונג ארונטערגעווישט א טרער פון די אויגען־ווינקלען, אזוי ווי ער וואלט וועלען זי ארויסרייסען.

דען ער האט געליעבט דאס מיידעל משוגע, ער האט אליין ניט געוואוסט וואָרום, צו להכעיס זיינע אלע פיינע אינסטינקטען, צו להכעיס זיין פערשטאנד, צו להכעיס זיין ווילען. ער איז אריין אין דער ליעבע, ווי אין א טיעפען זומפ, נישט ארויסצורייסען זיך.

פון נאטור אויס צארט און פיין־פיהלענד, האט ער געטרוימט פון ריינער, אידעאלער ליעבע, און דא האט איהם די דאזיגע קליינע פרוי, ·אזא דומע בעשעפעניש, אזא נארישע חיה, ווי אלע אזוינע פרויען, אפילו ניט קיין שענע, ארייגגענומען אין די הענד, האט איהם בע׳כשוף׳ט, דעם קאפ צומישט, דעם ווילען פון איהם אוועקגענומען. ער האט געהערט צו איהר אין גאנצען — מיט קאפ און פיס, מיט לייב און זעעל. ער האט זיך אונטערווארפען דעם דאזיגען ווייבערשען כשוף, דעם געהיימען און דעם אלמעכטיגען ווייבערשען כשוף, דער דאזיגער אונבעקאנטער קראפט, וואס מען ווייס ניט פון וואנען זי קומט, וועלכע ווארפט דעם קליגסטען מענשען צו די פיס פון דער ניכטסווירדיגסטער פרויענצימער אהן א פארוואס און אהן א וואָרום.

און ער האט געפיהלט, אז דארט הינטער זיין רוקען ווערט פארבערייטעט א גרויסע געמיינהייט. דאס לאכען, וואס ער האט געהערט, האט איהם אין ס׳הארץ געשטאכען. וואס זאל ער טהאן? ער האט אפילו גאנץ גוט געוואוסט, וואס ער דארף טהאן, ער האט אבער קיין קרעפטען אויף דערויף ניט געהאט.

מיט שטארע אויגען האט ער געקוקט אויף א מאן, וואס האט דארט אויף׳ן ברעג מיט א האטשעק געפאנגען פיש.

פלוצים האט דארט דער מאן מיט א קרעפטיגער בעוועגונג

ארויסגעכאפּט א קליין זילבער־פישעלע, וואָס האָט זיך געצאַ־פּעלט אויף׳ן העקעל.

ער האָט געוואָלט ארונטערטרייסלען דאָס פישעלע פון׳ם האַטשעק, האָט איהם געדרעהט אהער און אהין, אויף אלע זייטען, אָבער אומזיסט. דאן האָט ער פאר אונגעדולד איהם א ריס גע־טהאָן, און דאָס גאַנצע פערבלוטיגטע העלזעלע פון׳ם פישעלע מיט א טהייל פון זיין אינגעווייד איז פערבליבען הענגען אויף׳ן שפּיץ אייזען. און פויל איז פערטרייסעלט געוואָרען, ווען ער האָט עס דערזעהן. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אזוי ווי דער דאָזיגער האַטשעק וואָלט זיין ליעבע געווען אין וועג. ער זאָל זי וועלען ארויסרייסען פון זיין הארצען, וואָלט אויף׳ן שפּיץ פון דעם פער־בויגטען שטיקעלע אייזען זיין צוריסענע ברוסט פערבליבען שטע־קען, אזוי טיעף האָט מאַגדאַלענא פערוואָרפען דאָרט איהר האַ־טשעק.

ער האָט דערפיהלט א האַנד אויף זיין אַקסעל. ער האָט זיך א כאַפּ געטהאָן. דאָס מיידעל איז נעבען איהם געשטאַנען. זיי האָבען ניט געקומען ריידען און זי האָט זיך אויך אָנגעלעהנט אויף׳ן פּאַרענץ, ווי ער, און געקוקט אויף דאָס וואַסער.

ער האָט געזוכט, וואָס איהר צו זאָגען, און קיין ווערטער ניט געפונען. ער האָט זיך אפילו ניט געקענט ערקלערען, וואָס אין איהם איז פאָרגעגאַנגען. ער האָט נור געפיהלט א פרייד, וואָס זי איז נעבען איהם, וואָס זי האָט זיך צוריקגעקעהרט, און נאָך א געפיהל, א שענדליך, א פּייני געפיהל, צו פערצייהען איהר אלס־דינג, צו ערלויבען איהר אלסדינג, אום נור זי זאָל איהם ניט פער־לאָזען.

צום סוף אין א פּאָאר מינוטען ארום האָט ער זי געפרעגט, מיט א ווייכער שטימע:

— ווילסטו אפשר זיך דורכפאָהרען אביסעל? אויף׳ן שי־פעל וועט זיין אננענעהמער.

זי האָט געענטפערט:

— יאָ, קעצעלע מיינס.

און ער האָט איהר געהאָלפען ארונטערצוגעהן אין דאָס שי־

פעל, האָט זי געהאַלטען אונטער׳ן אָרם, געדריקט איהר די הענד, איז אין גאַנצען „צוקראָכען“ געוואָרען און אַ פּאָאר טרערען זיי־נען נאָך ביי איהם געשטאַנען אין די אויגען. דאַן האָט זי אַ קוק געטהאָן אויף איהם מיט אַ שמייכעל און זיי האָבען זיך ווידער צוקושט.

לאַנגזאַם האָט זיך זייער שיפעל אַוועקגעטראָגען אַרויף־טייך, אַרום ברעג, וואָס איז בעוואַקסען געוועזן מיט ווייִדען און מיט גראָז.

ווען זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין רעסטאָראַן, איז ערשט געוועזן אַזייגער זעקס. זיי האָבען איבערגעלאָזט דאָס שי־פעל אויף׳ן ברעג און זיינען אַוועק איבער׳ן אינזעל צו בעזאָן צו איבער לאָנקעס, פּערביי די הויכע פּאַפּעל־ביימער, וואָס זיינען געשטאַנען ביים ברעג טייך.

דאָס גראָז איז געוועזן רייף צום שניידען און פול מיט בלו־מען. די אונטערגעהענדיגע זון האָט דערויף געוואָרפען אַ רויטע, שטראַהלענדע ליכט און אין דער מילדער ווארימקייט פון׳ם שטאַר־בענדען טאָג האָט זיך געמישט דער גראָז־גערוך מיט דעם פייכ־טען אָטהעם פון׳ם טייך. אַ זיסע מאַטיגקייט איז געלעגען אין דער לופט, אַ הויך פון שטילען גליק, פון שטילער לעבענס־פרייד.

דאָס הארץ איז צוגאַנגען פאַר זיסער, ווייכער מיעדקייט. עס האָט זיך געפיהלט, ווי מען גיסט זיך צונויף מיט דעם דאַזיגען שטילען אבענד־שיין, מיט דעם דאָזיגען געהיימען, אונבעשטימ־טען פליסטערען פון די גרעזער און ביימער, מיט דער דאָזיגער מעלאַנכאָלישער פּאָעזיע, וואָס האָט, דאכט זיך, אַרויסגעשטראָמט פון די פלאַנצען און פון די אַלע זאכען, וועלכע האָבען זיך אין די דאָזיגע שטילע מינוטען ענטפּלעקט פיר די געפיהלען.

ער האָט עס אַלסדינג געפיהלט, אָבער ניט זי. זי האָט פון עטוואָס אַזוינס קיין אהנונג ניט געהאַט. זיי זיינען געגאַנגען איי־נער נעבען אַנדערן. און פּלוצים, ווען עס האָט איהר דערעסען צו שווייגען, האָט זי אָנגעהויבען צו זינגען מיט אַ קוויטשענדיגען, פאַלשען קול עפּעס אַ גאַסען־ליעדעל, און האָט גראָב צושטערט די טיעפע און רוהיגע האַרמאָניע פון׳ם אבענד.

דאַן האָט ער זי אַנגעקוקט און דערפיהלט צווישען זיך און איהר אַ טיעפען, טיעפען אָפּגרונד.

זי האָט געקלאַפּט מיט'ן זונען־שירם איבער די גראָז, געהאַל־טען דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, געקוקט אויף איהרע פיס און האָט געזונגען מיט געצויגענע טענער און זאָגאַר געפּרובט צו מאַכען טרילען מיט דער האַלז.

איהר קליינער, שמאָלער שטערן, וועלכען ער האָט אַזוי ליעב געהאַט, איז געוועזען פּוסט! גאָר נישט איז־דאָרט געווען, אויסער די דאָזיגע גאַסען־ליעדלאַך. און די געדאַנקען, וואָס האָבען דאָרט אַמאָל אויפגעבליצט, זיינען אויך געוועזען פון דעם אייגענעם כאַרט, ווי די דאָזיגע גאַסען־מוזיק. זי האָט איהם ניט פערשטאַנען, זיי זיינען געוועזען אַזוי פרעמד, אַזוי ווייט איינער פון'ם אַנדערן, ווי זיי וואָלטען זיך גאָר קיינמאָל ניט געקענט. איהרע קושען האָבען ווייטער פון זיינע ליפען ניט געגרייכט.

דאַן האָט זי די אויגען אויפגעהויבען צו איהם און האָט איהם לאַכענדיג אָנגעקוקט. ער האָט אַ ציטער געטהאָן, געעפענט זיינע אַרמס און זי ליידענשאַפטליך צוגעדריקט צו זיך.

אָבער אַזוי ווי ער האָט איהר קלייד צוקנייטשט, האָט זי זיך אַרויסגעדרעהט פון זיינע אַרמס און אום ניט איבערצופיהרען זיין גוטע שטימונג, האָט זי אַרויסגעפּליסטערט, לאַסצענדיג זיך צו איהם ווי אַ קאַץ:

— אַך, איך האָב דיך אַזוי ליעב, קעצעלע מיינס!

ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דער טאַליע. דאָס בלוט האָט איהם אַ זעץ געטהאָן אין'ם קאָפּ און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט לויפען מיט איהר, געלאָפען מיט איהר און געקושט זי אויף די באַקען, אויף די שלייפען, אויף'ן נאַקען און דערביי האָט ער געטאַנצט און געשפּרונגען. אָהן אַן אָטהעם האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטהאָן נעבען אַ בוש, וועלכען די זון האָט מיט איהרע רויטע שטראַה־לען בעגאָסען. און איידער זיי האָבען געהאַט דעם אָטהעם אָפּגע־צויגען, האָבען זיי זיך אין ליעבע פעראייניגט.

זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט איבער דעם זעלביגען וועג געאַרמט. ערשט פּלוצים האָבען זיי דורך די ביימער דערזעהן דאָס

שיפעל מיט די פיער מיידלאך. די דיקע פּוילינע האָט זיי אויך בעמערקט, האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען וואַרפען האַנד־קושען צו מאגדאלענא׳ן. דערנאָך האָט זי א געשריי געטהאָן:

— פערגעס ניט, היינט ביינאכט.

מאגדאלענא האָט געענטפערט:

— היינט ביינאכט.

פויל האָט דערפיהלט א פראָסט אין׳ם הארצען.

און זיי זיינען אוועק עסען.

זיי האָבען זיך געזעצט אין א ביידעל נעבען וואסער און שווייגענדיג גענומען עסען. ווען די נאכט איז צוגעפאלען, האָט מען זיי אריינגעטראָגען א ליכט אונטער אזא מין גלעזערנעם קאָל־פאַק, אום דער ווינד זאָל עס ניט פערלעשען. עס האָט געלייכטעט מיט א ציטערענדיגען, שוואכען שיין.

יעדע ווייל האָט זיך דערהערט א הויך געלעכטער פון די שיפער, וואָס זיינען געזעסען אויבען אין דעם גרויסען זאאל אויף׳ן ערשטען שטאָק.

ווען זיי האָבען אָפּגעגעסען, האָט פויל צערטליך אָנגענומען מאגדאלענא׳ן ביי א האנד און געזאָגט:

— איך בין זעהר מיעד. ווען דו ווילסט זיין א גוטינקע, וועלען מיר היינט זיך לייגען שלאָפען אביסעלע פריהער.

אָבער זי האָט פערשטאנען, וואָס ער מיינט, האָט איהם אָנגעבליקט מיט יענעם רעטזעלהאפטען בליק, הינטער וועלכען די פרויען פערבאָרגען אזוי פיעל סודות. דערנאָך האָט זי א ווײלע נאָכגעדאכט און געזאָגט:

— דו קאָנסט דאָך געהן שלאָפען, ווען דו ווילסט. איך האָב פערשפּראָכען צו זיין היינט אויף׳ן באָלל אין גרענאָווילל.

ער האָט טרויעריג א שמייכעל געטהאָן און ווידער געזאָגט מיט צערטליכקייט אין׳ם קול:

— עס וואָלט געווען אזוי פיין פון דיר, ווען דו וואָלסט מיט מיר פערבליבען.

זי האָט א שאָקעל געטהאָן דעם קאָפּ און געשוויגען.

אָבער ער האָט געפּרובט ווידער זי בעטען:

— איך בעט דיך, מיין ליעבע, געה ניט היינט.

דאן האט זי אויסגעשריען מיט כעס:

— דו ווייסט דאך, וואס איך האב דיר געזאגט. ווען דיר פאסט ניט, קאנסטו זיך העלפען. איך האלט דיך ניט צו. איך האב פערשפראכען צו זיין אויף'ן באלל און איך וועל זיין.

ער האט זיך אנגעלעהנט מיט ביידע עלענבויגענס אן טיש און איז געבליבען אזוי זיצען, אין שמערצליכע געדאנקען פער־זונקען.

די שיפער זיינען ארונטערגעקומען פון אויבען מיט א גע־פילדער. זיי זיינען געפאהרען אויף זייערע שיפלאך צום באלל אין גרענאוויללע.

מאגדאלענא האט זיך אנגערופען צו פויל:

— וועסטו פאהרען, ניין? זאג שנעלער. אניט וועל איך עמיצען בעטען, מען זאל מיך מיטנעהמען.

פויל האט זיך אויפגעהייבען און ארויסגעמורמעלט:

— קום.

און זיי זיינען אוועקגעפאהרען.

די נאכט איז געווען דונקעל, די שטערן האבען ארונטערגע־קוקט פון'ם הימעל, א ווארימער הויך האט זיך געטראגען איבער'ן טייך, די לופט איז געווען שווער און געדיכט און עס האט אבי־סעלע געשטיקט.

די שיפלאך האבען זיך אוועקגעלאזט אין וועג, יעדע פון זיי האבענדיג מיט זיך א ווענעציאנער לאנטערנע. די שיפלאך האט מען ניט געקענט דערקענען, נור די קליינע קאלירטע לאנטערנעס האבען זיך געגליטשט און ארומגעטאנצט אין דער פינסטערניש, ווי פייערדיגע פייגעלאך, און פון אלע זייטען האבען געקלונגען שטימען דורך די דונקעלהייט.

דאס שיפעל מיט פויל און מאגדאלענא'ן האט זיך געטראגען לאנגזאם איבער'ן טייך. ווען אנאנדער שיפעל אין פולען גאנג האט זיי אריבערגעיאגט, האט זיך זיי אין די אויגען געווארפען דער ווייסער רוקען פון דעם שיפער, בעלייכטעט פון דער לאנ־

טערנע, וועלכער איז אין א רגע ארום ווידער פערשלונגען געווא־
רען פון דער דונקעלהייט.

שפעטער האבען זיי דערזעהן פון דער ווייטענס גרענאווילל.
דער רעסטאראן האט אויסגעזעהען יום־טוב׳דיג, אילומינירט מיט
קאלירטע לעמפעלאך און פאפירענע לאנטערנעס, וואס האבען
אויסגעזעהן ווי גירליאנדען. אויף דער סיינע זיינען לאנגזאם
ארומגעשוואומען א פאאר גרויסע שיפען מיט פיראמידען און
אלערליי מאנומענטען, פארגעשטעלט פון פייערלאך פון די פער־
שיידענסטע פארבען. פייערדיגע מוסטערען האבען זיך געצויגען
ביז צו דעם וואסער ארונטער און יעדע ווײלע האט אויף׳ן שפיץ
פון א הויכען שטאנג זיך בעוויזען א רויטע אדער בלויע לאנ־
טערנע, וואס האט אויסגעזעהן, ווי א גרויסער שטערן, וועלכער
האט זיך דארט אין דער־הויך געשאקעלט אהער און אהין.

די דאזיגע גאנצע אילומינאציאן האט צוגאסען א העלען שיין
ווייט ארום רעסטאראן, האט בעלייכטעט די הויכעביימער פון
אויבען ביז אונטען. אונטער דעם העלען שיין האבען זייערע שטא־
מען ביים ברעג טייך אויסגעזעהן גרוי און זייערע בלעטער מילך־
וויים און גרין פון דער טיעפער דונקעלקייט פון די פעלדער און
דעם הימעל.

דער ארקעסטער, וועלכער איז בעשטאנען פון פינף דארפישע
מוזיקאנטען, האט שוין פון ווייטעז זיך געלאזט הערען מיט זיין
גאסען־מוזיק, און מאגדאלענא, דערהערענדיג די דאזיגע טאנצענ־
דיגע טענער, האט ווידער אנגעהייבען צו זינגען.

זי האט געוואלט גלייך אריינגעהן אין רעסטאראן. פויל האט
אפריהער געוואלט זיך דורכגעהן איבער׳ן אינזעל, אבער זי האט
זיך איינגעשפארט: ניין און ניין, זי וויל דוקא גלייך אין רעסטא־
ראן, און ער האט איהר געמוזט נאכגעבען.

דער עולם איז דארט איצט געווען אביסעלע א בעסערער.
אויסער די שיפער זיינען דארט געווען מענשען פון מיטעל־קלאס
אויף א פאאר יונגע לייט מיט זייערע מיידלאך. דער דירעקטאר
און אראנזשירער פון דעם קאנקאן, וועלכער האט דא געזאלט
געטאנצט ווערען, האט אויסגעזעהן גאנץ לייטיש אין זיין שווארי־

צען, אָבגעטראָגענעם פראַק. ער איז ארומגעלאָפען איבער׳ן רעס־טאָראַן און האָט געדרעהט דעם קאָפּ אויף אַלע זייטען.

די דיקע פוילינע מיט איהרע חבר׳טעס זיינען דאָ ניט גע־ווען, און פויל האָט פרייער אָפּגעצויגען דעם אָטהעם.

מען האָט אָנגעהייבען צו טאַנצען. די פּאָרלאַך, וואָס זיינען געשטאַנען איינע געגען די אַנדערע, האָבען גענומען מאַכען אַלער־ליי קונצען, געוואָרפען די פיס הויך אין דער לופטען איינער גע־גען אַנדערן. מאַנכעס מאָל האָט זיך אויסגעדאַכט, אז אָט־אָט פאָהרט אריין איינעמ׳ס פוס דעם צווייטען אין נאָז.

די נקבות מיט צושפּרייטע לענדען זיינען געשפּרונגען און זייערע קליידלאַך האָבען זיך געהייבען און געפלאַטערט, און ארוים־געוויזען די אונטער־קליידלאַך און נאָך ווייטער. מיט א מערק־ווירדיגער לייכטקייט האָבען זיי געוואָרפען די פיס ביז איבער די קעפּ, געדרעהט זייערע בייכער, זייערע היפטען, געטרייסעלט זיי־ערע בריסט און האָבען דערביי צושפּרייט ארום זיך א שטאַרקען גערוך פון פערשוויצטען פלייש.

די זכרים האָבען זיך ארונטערגעלאָזט אויף דער׳ערד און ארומגעשפּרונגען ווי פרעש מיט אונאַנשטענדיגע בעוועגונגען. האָבען זיך געדרעהט אויף די הענד, געקרימט זיך, געמאַכט מיאוס׳ע העויות, אָדער האָבען געפּרובט זיין קאָמיש און מיט לעכערליכער ווירדע נאָכגעמאַכט גוטע מאַנירען.

א דיקע קעלנערין און צוויי קעלנער האָבען בעדיענט דעם עולם.

און אזוי ווי דער שווימענדיגער רעסטאָראַן איז געווען אָפען פון אַלע זייטען, ניט פערצוימט פון קיינע ווענד, נור פערצויגען מיט א לייווענדענעם דאַך, איז דער האָזיגער ווילדער טאַנץ פאָר־געקומען אין דער פרייער נאַטור, אין מיטען פון דער פריעדליכער שטילקייט פון דער נאַכט.

פלוצים איז מאָן־וואַלעריען, דאָרט, אנטקעגען, בעלייכטעט געוואָרען, אזוי ווי דאָרט וואָלט א שרפה געווען. דער שיין איז געוואָרען גרעסער, שאַרפער, האָט זיך ביסלעכווייז צוגאָסען אי־בער׳ן הימעל, פערכאַפּט א גרויסען לייכטענדיגען קרייז פון בליי־

כען ווייסען ליכט. דערנאָך האָט זיך בעוויזען עפּעס רויטעס, וואָס איז געוואָקסען און געוואקסען, עפּעס גליהענדיג־רויטעס, ווי דאָס מעטאַל אויף׳ן אמבאָס. לאַנגזאַם איז עס געוואָרען רונדער און רונדער און עס האָט זיך געדאכט, ווי עס וואָלט פון אונטער דר׳ערד ארויסגעשטייגט, און פּלוצים האָט די לבנה זיך שנעל אָפּגעטהיילט פון׳ם האָריזאָנט און האָט לאַנגזאַם און שטיל זיך גענומען הייבען אויף׳ן הימעל. און וואָס העכער זי האָט זיך געהייבען, אַלץ בלאַ־סער איז געוואָרען איהר פּורפּורנע פאַרב, אַלץ געלער איז זי גע־וואָרען, העל־געל, לייכטענדיג־העל, און אַלץ קלענער איז זי גע־וואָרען.

פּויל האָט זיך פערקוקט אויף דאָס דאָזיגע בילד און אין גאַנ־צען פערגעסען זיין מיידעל. ווען ער האָט זיך אומגעקוקט, איז זי שוין ניט געווען.

ער האָט זי אָנגעפאַנגען צו זוכען, האָט זי אָבער ניט געקענט געפינען. ער איז געוואָרען אונרוהיג, געלאָפען אהין, אהער, האָט געפרעגט ביי דעם, ביי יענעם אויף איהר, קיינער האָט זי ניט געזעהן.

דאן האָט איהם איינער פון די קעלנער געזאָגט:

— איהר זוכט פריילין מאַגדאַלענאַ׳ן, זי איז ערשט אוועק מיט פריילין פּוילינע.

און אין דער אייגענער רגע האָט פּויל בעמערקט אויף׳ן אַנ־דער׳ן עק פון׳ם רעסטאָראַן פּוילינע׳ס דריי חבר׳טעס. זיי זיינען געשטאַנען, האַלטענדיג איינע די אַנדערע ביי דער טאַליע, האָבען געקוקט אויף איהם און זיך גע׳סוד׳עט.

ער האָט פערשטאַנען און איז ארויסגעלאָפען ווי אַ משוגע׳־נער פון׳ם רעסטאָראַן.

ער האָט זיך געלאָזט לויפען איבער׳ן אינזעל. אפריהער איז ער אוועקגעלאָפען צו שאַטו צו, אָבער אויף׳ן וועג האָט ער זיך מישב געווען און זיך צוריקגעקעהרט. ער האָט גענומען זוכען אין די בושעס ניט ווייט פון׳ם רעסטאָראַן, ארומגעדרעהט זיך דאָ און דאָרט, איז געגאַנגען און געלאָפען, האָט זיך צייטענווייז אָפּגע־שטעלט און אָנגעשטרענגט דעם געהער, אפשר וועט ער דער־

הערען... אומעדום האָט ער געהערט דעם קוואַקען פון די פרעש.

ערגעץ ארום בוזשיוואַל האָט עפּעס אַ פייגעל געזונגען און שוואַך האָבען זיך פון דאָרט דערטראָגען איהרע טענער. אויף די ברייטע לאָנקעס האָט די לבנה געגאָסען איהר ווייכעס ליכט, ווי זילבער־שטויב, האָט בעזילבערט די בלעטער און די רוישענדיגע שפּיצען פון די הויכע ביימער.

די פּאָעזיע פון דעם דאָזיגען אבענד האָט אין פויל׳ס נשמה אריינגעדרונגען געגען זיין ווילען. זי האָט אויפגעטרייסעלט זיין אומעט, צורודערט זיין הארץ מיט ווילדער איראָניע און אויפ־געוועקט אין זיין צארטער, געפיהלפולער זעעלע אַ ברענענדיגע בענקעניש נאָך ליעבע און לאַסקעס און אַ בעדירפניש אויסצוגי־סען זיינע געפיהלען אויף דער ברוסט פון אַ טריי געליעבטער פרוי.

טרערען האָבען איהם גענומען שטיקען און ווערגען, און ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען.

ווען דער אָנפאַל איז געווען פאָראיבער, איז ער אוועק ווייטער.

פּלוצים האָט איהם ווי מיט אַ מעסער אין הארצען אַ שניט געטהאָן. דאָרט, הינטער אַ בוש, האָט מען זיך געקושט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אהין. דאָס איז געווען אַ פערליעבט פּאָרל, וואָס האָט זיך דאָרט שנעל אָפּגעטראָגען, ווי נאָר זיי האָבען דער־הערט זיינע טריט.

ער האָט ניט געוואָגט צו רופען. ער האָט געוואוסט, אַז זי וועט ניט ענטפערען און דערצו האָט ער מורא געהאַט, צו טרעֿ־פען זיי צוזאַמען.

די טענער פון׳ם קאַדריל מיט די ליאַרמענדיגע קולות פון דעם טראַמבאָן, מיט דעם פאַלשען פייפען פון דער פלייטע און דעם קוויטשענדיגען סקריפּען פון דער פיערעל האָבען איהם דאָס הארץ צוריסען, דאָס הארץ, וואָס איז געווען אזוי אָנגעוועהטאָגט. די דאָזיגע ווילדע מוזיק האָט געפּילונגען צווישען די ביימער אמאָל שוואַכער, אמאָל שטאַרקער, לויט דעם ווינד, וואָס האָט זי צו־טראָגען.

פּלוצים איז איהם איינגעפאַלען: אפשר האָט זי זיך דאָרט

צוריקגעקעהרט? יאָ, זי האָט זיך געוויס צוריקגעקעהרט. וואָרום ניט? ער האָט אָהן אַ פאַר־וואָס דעם קאָפּ פערלאָרען. עס איז נאַריש פון איהם, וואָס ער פיינינגט זיך אַזוי צוליעב אַ פערדאַכט, וואָס ער האָט זיך זייט אַ געוויסער צייט אין קאָפּ אַריינגענומען.

און בעפאַלען פון יענער מערקווירדיגער רוהיגקייט, וועלכע קומט אַמאָל נאָך דער גרעסטער פערצווייפלונג, האָט ער זיך צו־ריקגעקעהרט צום באַלל.

געקומען אין זאַאל, האָט ער זי ווידער ארומגעזוכט מיט די אויגען, זי איז דאָרט ניט געווען. ער איז פערבייגעגאַנגען אַלע טישען, ניטאָ, ניטאָ! ער האָט ווידער דערזעהן פאַר זיך יענע דריי מיידלאַך. ער האָט אפנים אויסגעזעהן זעהר קאָמיש, דען אַלע דריי מיידלאַך האָבען זיך צולאַכט הויך אויף׳ן קול, ווען זיי האָ־בען אַ קוק געטהאָן אויף איהם.

דאַן איז ער ווידער ארויסגעלאָפען פון׳ם רעסטאָראַן, האָט זיך ווידער אַוועקגעלאָזט איבער׳ן אינזעל און האָט זיך דאָרט בע־האַלטען צווישען די בושעס.

ער האָט זיך ווידער גענומען צוהערען, האָט זיך צוגעהערט לאַנג, לאַנג, ווייל אין די אויערען האָט איהם געקלונגען. אָבער צום סוף האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ער האָט געהערט אַ קורץ הילכענדיג לאַכען, וואָס איז איהם אַזוי גוט בעקאַנט געווען, און ער האָט גענומען פויזען אין פאָראויס, פונאַנדעררוקענדיג די צווייגען, דערביי האָט ביי איהם דאָס האַרץ אַזוי געקלאַפּט, דאָס דער אָטהעם האָט איהם פערכאַפּט.

צוויי שטימען האָבען זיך געשושקעט. ער האָט די ווערטער קלאָר ניט געהערט. דערנאָך זיינען זיי אַנשוויגען געוואָרען.

דאַן האָט זיך אין איהם ערוועקט אַ גוואַלדיגער פערלאַנג, צו אַנטלויפען, נישט צו זעהן, אַנטלויפען אויף אַלע מאָל פון דער דאָזיגער העסליכער ליידענשאַפט, וואָס ברענגט איהם אום. ער וועט זיך צוריקקעהרען אין שאַטו, וועט זיך זעצען אויף אַ צוג און אַ סוף, אַן ענד, וועט זי מעהר קיינמאָל ניט זעהן.

אָבער אין דער אייגענער צייט האָט איהר בילד אויפגעלעבט פאַר איהם און איהם צומישט אין גאַנצען. עס האָט זיך איהם

פאַרגעשטעלט, ווי זי כאַפּט זיך אויף אין־דער־פריה אין דעם וואַ־
רימען בעט, ווי זי דריקט זיך צו צו איהם, נעהמט אריין זיין
האַלז צווישען איהרע ארמס, די האָאר צולאָזט, מיט איין לאָקענ־
דעל, וואָס דרעהט זיך ארום איהר שטערן, מיט נאָך־צוגעמאַכטע
אויגען און מיט ליפען געעפענטע פיר די ערשטע קושען, און די
דאָזיגע פּלוצימדיגע עראינערונג אָן די אין־די־פריהענדיגע לאַס־
קעס האָט ערוועקט אין איהם אזא משוגע'נע בענקעניש, אזא
ווילדען פערלאַנג.

די שטימען האָבען זיך ווידער דערהערט. ער האָט ווידער
גענומען פויזען. דערנאָך האָט ער דערהערט אַ שטילען געשריי
פון אונטער די ביימער גאַנץ נאָהענט פון איהם, — איינעם פון
יענע ליעבעס־געשרייען, וואָס ער האָט געהערט אין די אייגענ־
בליקען פון העכסטער לוסט, פון העכסטער ליעבע.

ער האָט אַלץ געפויזעט ווייטער און ווייטער כמעט נעגען
זיין ווילען, אַן אונווידערשטעהליכע קראפט האָט איהם געצווינגען,
געשלעפּט אהין; ער האָט זיך אליין קיין רעכנונג ניט אָפּגעגעבען,
וואָס ער טהוט, וואוהין ער פויזעט, צי ער געהט, צי ער פויזעט,
צי מען שלעפּט איהם... און... ער האָט זיי דערזעהן.

אָה, ווען דאָס וואָלט געווען אַ מאַן, אנאַנדער מאַן! אָבער
דאָס! דאָס! ער האָט זיך געפיהלט, אזוי ווי זייער געמיינהייט
וואָלט איהם מיט קייטען צום אָרט צוגעשמיעדט. ער איז געבלי־
בען דאָרט שטעהן אָהן לשון, ווי אַ דער'הרג'עטער, אזוי ווי ער
וואָלט פּלוצים פאַר זיך דערזעהן די צופוילטע לייכע פון זיין גע־
ליעבטער. אזא פערברעכען געגען דער נאַטור, אזא שמוציגע לעס־
טערונג פון דער ליעבע!...

דעמאָלט האָט ער ניט־ווילענדיג אַ טראַכט געטהאָן וועגען
דאָס קליין פישעלע, ביי וועמען דער מאַן האָט אין דעם אייגענעם
טאָג די איננגעווייד ארויסגעריסען... אָבער מאַגדאַלענא האָט גע־
פליסטערט: „פוילינע" מיט דעם זעלבינען ליידענשאַפטליכען
קול, ווי זי פלעגט פליסטערן: „פויל!" און אזא וועהטאָג האָט
איהם דורכגענומען, דאָס ער האָט זיך געלאָזט לויפען, איז געלאָ־
פען אזוי שנעל, ווי די פיס האָבען איהם געטראָגען.

ער האָט זיך אָנגעשטויסען אָן צוויי ביימער, איז געפאַלען איבער א וואָרצעל, האָט זיך ווידער אויפגעהייבען און איז ווייטער געלאָפען און אזוי, אומבעמערקט פיר איהם אליין, איז ער דער־לאָפען ביז דעם טייך, ביז דעם פלאַץ, וואו דאָס וואסער האָט געקאָכט און געשוימט, בעלייכטעט פון לבנה־שיין.

אויף דער אנדער זייט טייך זיינען געלעגען די זומער־וואָה־נונגען פון קרואססי אונטער דעם העלען שיין פון דער לבנה.

פויל האָט עס אלסדינג געזעהן ווי אין חלום, ווי אין דער עראינערונג נור, ער האָט וועגען גאָר נישט געטראַכט, גאָר נישט פערשטאַנען, און אלסדינג, אפילו זיין אייגענע עקזיסטענץ האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס עטוואָס אומבעשטימטעס, ווייטעס, פערגעסענעס, אלס עטוואָס, וואָס איז שוין נישטאָ מעהר.

דאָרט האָט דער טייך געשטראָמט. האָט ער געוואוסט, וואָס ער טהוט? האָט ער געוואָלט שטארבען? ער האָט זיך פון׳ם זינען געריהרט, דאָך האָט ער זיך א קעהר געטהאָן צום אינזעל, צו איהר, און אין דער רוהיגער ביינאַכטיגער לופט, דורך וועלכע עס האָבען נאָך געקלונגען די מוזיק־טענער פון׳ם זאאל, האָט אָבגעהילכט זיין פערצווייפעלטע, איבערמענשליכע, מוראדיג־שאַר־פע שטימע:

— מאגדאלענא!

דער דאָזיגער הערצרייסענדיגער געשריי האָט אָפגעקלונגען ווייט אונטער דעם שטילען הימעל, האָט זיך צוטראָגען איבער׳ן גאַנצען האָריזאָנט.

דערנאָך האָט פויל מיט איין שוואונג, ווי א חיה, א שפרונג געטהאָן אין טייך אריין. דאָס וואסער האָט א ציטער געטהאָן, און אויף דעם אָרט, וואו ער איז פערשוואונדען, האָבען זיך גענומען דרעהען קרייזען, און קליינע כוואַליעלאך האָבען זיך מיט א בול־בען געיאָגט צום ברעג...

ביידע פרויען האָבען דערהערט דעם געשריי. מאגדאלענא איז אויפגעשפרונגען:

— דאָס איז פויל!

און דאן האָט זי צוגעלייגט, געמוטשעט פון א פערדאכט:

— ער האָט זיך דערטרונקען!

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צום טייך, די דיקע פּוילינע נאָך איהר.

אַ שווערע שיף מיט צוויי מענער איז ארומגעפאָהרען אויף איין אָרט הין און צוריק. איינער פון די מענער האָט גערודערט און דער צווייטער האָט געטאַפּט מיט אַ שיף־האַקען (באַגאָר) אין טייך, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט.

פּוילינע האָט אויסגערופען:

— וואָס איז דאָרט? וואָס טהוט איהר?

אַ פרעמדע שטימע האָט געענטפערט:

— אַ מאַן האָט זיך ערשט דערטרונקען.

די פרויען האָבען זיך צוגעדריקט איינע צו דער אַנדערער און מיט שטאַרע אויגען נאָכגעקוקט נאָך די בעוועגונגען פון דעם שיף.

פון דערווייטענס האָט זיך נאָך אַלץ געהערט די וויסטע מוזיק פון גרענאָוויל, אַזוי ווי זי וואָלט בעגלייט די אַרבייט פון די פישער. און דער טייך, וואָס האָט איצט אַ טויטען ביי זיך געהאַט בעגראָבען, האָט געווירבעלט, פון לבנה־שטראַהלען בעגאָסען.

די פישער האָבען דערוויילע געזוכט. מאַגדאַלענאַ׳ן האָט גענומען שוידערן פאַר שרעק. צום סוף, אַן ערך אין אַ האַלב שעה ארום, האָט איינער פון די מענער אויסגערופען:

— איך האָב איהם! איך האָב איהם!

און ער האָט לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג גענומען שלעפּען זיין לאַנגען שיף־האַקען. דאַן האָט זיך אויפ׳ן וואַסער בעוויזען עפּעס אַ גרויסע דונקעלע מאַסע. דער אַנדערער פישער האָט אַרויסגעלאָזט די רודער און זיי ביידע האָבען אַרויפגעשלעפּט און אַריינגעוואָרפען די אומבעוועגליכע מאַסע אין שיף.

דערנאָך זיינען זיי צוגעפאָהרען צום ברעג און האָבען גענומען זוכען אַ ניעדריגען און ליכטיגען פּלאַץ, וואו ארונטערצוגעהן.

ווען דאָס שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיינען די ביידע מיידלאַך צוגעגאַנגען נאָהענט.

מאַגדאַלענאַ האָט צושראָקען זיך אַ כאַפּ געטהאָן צוריק, ווען

זי האָט איהם דערקענט. ביים שיין פון דער לבנה האָט ער אויס־געזעהן גרין, זיין מויל, אויגען, נאָז, קליידער, פול מיט בלאָטע. זיינע צונויפגעקרעמפּפּטע, שטאַרע פינגער האָבען אויסגעזעהן מורא'דיג. איבער זיין גאַנצען קערפּער איז געלעגען איין שוואַרצע געדיכטע קלעפּיגקייט. זיין פנים האָט אויסגעזעהן געשוואָלען און פון זיינע צונויפגעקלעפּטע האָאר איז ארונטערגערונען שמוציגע וואַסער.

די מענער האָבען איהם גענומען בעטראַכטען:

— דו קאָנסט איהם? — האָט איינער געפרעגט.

דער צווייטער האָט אַ ווײַלע זיך געקווענקעלט:

— יאָ, מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב דעם דאָזיגען יונגענמאַן ערגעץ געזעהן. אָבער אויף געוויס קען איך ניט זאָגען.

דערנאָך האָט ער זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטהאָן:

— געוויס, דאָס איז דאָך הערר פּויל.

זיין חבר האָט איהם געפרעגט:

— ווער איז דער הערר פויל?

און דער ערשטער האָט געענטפערט:

— נו, הערר פויל באַראָן, דער זוהן פון דעם סענאַטאָר. דו ווייסט דאָך, יענער יונגערמאַנטשיק, וואָס איז געוועזן אַזוי פער־ליעבט.

דער אַנדערער האָט זיך אָנגערופען מעשה פילאָזאָף:

—נו, איצט וועט ער זיך שוין מעהר ניט נאַריש מאַכען. דאָך אַ שאָד, ווען מען האָט אַזוי פיעל געלד...

מאַגדאַלענא האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דר'ערד און גענומען וויינען.

די דיקע פוילינע איז צוגעגאַנגען צו די מענער און האָט גע־פרעגט:

— איז ער טאַקי טויט?

די מענער האָבען אַ דריק געטהאָן די אַקסלען:

— נו, געוויס. אַזאַ לאַנגע צייט געלעגען אונטער'ן וואַסער. געוויס.

דערנאָך האָט זיך איינער פון זיי אָנגערופען:

— ער וואָהנט, דאכט זיך, אין גריללאַן?

דער צווייטער האָט געענטפערט:

— יאָ, מיר וועלען איהם אוועקפיהרען אהין. מיר וועלען שוין דערפאר קריגען טרינק־געלד.

זיי האָבען זיך ווידער אריינגעזעצט אין שיף און זיינען לאנג־זאם, לאנגזאם אָפּגעפאָהרען פון׳ם ברעג, ווייל זיי איז אויסגע־קומען צו טרייבען דאָס שיף ארויף וואסער, געגען שטראָם. און לאנג נאָך, ווען דאָס שיף איז שוין געהאט פערשוואונדען פון די אויגען פוןביידע פרויען, האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּען פון די רודערס איבער׳ן וואסער.

פוילינע האָט ארומגענומען די וויינענדיגע מאגדאלענא׳ן, האָט זי געגלעט, האָט זי געקושט און זי געטרייסט:

— נו, גענוג, דו ביזט דאָך ניט שולדיג, ניט אמת? מען קען דאָך די מענער ניט פערבאָטען צו בעגעהן נארישקייטען. ער האָט עס דאָך אליין געוואָלט, נו, איז אז אָך און וועה צו איהם!

דאן האָט זי אויפגעהייבען מאגדאלענא׳ן:

— נו, גענוג, קעצעלע. קום, דו וועסט היינט שלאָפען ביי אונז. דו קענסט דאָך ניט געהן היינט נעכטיגען אין גריללאַן.

זי האָט זי נאָך אמאָל א קוש געטהאָן:

— קום, מיר וועלען דיך שוין בערוהיגען.

מאגדאלענא האָט זיך אויפגעהייבען; זי האָט נאָך אפילו געוויינט, אָבער שוין ניט אזוי שטארק ווי פריהער. זי האָט צו־געשפּארט איהר קאָפּ צו פוילינע׳ס אקסעל, אזוי ווי זי וואָלט געזוכט טרייסט אין איהר אינטימערער, נעהענטערער, פאסיגערער ליעבע, און זיי ביידע זיינען אוועק מיט שטילע, לאנגזאמע טריט.



# נוצלאָזע שענהייט

## 1.



ן עלעגאנטער קויטש, מיט צוויי פּראכטפולע פערד־
געשפּאנט, האָט געווארט פאר'ן פּאלאץ. עס איז
געווען ענדע יוני ארום האלב זעקס פארנאכט,
און צווישען די דעבער פון די זייטיגע פליעגלען,
וואָס האָבען ארומגערינגעלט דעם פּריצישען
הויף, האָט ארויסגעקוקט א קלאָהרער, א וואַ־
רעמער, א פרעהליכער הימעל.

די גרעפין דע מאסקארע האָט זיך בעוויזען אויף די טרעפּ
פּונקט אין דער מינוט, ווען איהר מאן, זיך אומקעהרענדיג אהיים,
איז אריין אין טיר. ער האָט זיך אויף א מאָמענט אָבגעשטעלט,
א קוק געטהאָן אויף זיין פרוי און איז עטוואָס בלייך געוואָרען.
זי איז געווען שען, שלאנק און האָט אויסגעזעהן זעהר רייצענד
מיט איהר לענגליכען, ווי געשניצטען פּנים, מיט דער עלעפאנט־
ווייסער הויט, מיט די גרויסע גרויע אויגען און שווארצע האאר.
ניט א קוק טהאָנדיג אויף איהר מאן, ווי ניט בעמערקענדיג איהם,
איז זי מיט אזא שטאָלצען, פעררייסענעם אויסזעהן אין קויטש
אריין, דאָס די מורא'דיגע אייפערזוכט, וועלכע האָט איהם שוין
פון לאנג אָן געפּלאגט, האָט אויף דאָס ניי איהם דאָס הארץ
צוריסען.

ער איז צוגעגאנגען צו זיין פרוי, זי בעגריסט און געפרעגט:

— דו פאָהרסט ארויס?

זי האָט געענטפערט מיט פעראכטונג, קוים עפענענדיג די
ליפּען

— ווי דו זעהסט.
— אין בולאָנער וואלד?
— וואַרשיינליך.
— וועסוזו מיר ערלויבען דיך בעגלייטען?
— דער עקיפּאַזש איז דיינער.

ניט וואונדערענדיג זיך איבער דעם טאָן, אין וועלכען זי האָט איהם געענטפערט, איז ער אריין אין קויטש, האָט זיך גע־זעצט נעבען זיין פרוי, און אַ געשריי געטהאָן צום קוטשער:

— נאָך בולאָנער וואלד!

דער לאקעי האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף׳ן קעלניע נעבען קוטשער, די פערד האָבען גענומען קלאַפּען מיט די קאַפּיטעס אָן דער ערד און שאָקלען מיט די קעפּ, ביז זיי זיינען ארויסגעפאָהרען אין גאַס.

מאַן און פרוי זיינען געזעסען זייט ביי זייט און געשוויגען. דער מאַן האָט געטראַכט, ווי אַזוי צו פערפיהרען אַ געשפּרעך, אָבער דער פרוי׳ס פּנים איז געוועזען אַזוי שטרענג, אַזוי קאַלט, דאָס ער האָט ניט געוואַגט...

צום סוף, האָט ער פער׳גנב׳עט און ווי צופעליג אָנגעריהרט דער גרעפינס האַנד. אָבער אין דער בעוועגונג, מיט וועלכער זי האָט אַ ריס געטהאָן איהר האַנד, איז געוועזען אַזוי פיעל האַרט־קייט, אַזוי פיעל עקעל, אַז ער האָט זיך מיט אַנגסט אָבגערוקט, הגם ער איז געוועהנליך געוועזען אַ מענש מיט אַ הערשזיכטיגער און דעספּאָטישער נאַטור.

ער האָט נור ארויסגעשעפּטשעט:

— גאַבריעל!

זי האָט געפרעגט, ניט אומקעהרענדיג דעם קאָפּ:

— וואָס ווילסטו?

— דו זעהסט אוים רייצענד.

זי האָט ניט געענטפערט, איז געלעגען אויסגעצויגען אין קויטש מיט דער מינע פון אַ בעליידיגטער קעניגין.

זיי זיינען איצט געפאָהרען צווישען די יעליסעער פעלדער, צו דער טריאומף ארקע. אַ ריעזיג גרויסער מאָנומענט איז אויף׳ן

ראַג פון דער לאַנגער אַלע געשטאַנען און האָט, דאַכט זיך, מיט זיינע שפּיצען דעם רויטען הימעל אונטערגעשפּאַרט. די זונן האָט זיך ווי אויף איהם אַראָבגעלאָזט, שיטענדיג פון דאָרט אַ פייערדיגען שטויב איבער'ן האָריזאָנט.

און אַ דאָפּעלטער שטראָם פון עקיפּאַזשען, גלענצענדע און בליסטשענדיגע פון דאָס מעש און זילבער, מיט וועלכער זיי זיינען געוועזן בעשלאָגען, פון די קריסטאַלענע לאַנטערנעס אויף זיי, האָבען זיך ווי צוויי כוואַליעס געטראָגען — איינס צו דער שטאָדט, די צווייטע צום וואַלד.

גראַף מאַסקאַרע האָט ווידער אָנגעהויבען:

— מיין ליעבע גאַבריעל.

דאָ האָט זי זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און געזאָגט מיט אַ בייזען קול:

— איך בעט דיך, לאָז מיך צופרידען. איצט קען איך שוין ניט בלייבען אַ ווײַלע אַליין אפילו ביי מיר אין עקיפּאַזש.

ער האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג און ווייטער געהרעדט:

— דו האָסט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעזעהען אַזוי שען, ווי היינט.

איהר געדולד האָט הפּנים געפּלאַצט און זי האָט געענטפערט מיט גיפט:

— אומזיסט קוקסטו איצט אויף מיין שענקייט, איך שווער, אַז איך וועל דיר מעהר קיין מאָל ניט געהערען.

די דאָזיגע ווערטער האָבען איהם פערוואונדערט און דערשראָקען. זיין הערשזיכטיגע נאַטור האָט זיך דורכגעריסען און מיט אַ טאָן, וועלכער האָט אין איהם אַרויסגעוויזען דעם ברוטאַלען בעל־הבית און הערשער גיכער ווי דעם ליעבענדען מאַן, האָט ער אַ געשריי געטהאָן:

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

: האָט געענטפערט שטיל, הגם די דינער אויף'ן קעלניע האָבען, ביי דעם בעטויבענדען גערויש פון די רעדער, סייווי גאָר נישט געקענט הערען.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? וואָס זאָל דאָס בעדייטען? זאָל איך דיר דאָס טאַקע זאָגען?

— יא.

— איך זאָל דיר אלסדינג זאָגען?

— יא.

— אלעס, וואָס איך טראָג אויף׳ן הארצען, זייט איך בין געוואָרען אן אָפּפער פון דיין ברוטאלען עגאָאיזמוס?

ער איז געוואָרען רויט פאר אויפרעגונג און כעס און מיט צונויפגעדריקטע צייהן האָט ער ארויסגעברומט:

— רייד.

ער איז געוועזען הויך געוואקסען, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט א לאנגער רויטליכער באָרד, א מאן — א פארשוין, א דזשענ־טעלמאן, וועלכער האָט געהאַט א נאָמען פאר א גוטען מאן און אויסגעצייכענטען פאָטער.

צום ערשטען מאָל, זייט זיי האָבען דעם פּאַלאַץ פערלאָזען, האָט זי זיך אומגעקעהרט און איהם אריינגעקוקט אין פּנים:

— דו ועסט אָבער מוזען אויסהערען זעהר אונאנגענעהמע זאַכען. איך זאָג דיר פריהער אום דו זאָלסט זיין פאָרגעברייט. איך וועל זיך ניט אָבשטעלען פאר קיין זאַך, ווייל איך האָב פאר קיינעם קיין מורא ניט און פאר דיר ווייניגער, ווי פאר ווער עס איז.

ער האָט איהר געקוקט אין די אויגען און געציטערט פאר כעס. ער האָט אויסגעברומט:

— דו ביזט משוגע געוואָרען!

—ניין. אָבער איך זאָג זיך אָב אויף ווייטער צו נעהמען אויף זיך די מורא׳דיגע יסורים, וועלכע איך האָב געדולדעט צו־ליעב דיר גאַנצע עלף יאָהר: די יסורים פון מוטערשאַפט. איך וויל ענדליך פיהרען א געזעלשאפטליכען לעבען און געניסען פון דער וועלט אזוי ווי אלע אנדערע פרויען, איך האָב א רעכט אויף דעם אזוי ווי אלע אנדערע.

ער איז פּלוצים בלייך געוואָרען און גענומען שטאַמלען:

— איך פערשטעה דיך נים.

— גיט אמת, דו פערשטעהסט מיך זעהר גוט. עס איז ערשט דריי מאָנאטען זייט איך האָב געהאט מיין לעצטען קינד; נור אזוי ווי איך בין נאָך אלץ שען און טראָץ אלע דיינע בעמיהונגען געלינגט דיר ניט מיך העסליך צו מאכען — דו האָסט עס אליין צוגעגעבען דערזעהענדיג מיך אויף די טרעפּ פון דיין הויז — דעריבער דענקסטו, אז עס איז שוין ווידער צייט, איך זאָל ווערען שוואנגער.

— דו רעדסט נארישקייטען.

— ניין. איך בין דרייסיג יאָהר אלט און איך האָב זיעבען קינדער. מיר זיינען עלף יאָהר פערהייראט און דו דיינקסט הפנים, אז אויף אזא אופן וועלען אוועקגעהן נאָך א יאָהר צעהן און דאן וועסטו סיי ווי סיי אויפהערען זיין אייפערזיכטיג צו מיר.

ער האָט זי א כאפּ געטהאָן פאר א האנד, שטארק א דריק געטהאָן און ארויסגעשטאמעלט:

— איך וועל דיר מעהר ניט ערלויבען צו רעדען צו מיר אין אזא טאָן.

— און איך וועל רעדען צו דיר אזוי לאנג, ביז איך וועל האָבען ארויסגעזאָגט אלסדינג, וואָס איך האָב צו זאָגען. און טאָמער וועסטו מיר פּרובען שטערן, וועל איך מאכען אזעלכע קולות, אז די דיענער אויף דער קעלניע זאָלען דערהערען. אָט צוליעב דעם טאקע האָב איך דיר ערלויבט צו זעצען זיך נעבען מיר אין דעם עקיפּאזש, ווייל דאָ האָב איך צוויי עדות, וועלכע וועלען דיך צווינגען צו בעהערשען זיך און מיך אויסהערען. אלזאָ הער אויס.

— איך האָב דיך קיין מאָל ניט געליעבט און האָב עס דיר אימער ארויסגעצייגט. איך האָב זיך פאר דיר קיין מאָל ניט פערשטעלט. דו האָסט מיט מיר חתונה געהאט געגען מיין ווילען, אויסנוצענדיג די געדריקטע לאגע פון מיינע עלטערן. דו האָסט זיי איינפאך געצוואונגען, זיי זאָלען דיר אָבגעבען זייער טאָכטער, ווייל דו ביזט זעהר רייך. זיי האָבען פון מיר פערלאנגט, איך זאָל

הייראַטען און איך האָב מיט טרערען אין די אויגען געמוזט איינ־
וויליגען.

דו האָסט מיך אַלזאָ געקויפט. און אזוי שנעל ווי דו האָסט
מיך אריינגעקריגען אין דיינע הענד, ווי נור איך בין געוואָרען
דיין פריינדין, דיין לעבענס בעגלייטערין, בעדייט זיך צו דיר צו־
צובינדען, אַלעס צו פערגעסען און א טרייע, ליעבענדע פרוי
צו ווערען, ביזטו אייפערזיכטיג געוואָרען, אייפערזיכטיג ווי קיין
אנדער מאַן אין דער וועלט. ווי א שפּיאָן האָסטו מיך געהיט,
פערפאָלגט מיט דער דאָזיגער אייפערזוכט דיינער, וועלכע האָט
דיך אַליין ערנידעריגט, קליין געמאכט און מיך טיעף בעליידיגט.
עס זיינען נאָך ניט אװעק קיין אכט מאָנאטען נאָך אונזער חתונה,
ווי דו האָסט מיר שוין חושד געווען אין די נידעריגסטע געמיינ־
הייטען. דו האָסט זיך אפילו ניט געשעהמט מיר דאָס אָפען ארויס־
צוזאָגען... אזוי ווי עס איז ניט געווען אין דיין מאכט צו שטערען
מיר זיין שען, צו געפעלען, און ווייל דו האָסט ניט געקענט פער־
וועהרען אין די סאַלאָנען און די צייטונגען צו בעטראַכטען מיך
אַלס איינע פון די שענסטע פרויען אין פּאריז, האָסטו גענומען
אויסטראכטען אנדערע מיטעל, ווי אָבצוהיטען מיך פון פערעהר־
רער. דיר איז איינגעפאַלען יענע נידערטרעכטיגע אידעע מיך
צו צווינגען מיין גאַנץ לעבען פערברייננגען אין שוואַנגערשאַפט,
ביז איך וועל ווערען מיאוס און אַלט און וועל אויפהערען צו
געפעלען די מענער. לייקען דאָס ניט אָב!... א צייט לאַנג האָב
איך עס ניט פערשטאַנען, שפּעטער ערשט האָב איך זיך גע־
כאַפּט! דו האָסט זיך דערמיט זאָגאַר בעריהמט פאַר דיין שוועס־
טער, אָבער זי האָט עס מיר איבערגעגעבען, ווייל זי האָט מיך
ליעב און ווייל זי איז אויסער זיך פון דיין פויערשער גראָבקייט.

אַך, דערמאָן זיך נאָר אָן אַלע אונזערע קריגערייען, אָן
די אויפגעבראָכענע טירען! וואָס פאַר א לעבען האָסטו מיך גע־
צוואונגען צו פיהרען אין פערלויף פון די גאַנצע עלף יאָהר! —
דאָס לעבען פון א פיה, וועלכע ווערט געהאַלטען אין שטאַל נור
אויף צו קעלבען זיך... — ווי נור איך בין שוואַנגער געוואָרען,
בין איך דיר גלייך געווען איבערדריסיג, מיאוס און איך האָב

דיך גאַנצע מאָנאַטען לאַנג אין די אויגען ניט אָנגעזעהן. מיך האָט מען דאַן אַוועקגעשיקט אין דאָרף, אין דעם פאַמיליען־שלאָס, אויף די פעלדער, אויף די לאָנקעס — אויסצוטראָגען דאָס קינד. און ווען איך האָב זיך ווידער אין דער געזעלשאַפט בעוויזען שען, פריש, בליהענד, אימער נאָך רייצענד און פער־פיהרעריש, האָפענדיג, אַז ענדליך וועל איך אימשטאַנד זיין צו פיהרען דאָס לעבען פון אַ רייכער, וועלטליכער דאַמע, דאַן האָט דיך ווידער אָנגעכאַפּט די אייפערזוכט און דו האָסט מיך ווידער גענומען פערפאָלגען מיט דיין פייגער און העסליכער ליעבע, פון וועלכער דו ליידעסט אויך אין דער דאָזיגער מינוט, זיצענדיג דאָ נעבען מיר. דיין געפיהל צו מיר איז ניט קיין ליעבע, עס איז ניט אַ פערלאַנג מיך צו בעזיצען — דאָס וואָלט איך דיר קיין מאָל ניט ענטזאַגט — עס איז נור אַ וואונש מיין שעהנהייט צו צושטע־רען, מיך העסליך צו מאַכען!

דאַן איז געקומען נאָך עפּעס אַ נידערטרעכטיגע און אונ־פערשטענדליכע זאַך, איבער וועלכער איך האָב זיך אַ לאַנגע צייט דעם קאָפּ געבראָכען. איצט אָבער פערשטעה איך דיך, איך פער־שטעה אַלע דיינע האַנדלונגען, אַלע דיינע געדאַנקען. דו האָסט זיך צוגעבונדען צו די קינדער אויס דאַנקבאַרקייט, ווייל זיי האָ־בען דיר גאַראַנטירט מיין טרייהייט און דיין רוה, כל זמן איך האָב זיי אונטער מיין הארצען געטראָגען. דו האָסט זיי ליעב געהאַט, ווייל זיי האָבען דיר דאָס פערגעניגען פערשאַפט מיך צו זעהן אַ שוואַנגערע. דאָס איז ביי דיר אימער געווען די העכסטע פרייד.

אָך, ווי אָפט האָב איך געפיהלט אין דיר די דאָזיגע פרייד, וויפיעל מאָל האָב איך עס אין דיינע אויגען געלעזען. דו האָסט ליעב דיינע קינדער ניט ווי דיין פלייש און בלוט, נור ווי דיין זיעג איבער מיר; דיין זיעג איבער מיר, איבער מיין יוגענד, מיין שענהייט, מיין רייץ; דיין זיעג איבער די קאָמפּלימענטען, וואָס האָבען זיך אויף מיר געשאָטען און איבער די פריינדליכקייטען, וואָס מען האָט פון מיר שטילערהייד צווישען זיך גערעדט. דו שטאָלצירסט מיט די קינדער; ווייזט זיי ארוים פאר דער וועלט,

פיהרסט זיי ארום איבער׳ן בולאָנער וואלד, לאָזט זיי רייטען אויף עזלען איבער מאָנטמאַראנס. דו שלעפּסט זיי ארום מיט זיך צו מאטינעעס אין טעאטער, אום מען זאָל דיך זעהן מיט זיי אין איינעם און מען זאָל זאָגען: „אָט דאָס איז א גוטער פאָטער!“..

מיט א ווילדען כעס האָט ער זי א כאַפּ געטהאָן ביי דער האנד און גענומען דריקען אזוי פעסט, דאָס זי האָט מעהר ניט געקענט ריידען פאר וועהטאָג און איז אנשוויגען געוואָרען.

דאן האָט ער גאַנץ שטיל ארויסגערעדט:

— איך האָב ליעב מיינע קינדער, דו הערסט! דאָס וואָס דו האָסט מיר איצט געזאָגט איז א שאנד פאר א מוטער. אָבער דו געהערסט צו מיר, איך בין דער בעל הבית, דיין בעל הבית. איך קען פון דיר פערלאנגען, וואָס איך וויל, ווען איך וויל... און דאָס געזעץ איז אויף מיין זייט.

ער האָט געוואָלט צוקוועטשען איהרע פינגער, דריקענדיג זיי מיט זיין גרויסער, שטארקער האנד, ווי מיט צוואנגען. זי איז געוועזן בלייך פאר וועהטאָג און האָט זיך אומזיסט געמאטערט צו בעפרייען איהר האנד פון זיין אייזערנעם דרוק; זי האָט שווער געאָטהעמט און איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען.

— אָט זעהסטו, אז איך בין דער הערר — האָט ער געזאָגט — איך בין דער שטארקערער.

ער האָט איהר האנד אביסעלע אָבגעלאָזט. זי האָט געפרעגט:

— האלטסטו מיך פאר א רעליגיעזע?

ער האָט ארויסגעשטאמעלט א פערוואונדעטער:

— געוויס.

— דענקסטו, אז איך גלויב אין גאָט?

— געוויס.

— דענקסטו, אז איך זאָל קענען ליינגען, ווען איך זאָל שווערען פאר אן אלטאר, וואו עס געפינט זיך דער קערפּער פון גאָט?

— ניין.

— ווילסטו מיט מיר געהן אין א קירכע?

— צו וואָס ?
— דו וועסט שוין זעהן. ווילסטו ?
— אויב עס איז נויטיג, גוט.
זי האָט אַ געשריי געטהאָן אין דער הויך :
— פיליפ !

דער קוטשער האָט איינגעבוינט אַביסעל דעם קאָפּ, ניט אַראָבנעהמענדיג די אויגען פון די פערד, ווי ער וואָלט נור מיט דעם אויער זיך צו זיין הערין אומגעקעהרט. און זי האָט געזאָגט :

— פאָהרט צו דער קירכע סענט־פיליפּ !

דער קויטש, וועלכער איז שוין כמעט אריינגעפאָהרען אין די טויערען פון בולאָנער וואַלד, האָט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין פּאַריז.

פאָהרענדיג צוריק, האָבען מאַן און פרוי ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. דערנאָך, ווען די קארעטע האָט זיך אָבגעשטעלט ביים ארייננאַנג אין קירכע, איז גרעפין ארויסגעשפּרונגען און אריין אינעווייניג. דער גראַף האָט איהר נאָכגעפאָלגט אַ פּאָאָר טריט פון ווייטען.

ניט אָבשטעלענדיג זיך איז זי צוגעגאַנגען ביז צו די שטאַ־כעטען, וואָס טהיילען אָב דעם כאָר, איז געפאַלען אויף די קניע און, פארשטעלענדיג דעם פּנים מיטביידע הענד, האָט זי גענומען בעטען. זי האָט געבעטען לאַנג, לאַנג און דער גראַף, וועלכער איז געשטאַנען הינטער איהר, האָט ענדליך בעמערקט, אז זי וויינט. זי האָט געוויינט אין דער שטיל, ווי עס וויינען פרויען אין אַ מאָמענט פון שאַרפען אונערטרעגליכען וועהטאָג. איבער איהר גאַנצען לייב איז דורכגעלאָפען אַ ציטערען, פון הארצען האָבען זיך געריסען שטילע שלוכצען, וועלכע זיינען דערשטיקט געוואָרען מיט די פינגער פון איהרע הענד.

דעם גראַף האָט זיך אויסגעוויזען, אַז די געשיכטע געדויערט צו לאַנג און ער האָט ארויפגעלעגט די האַנד אויף איהר אַקסעל.

פון דער ראַזינער בעריהרונג האָט זי זיך אַ טרייסעל געטהאָן, ווי פון אַ ברען, האָט זיך אויפגעהויבען און אַ קוק געטהאָן איהם

גלייך אין די אויגען אריין, דאַן האָט זי שטיל און ערנסט ארויס־
גערעדט :

— איצט הער אויס, וואָס איך האָב דיר צו זאָגען. איך
האָב פאר קיין זאַך קיין מורא ניט. דו קענסט טהאָן וואָס דו
ווילסט, קענסט מיך אפילו טויטען, אויב דו ווילסט. איינס פון
דיינע קינדער, נור איינס, געהערט ניט צו דיר. דאָס שווער איך
דיר פאר גאָט, וועלכער הערט מיך דאָ אצונד. דאָס איז געווען
די איינציגע ראכע, וואָס איך האָב געקענט פון דיר נעהמען פאר
דיין נידערטרעכטיגער טיראַניי, פאר דער צוואנגס־ארבייט, וואָס
דו האָסט אויף מיר ארויפגעלייגט צו האָבען קינדער... ווער איז
געווען מיין געליעבטער, וועסטו קיין מאָל ניט וויסען. דו קענסט
חושד זיין די גאנצע וועלט, איהם וועסטו אָבער ניט אויסגעפינען.
אָהן ליעבע, אָהן הינרייסונג האָב איך זיך צו איהם איבערגעגע־
בען, נור אבי דיך צו בעטריגען. און אויך ער האָט מיך פאר א
מוטער געמאכט... וועלכע איז זיין קינד ? דאָס וועל איך דיר
קיין מאָל ניט זאָגען. איך האָב זיעבען, אלזאָ געה טרעף ! איך
האָב דאָס דיר געוואָלט אויסזאָגען, אָבער ערשט אין אַ צייט
ארום ; נעהמען ראכע אָן א מאַן דערמיט, וואָס מען בעטריגט
איהם מיט אַן אנדערען, קען מען נאָר דאַן, ווען ער וויים דערפון.
דו האָסט מיך געצוואונגען, איך זאָל דאָס דיר היינט אויסזאָגען.
גוט, איך האָב עס געטהאָן. איצט בין איך פערטיג.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן דורך דער קירכע צו דער טיר,
וואָס האָט געפיהרט אין גאַס ארויס, מורא האָבענדיג, אז הינטער
איהר וועלען זיך באַלד דערהערען די איילינגע טריט פון איהר
בעליידיגטען, צורייצטען מאַן, און אז זי וועט פאַלען אויף דעם
אספאַלט אונטער די שווערע קלעפּ פון זיינע פויסטען.

זי האָט אָבער גאָרנישט געהערט, איז צוגעלאָפען צו איהר
קויטש, מיט איין שפרונג אריין אינעווייניג און, ציטערענדיג פאר
שרעק, טרייסלענדיג זיך פון אויפרעגונג, האט זי א געשריי געטהאָן
צום קוטשער : — אהיים !

די פערד האָבען זיך אַ טראָג געטהאָן אין שנעלען גאלאָפּ.

.2

פערשפּאַרט אין איהר צימער, האָט די גרעפין דע מאַסקאַרע געוואַרט אויף דער מיטאָגסשטונדע, ווי אַ צום טויט פעראורטייל־טער אויף זיין הינריכטונג. וואָס וועט טהאָן איהר מאַן? האָט ער זיך אומגעקעהרט אהיים? ווי וועט ער איצט האַנדלען, ער, דער טיראַן, דער בייזער, צוקאָכטער מאַן, וועלכער איז פעהיג אויף יעדער גוואַלטהאַט? וואָס האָט ער אויסגעטראַכט, וואָס האָט ער פאַרבערייטעט? וואָס בעשלאָסען? אין גאַנצען הויז איז געווען שטיל, קיין פּאַרע האָט זיך פון ערגעץ ניט געהערט, און זי האָט אַלע מינוט געקוקט אויף די ווייזערס פון איהר זייגער'ל. דאָס דיענסטמיידעל איז געקומען איהר העלפען אָנטהאָן זיך צום מיטאָג, דערנאָך איז זי ווידער אוועק.

דער זייגער האָט געשלאָגען אַכט און גלייך נאָכדעם האָט מען צוויי מאָל אָנגעקלאַפּט אין איהר טיר.

זי האָט געזאָגט:

— אריין!

עס האָט זיך בעוויזען אַ דיענער און געמעלדעט:

— דער טיש איז סערווירט, פרוי גרעפין!

— איז דער גראַף אהיים געקומען?

— יאַ, פרוי גרעפין, דער גראַף איז אין עס־צימער.

אויף אַ מאָמענט איז איהר געקומען דער געדאַנק מיטצו־נעהמען מיט זיך דעם קליינעם רעוואָלווער, וועלכען זי האָט גע־קויפט מיט אַ צייט צוריק, פאָראויסזעהענדיג די דראַמאַ, וואָס וועט זיך ביי זיי אָבשפּיעלען.

אָבער זי האָט זיך דערמאָהנט, אַז אַלע קינדער וועלען דאָרט זיין פערקליבען און האָט נור גענומען אַ פלעשעלע מיט חלשות־טראָפּענס.

ווען זי איז אריין אין עס־צימער, איז איהר מאַן געשטאַנען הינטער'ן ווענטעל פון זיין שטול און האָט געוואַרט. זיי האָבען אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ איינער צום אַנדער'ן, און זיך געזעצט. נאָך זיי האָבען זיך געזעצט די קינדער. די דריי זיהן מיט זייער ערציהער דעם אַבבע (פּריסטער) מאַרען האָבען זיך געזעצט

רעבטס פון דער מוטער, די דריי מיידלאַך מיט זייער ענגלישער גובערנאַנטין מיס סמיטה, לינקס. דאָס אינגסטע דריי־מאָנאַט־אַלטע קינד איז געבליבען מיט דער אַם אין איהר צימער.

די דריי בלאָנדע מיידעלאַך, פון וועלכע די עלטסטע איז צעהן יאָהר אַלט געווען, האָבען געטראָגען בלויע קליידער מיט שמאָלע, ווייסע שפּיצען און האָבען אויסגעזעהן ווי שענע ליאַל־קעס. די אינגסטע פון זיי איז נאָך ניט אַלט געווען קיין דריי־יאָהר. אַלע שענינקע, האָבען זיי פערשפּראָכען צו ווערען אמת׳ע שענהייטען, ווי זייער מוטער.

די דריי זיהן, צוויי העלערע, און דער עלטסטער, ניין יאָהר, אַ ברונעט, האָבען אויסגעזעהען אַזוי, אַז מען האָט שוין געקענט דערקענען אַז זיי וועלען אויסוואַקסען הויכע, גרויסע, שטאַרקע מענער. די גאַנצע פאַמיליע האָט געשיינט צו זיין פון איין בלוט, געזונד און לעבעדיג.

דער אבבע האָט ווי אימער, ווען עס זיינען ניט געווען קיין געסט, געזאָגט אַ קורצעס געבעט. אין דער אַנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען זיינען די קינדער קיינמאָל ניט געקומען צום טיש. דערנאָך האָבען זיך אַלע גענומען צום עסען.

די גרעפין, זעהר אָן אויפגערעגטע, איז געזעסען מיט אַרונ־טערגעלאָזטע אויגען, ווערהענד דער גראַף האָט אונזיכער און מיט אַ בענקעניש געקוקט דאָ אויף די אינגלאַך און דאָ אויף די מייד־לאַך, לויפענדיג מיט זיין בליק פון איין קעפּעל אויף דער צוויי־טער. פּלוצים האָט ער צובראָכען זיין גלאָז, אָוועקשטעלענדיג עס צוריק אויפ׳ן טיש, און דער רויטער וויין האָט זיך איבער׳ן וויי־סען טישטוך צוגאָסען. פון דעם געקויש, וואָס דער דאָזיגער קליי־נער צופאַל האָט אַרויסגערופען, האָט זיך די גרעפין אַ צאַפּעל געטהאָן און איז אויפגעשפּרונגען פון איהר אָרט. צום ערשטען מאָל האָבען זיי אַ קוק געטהאָן איינער אויפ׳ן צווייטען, און פון דעמאָלט אָן, טראָץ דעם שאַרפען ווערהטאָג, וואָס עס האָט זיי ביידען פערשאַפט, האָבען זיך זייערע בליקען געגען זייער ווילען יעדע ווייליע בעגעגענט און איינער דעם אנדערן ווי מיט שאַרפע שפּיזען דורכגעשטאָכען.

דער אבבע האָט געפיהלט, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט און געזוכט צו פערבינדען אַ געשפּרעך. ער האָט בעריהרט פערשיע־דענע טעמאַס, אָבער אומזיסט איז געווען זיין מיהע.

די גרעפין, אַלס אַ גוט־ערצויגענע, העפליכע דאַמע, האָט אַ פּאָאַר מאָל פּרובירט איהם ענטפערן; אָבער עס האָט ניט גע־האָלפען. אין איהר אויפגערעגטען און צומישטען צושטאַנד האָט זי ניט געפונען קיין ווערטער, און דער קלאַנג פון איהר אייגענער שטימע אין דעם ראָזיגען גרויסען, שטילען זאַאַל, וואו עס האָט זיך נור געהערט אַ לייכטער קלאַנג פון זילבער און גאָלד געשיר, האָט זי געשראָקען.

פּלוצים האָט זיך איהר מאַן אויסגעבויגען צו איהר און גע־פרעגט:

— שווערסטו מיר דאָ, אין דער אַנוועזענהייט פון דיינע קינדער, אז דאָס, וואָס דו האָסט מיר היינט געזאָגט, איז אמת?

דער גאַנצער האַסס, וואָס האָט געקאָכט אין איהרע אָדערען, האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבען אין איהר און זי האָט עס ניט בעהאַלטען. זי האָט איהם אַנגעקוקט שאַרף, האָט אויפגעהויבען ביידע הענד, די רעכטע אין דער ריכטונג פון איהרע זיהנס קעפּ, די לינקע אין דער ריכטונג פון די טעכטער און דאַן האָט זי ארויסגערעדט מיט אַן ענטשלאָסענעם, פעסטען און זיכערען קול:

— איבער די קעפּ פון מיינע קינדער שווער איך, אז איך האָב דיר געזאָגט דעם אמת.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, אַ וואָרף געטהאָן מיט פּער־צווייפלונג די סערוועטקע אויף'ן טיש, זיך אומגעקעהרט, אַ שלײ־דער געטהאָן זיין שטול אָן וואַנט, און ניט ריידענדיג אַ וואָרט, איז ער ארויס פון'ם צימער.

זי האָט שווער אָבגעאָטהעמט, ווי נאָך אַ געוואונענעם זיעג און געזאָגט מיט אַ רוהיגער שטימע:

— בעאונרוהיגט זיך ניט, מיינע ליעבע קינדער, אייער פאָטער האָט היינט איבערגעלעבט אַ גרויסען קומער, און ער איז נאָך זעהר טרויעריג. אין אַ פּאָאַר טעג ארום וועט ער קומען צו זיך.

דאַן האָט זי אַ ווײַלע גערעדט מיט דעם אבבע, גערעדט מיט מיסס סמיטה, אַלע איהרע קינדער אַ גוט וואָרט געזאָגט, געמאַכט צו זיי יענע ליעבע חן'דעלאַך, וועלכע אַלע קינדער האָבען אזוי ליעב צו הערען און די מוטערס צו זאָגען.

נאָך'ן עסען איז זי מיט דער גאַנצער פאַמיליע אריבערגעגאַנגען אין גאַסט־צימער. דאָרט האָט זי אויסגעהערט די פּלוידערייען פון די עלטערע און דערצעהלט מעשיות די אינגערע קינדער. און ווען עס איז געקומען די צייט צו געהן צו בעט, האָט זי זיי גוט אָנגעקושט און געשיקט זיי שלאָפען. דערנאָך איז זי אַליין אוועק צו זיך אין צימער.

זי האָט געוואַרט, זי איז זיכער געווען, אַז איהר מאַן וועט קומען. ווי נור די קינדער זיינען געווען ווייט פון איהר, האָט זי זיך ענטשלאָסען צו פערטהיידיגען איהר שענעם פרויען קערפּער, אזוי ווי זי האָט פערטהיידיגט איהר עקזיסטענץ אַלס וועלטדאַמע, און זי האָט בעהאַלטען אין קלייד דעם קליינעם, געלאָדענעם רעוואָלווער, וועלכען זי האָט מיט אַ פּאָאר טעג פריהער געקויפט.

שטונדען זיינען אוועק, דער זייגער האָט געשלאָגען. יעדער גערויש אין דעם הויז איז פערשטאָרבען געוואָרען. פון צייט צו צייט האָט זיך נור דערטראָגען פון גאַס אַ ניט קלאָהרער, ווייטער קלאַפּען פון קאַרעטען איבער די שטיינער פון ברוק.

זי האָט געוואַרט אויף איהם ענטשלאָסען, נערוועז, אָבער שוין אָהן מורא, אויף אַלסדינג בערייט און כמעט טריאומפירענדיג, וואָס זי האָט אויסגעפונען פאַר איהם אזא שטראָף, פון וועלכער ער וועט ליידען זיין גאַנצען לעבען לאַנג.

די ערשטע שטראַהלען פון טאָג האָבען זיך דורך די ארונטערגעלאָזענע פּאָרהאַנגען אין צימער אריינגעריסען און איהר מאַן איז נאָך אַלץ ניט געקומען. דאַן ערשט האָט זי פערשטאַנען, אַז ער וועט שוין מעהר ניט קומען. פערשפּאַרענדיג די טיר אויף'ן שלאָס און אראָבלאָזענדיג דעם ריעגעל, וועלכען זי אַליין האָט געהייסען אָנשלאָגען, האָט זי זיך געלעגט אין בעט און איז אזוי אָבגעלעגען די גאַנצע צייט מיט אָפענע אויגען, זיך צוברעכענדיג

דעם קאָפּ טראַכטענדיג, וועלענדיג טרעפען און ניט בעגרייפענדיג, וואָס אזוינס איהר מאַן וועט איצט טהאָן, אויף וואָס ער וועט זיך בעשליסען.

ווען דאָס קאמער־מיידעל האָט איהר געבראַכט טהעע, האָט זי איהר איבערגעגעבען א בריעף פון גראף. אין דעם דאָזיגען בריעף האָט ער געשריבען, אז ער פאָהרט אוועק אויף א לאַנגער רייזע און אז זיין נאָטאריאוס וועט איהר געבען אלע נויטיגע סומען געלד, וואָס זי וועט דארפען אויף איהרע אויסגאַבען.

## 3.

דאָס איז געוועזען אין דער אָפּערא צווישען די אקטען פון „ראָבערט דער טייפעל“. אין אָרקעסטער זיינען געשטאַנען די הערן מיט די צילינדערס אויף די קעפּ, מיט די ברייט אויס־געשניטענע וועסטען פון וועלכע עס האָבען ארויסגעלויכטען די בלענדענד־ווייסע העמדער מיט די גאָלדענע און בריליאַנטענע שפּאָנקעס אויף זיי. זיי האָבען געקוקט אויף די לאָזשען, וואו עס זיינען געזעסען די דאמען אין אויסגעשניטענע קליידער מיט דימענטען און פּערל בעפּוצט. ווי בליהענדע בלומען האָבען זיי אויסגעזעהן אין דעם דאָזיגען גרויסען, העל־בעלויכטענעם, וואַ־רעמען זאאַל, וואו זייערע שענע פּנים׳ער און דער בלענדענדער גלאַנץ פון זייערע שולטערן האָבען אויסגעזעהן ווי בעשאָפען פאר די הייסע בליקען, וואָס די מענער האָבען, צווישען די טענער פון מוזיק און געזאַנג, אויף זיי געוואָרפען.

שטעהענדיג מיט׳ן רוקען צום אָרקעסטער און ריידענדיג צווישען זיך, האָבען צוויי פריינד בעטראַכט דורך א אָפּערא־גלאָז די גאַנצע גאַלערעע פון עלעגאַנץ, די דאָזיגע אויסשטעלונג פון אמת׳ער אָדער געמאַכטער שענקייט, פון עדעלשטיינער, לוק־סוס און אויפגעבלאָזענקייט, וועלכע האָט, ווי א האַלבער רינג, ארומגעכאַפּט דעם גרויסען זאאַל פון טהעאַטער.

איינער פון זיי, ראזשער־דע־סאלען, האָט געזאָגט צו זיין פריינד בערנאַרד גראַנדין:

— טהו א קוק אויף דער גרעפין דע־מאסקארע, זעה ווי־
שען זי איז נאָך.

דער אנדערער האָט דורך זיין אָפּערא־גלאָז גענומען בעטראַכ־
טען, אין איינער פון די פאָדערשטע לאָזשען, א הויכע, נאָך יונגע
פרוי, וועמעס אויפפאלענדיגע שענהייט האָט געצויגען אויף זיך
די בליקען פון אלע עקען טהעאַטער. איהר בלייכער, עלעפאַנט־
פארביגער פנים האָט איהר צוגעגעבען דעם אויסזעהן פון א סטאַ־
טוע; אין איהרע האָאר, שווארצע ווי די נאכט, האָט געבליסטשעט
א דיאַדעם אין דער פאָרמע פון א רעגענבויגען, ווי די מילך־
שטראסע אויף'ן הימעל.

בעטראכט זי א געוויסע צייט, האָט בערנארד געענטפערט
מיט איבערצייגונג אין קול:

— יאָ, מען מוז צוגעבען, זי איז זעהר שען. ווי אלט קען
זי זיין?

— ווארט א וויילינקע. איך וועל דאָס דיר זאָגען גאַנץ גע־
נוי. איך קען זי פון קינדוויז אויף און האָב געזעהן, ווי זי איז
צום ערשטען מאָל אין דער געזעלשאפט אריין. זי איז איצט...
א יאָהר דרייסיג... דרייסיג... זעקס און דרייסיג.

— עס קען ניט זיין!

— דאָס איז גאַנץ זיכער.

— דאָס לאָזט זיך גאָר ניט גלויבען!

— און זי האָט געהאט זיעבען קינדער.

— זי זעהט אויס ווי א יאָהר פיפנאונצוואנציג.

— אלע איהרע קינדער לעבען און זי אליין איז אַן אויס־
געצייכענטע מוטער. איך קום דאָרטען אריין. ביי זיי איז זעהר
א פיינע הויז, א רוהיגע, א שטילע. דיעזע פרוי ווייזט א מערק־
ווירדיגען ביישפיעל, ווי אזוי צו זיין אי וועלט־דאמע אי מוטער
אין דער אייגענער צייט.

— דאָס איז אָריגינעל. און פון איהר האָט מען קיין מאָל
גאָרנישט געהערט?

— קיין מאָל ניט.

— נו, און איהר מאַן? ער איז עפּעס אַ זאָנדערלינג, ניט אמת?

— יאַ און ניין. עס קאָן זיין, אַז צווישען זיי האָט פּאַסירט עפּעס אַ קליינע דראַמאַ, איינע פון יענע פאַמיליען־דראַמען, אויף וועלכע מען קען זיך נור אָנשטויסען, אָבער פון וועלכע מען קען קיינמאָל אויף זיכער ניט וויסען אין וואָס זיי בעשטעהען.

— וואָס אַזוינס האָט דאָרט געקאָנט פּאַסירען?

— איך ווייס ניט. מאַסקאַרע איז היינט צו טאָג אַ לעבע־מאַן, בעת פריהער איז ער געווען אַן אויסגעצייכענטער פאַמיליע־מאַן. אַזוי לאַנג ווי ער איז געווען אַ געטרייער מאַן, האָט ער געהאַט אַן אונאויסשטעהליכען כאַראַקטער, בייז, אויפגערעגט, אונאַנגענעהם; פון דער צייט אָן, וואָס ער האָט גענומען הולטאַ־יעווען, איז ער געוואָרען גלייכגילטיג צו אַלסדינג, אָבער עס זעהט אויס, ווי עפּעס וואָלט איהם געמאַטערט, ווי ער וואָלט עפּעס אַ קומער געהאַט, וועלכער גריזשעט און פּלאָגט איהם און פערקירצט איהם די יאָהרען. ער איז אין אַ קורצער צייט זעהר אַלט געוואָרען.

דאָ האָבען ביידע פריינד אַ ווײַלע פילאָזאָפירט איבער די געהיימע און פערשוויגענע ליידען, וואָס ווערען מאַנכעס מאָל אַרויסגערופען אין פאַמיליעס דורך אונגלייכהייט פון כאַראַקטער, אָדער דורך פיזישער אָבנייגונג, וואָס מען האָט פריהער גאָרנישט בעמערקט.

ראָזשער דע סאַלען, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו קור־קען אויף דער גרעפין דע־מאַסקאַרע, האָט נאָך אַמאָל געזאָגט:

— עס לאָזט זיך גאָר ניט גלויבען, אַז אַזאַ פרוי האָט גע־האַט זיעבען קינדער.

— יאָ, אין עלף יאָהר צייט. דאַן, ווען זי איז געוואָרען דרייסיג יאָהר אַלט, האָט זי אויפגעהערט צו האָבען קינדער און איז געוואָרען אַ וועלט־דאַמע און דאָס וועט זי בלייבען נאָך אַ גאַנץ לאַנגע צייט.

— אָרימע פרויען!

— פאַרוואָס בעדויערסטו זיי?

— פארוואָס ? אך, ליעבער פריינד, טהו אָקאָרשט א טראכט! עלף לאנגע יאָהרען פון שוואנגערשאַפט פאר אזא פרוי ווי די דאָזיגע, דאָס מוז דאָך זיין ערגער ווי דער גיהנום ! די גאנצע יוגענד, די שענהייט, אלע האָפענונגען אויף ערפאָלג, אלע פּאָ־עטישע טרוימען פון א גלענצענדען לעבען — אלעס, אלעס ווערט אויפגעאָפּפּערט צו דעם העסליכען געזעץ צו ווערען מוטער, וועל־כער פערוואנדעלט א נאָרמאלע פרוי אין אן איינפאכער קינדער־מאשין.

— אָט אזוי איז שוין די נאטור !

— יא, דאָס איז אמת. אָבער איך זאָג, די נאַטור איז אונזער פיינד. מיר מוזען שטענדיג קעמפּפען געגען דער נאטור, אז ניט שלעפּט זי אונז צוריק צו דער מדרגה פון א פיה.

אלץ וואָס איז עלעגאנט, שען, אינטערעסאנט אויף אונזער ערד איז געשאפען געוואָרען ניט פון דער נאטור, נור פון מענשען און פון דעם מענשליכען מארך. מיר האָבען אריינגעטראָגען אין'ם לעבען — מיט דעם וואָס מיר בעזינגען איהם אלס פּאָעטען, אידעאליזירען איהם אלס שווערמער און טרוימער, פערהערליכען איהם אלס קינסטלער, ערקלעהרען אלס דיינקער און פילאָזאָפען, וועלכע קענען אפילו אמאָל א טעות האָבען, די טיעפע סודות פון דער נאטורס ערשיינונגען — מיט דעם אלעמען האָבען מיר אריינגעטראָגען א געוויסע גראציע, שענקייט, א געהיימען און וואונדערבארען רייץ אין'ם לעבען. די נאטור האָט נור בעשאַפען די פּרימיטיווע, פערגרעבטע בעשעפענישען, פול מיט זוימען פון פערשיעדענע קראנקהייטען, וועלכע נאָך עטליכע יאָהרען פון א ריין טיערישען לעבען ווערען קראנק און אלט און שוואך. זי האָט זיי, ווי עס שיינט, נור געשאַפען, אום זיי זאָלען אויף א שמוציגען אופן זיך מעהרען און פרוכפּערען און דאן שטארבען, ווי די איין־טאָג־אלטע פליגען אין די זומערדיגע אבענדען. איך האָב געזאָגט „אויף א שמוציגען אופן זיך מעהרען און פרוכפּע־רען", און דאָס מיין איך טאקי. און, באמת, קאן דען זיין עפּעס ניעדעריגער, אָפּשטויסענדער, ווי דער דאָזיגער שמוציגער און לעבערליכער אקט פון פּראָדוצירען לעבעדיגע נפשות, וועלכער

ענטריסטעט און וועט אַלע מאָל ענטריסטען אַלע פיין־פּיהלענדע זעעלען? אזוי ווי אַלע אָרגאַנען, וואָס די דאָזיגע שפּאָרזאַמע און שלעכט־מיינענדיגע נאַטור, האָט בעשאַפען, האָבען צו ערפי־לען אַ דאָפּעלטען צוועק, ווארום האָט זי דען ניט אויסגעוועהלט אנדערע, ניט אַזוינע שמוציגע און בעשמוצענדיגע, אויף צו פער־טרויען די דאָזיגע הייליגע מיסיאָן, די שענסטע און ערהאבענסטע פון אַלע מענשליכע פונקציאָנען? דער מויל, וועלכער שפּייזט אויף דעם קערפּער מיט מאַטעריעלער נאַהרונג, פערשפּרייט אויך ווערטער און געדאַנקען, דער גוף לעבט דורך איהם און דורך איהם קריגען די געדאַנקען לעבען. די לופט, וועלכע מיר אָטהע־מען איין מיט די לונגען, גיעט איבער אויף אונזערע געהירען אַלע אַראָמאַטען פון אונזער וועלט: דעם אַראָמאַט פון בלומען, פון וועלדער, פון בוימער, פון ים. דאָס אויער, וואָס העלפט אונז צו פערקעהרען מיט אונזערע מיט־מענשען, האָט אונז אויך מעגליך געמאַכט מוזיק צו ערפינדען, צו בעשאַפען מיט דער הילף פון טענער שענע טרוימען, גליק, געדאַנקען וועגען דער אייביגקייט און זאָגאַר פיזישען פערגעניגען. אָבער די פרעכע און צינישע נאַטור, זי, קען מען מיינען, האָט אויף אייביג געוואָלט פער־הינדערן די בעציהונגען פון דעם מענשען צו דער פרוי צו פער־שענערן, צו אידעאַליזירען און פערערעלערן. דאָך האָט דער מענש די ליעבע ערפונדען. ניט קיין שלעכטער ענטפער דער שפּאָטישער נאַטור. און ער האָט זי אזוי מיט פּאָעזיע ארומגעוועבט, דאָס די פרוי פערגעסט אָפט, צו וואָס פאר אַ בעציהונגען זי איז געצוואונ־גען. יענע פון אונז, וואָס זיינען פעהיג זיך צו פערבלענדען מיט אויפרעגונגען, האָבען אויסגעטראַכט דעם לאַסטער און די ראַפ־פינירטע אויסגעלאַסענקייט. ווידער אַן ארט, ווי צו פערשפּאָטען די נאַטור און די שענקייט צו פערהערליכען — אַ העסליכער, שענדליכער ארט פערהערליכונג. דען דער נאָרמאַלער מענש ברענגט קינדער אויף דער וועלט, פּונקט אזוי ווי אַ חיה, וועלכע איז דורכ׳; געזעץ צו דעם געצוואונגען.

קוק אָן די דאָזיגע פרוי! איז עס דען ניט אַ שרעק צו דענ־קען, אַז דער דאָזיגער טהייערער בריליאַנט, וואָס איז געבאָרען

געוואָרען שען צו זיין, בעוואונדערט און פערגעטערט צו ווערען, — איז גאַנצע עלף יאָהר פון איהר לעבען פערנומען געווען מיט טראָגען און געבוירען קינדער פאר דעם גראף מאקארע?

בערנארד גראנדען האָט זיך צולאכט און געענטפערט:

– פיעל אמת איז דאָ אין דיינע רייד; אָבער זעהר ווייניג מענשען ווילען דיך פערשטעהן.

סאלען האָט זיך נאָך מעהר צוהיצט:

— דו ווייסט, ווי איך שטעל מיר זיך פאָר די נאטור — האָט ער געזאָגט — ווי א גוואלדיגע שעפערישע קראפט, וועלכע קיינער פון אונז קען ניט, און וועלכע זייהט אין דעם וועלט־רוים מיליארדען פון לעבענס, אָט אזוי ווי א גוואלדיגער פיש, וואָס ווארפט אין דעם ים זיין רייגען (איקרע). זי שאפט, ווארום דאס איז איהר בערוף, איהר פונקציאָן. אָבער זי ווייסט ניט, וואָס זי טהוט, זי אהנט ניט, וואָס פון די אלע פערזייהטע זוימען וואקסט ארויס. דער מענשהייטס־געדאנק איז נור א גליקליכער צופאל צווישען אלע אנדערע צופעליגע שעפּפונגען איהרע, אַן אונערוואַרטעטער צופאל, א פּאַראיבערגעהענדיגער, וואָס איז פערהאורטהיילט צום אונטערגאנג צוזאמען מיט דעם ערד־קוגעל, אום פיליכט דאָ אָדער אנדערשוואו אויף דאָס ניי אָנצוהייבען אין דער אלטער אָדער א נייער פאָרמע, אין נייע קאָמבינאציאָנען פון די אייביגע בענייאונגען. אָט דעם דאָזיגען קליינעם צופעליגען פאקט האָבען מיר צו פערדאנקען, וואָס מיר פיהלען זיך שלעכט אויף דער וועלט, וועלכע איז ניט בעשאפען געוואָרען פאר אונז, וועלכע איז ניט איינגעריכטעט אויפצונעהמען, נעהרען און בעפריעדיגען אונז, דענקענדיגע מענשען. איהם דארפען מיר אויך דאנקען, וואָס מיר קעמפפען נאָכאנאנד (ווען מיר זיינען באמת געבילדעטע, קולטורעלע מענשען) געגען דאָס, וואָס מען רופט די פאָרזעהונג.

גראנדען האָט אויפמערקזאם זיך צוגעהערט צו איהם. ער האָט שוין לאנג געקענט די מערקווירדיגע איינפעלע פון זיין פריינד'ס פאנטאזיע און ער האָט געפרעגט:

— הייסט עס, דו מיינסט, אז דער מענשליכער געדאנק איז

א צופעליגעס פּראָדוקט פון דער בלינדער געטליכער שאפונגס־קראַפט ?

— געוויס! אַ צופעליגע פונקציאָן פון די נערוון צענטרען פון אונזער מוח, ווי אונערווארטעטע כעמישע פּראָדוקטען דורך נייע מישונגען, ווי דאָס ארויסווייזען זיך פון עלעקטריציטעט דורך פלוצימדינגער בעריהרונג פון אַנדערע געגענשטענדען, קורץ, ווי אַלע ערשיינונגען, וואָס ווערען געשאַפען דורך דעם אונערמיעד־ליכען און נאָכאַנאַנדיגען וואַנדלען פון דער לעבענס־מאַטעריע.

אָבער, פריינד מיינער, די זאַך איז יעדען קלאָר, וועלכער קוקט נור מיט אָפענע אויגען ארום זיך. ווען דער מענשליכער געדאַנק וואָלט געווען געשאַפען פון אַ בעוואוסטזיניגען שעפּפער, וואָלט ער דען געוואָרען דאָס, וואָס ער איז געוואָרען, אַזוי פערשיע־דען פון דעם געדאַנקען פון אַ חיה, תמיד אויפגערעגט, געקוועלט, שטעלענדיג פאָדערונגען, זוכענדיג און פאָרשענדיג ? — איז דען די וועלט געשאַפען פאַר אויפצונעהמען אַזוינע נפשות, ווי מיר זיינען היינט צו טאָג ? — וואָלט דען די דאָזיגע וועלט געוואָרען יענער אונ־בעקוועמער קליינער טיער־פּאַרק, יענער סאַלאַט־פעלד, יענער געמיי־זע־גאַרטען, רונד און פעלזיג, אויף וועלכען אייער פאָרזעהונג האָט אונז בעשטימט נאַקעט אין הייהלען אָדער אונטער בוימער צו לעבען פון דעם פלייש פון געטויטעטע חיות, אונזערע ברידער, אָדער פון רויהע פעלד־פּרוכטען, וואָס זיינען געוואַקסען אונטער זונען־שיין און רעגען ?

מען דאַרף נאָר איין רגע אַ טראַכט טהאָן, אום צו איבער־צייגט ווערען, אַז די וועלט איז גאָר ניט בעשאַפען געוואָרען פאַר די מענשען.

בעטראַכט די דאָזיגע ערד, ווי גאָט האָט זי געשענקט יענע וואָס וואוינען אויף איהר. איז דען ניט קלאָר, אַז זי איז אין גאַנ־צען פאַר חיות געשאַפען, פערפלאַנצט און בעוואַלדעט ? וואָס איז אין איהר דאָ פאַר אונז ? גאָר נישט. און פאַר זיי, די חיות, אַלעס : הייהלען, ביימער, בלעטער, קוואַלען, נאַכט־געלעגערס, שפּייז און געטראַנק. דערפאַר פיהלען זיך אַזוינע עמפּפינדליכע מענשען, ווי איך, ניט גוט אויף דער ערד. בלויז יענע מענשען, וואָס

זיינען נאָהענט צו חיות, זיינען צופרידען און גליקליך. אָבער די אַנדערע, די טרוימער, די דיכטער, די מענשען מיט עדעלע סטרו־נעס, די זוכער, וואָס ווייסען פון קיין רוה?.. אַך, אונגליקליכע מענשען!

איך עס קרויט און מעהרען, צוויבעל, ריבען און רעטאַך, ווייל מיר האָבען געמוזט געוואוינט ווערען צו דעם און זאַגאר געפינען אין דעם אַ געשמאַק און ווייל קיין אַנדערע זאַכען וואַקסען ניט. אָבער דאָס איז דאָך אַ שפּייז פיר קראָליקעס און ציעגען, ווי גראָז פאר פערד און קיה. ווען איך זעה די רייפע קאָרענ־זאַנגען אויפ׳ן פעלד, צווייפעל איך ניט, אַז זיי זיינען געוואַקסען פיר די שנאָבעלס פון די לערכען און שפּערלינגס, אָבער בשום אופן ניט פאר מיין מויל. ווען איך קיי ברויט, אַלזאָ, בע׳גנב׳ע איך דערמיט די פייגעלעך, ווי איך בע׳גנב׳ע דעם פוקס און דאָס וויזעל, ווען איך עס היהנער. זיינען דען די טויב און דאָס ענטעל ניט דאָס נאַטירליכע שפּייז פון דעם ספּערבער (יאַסטרעב)? זיינען דען די שאָף, די ווילדע ציעג און דער אָקס ניט גיכער דאָס שפּייז פון די ווילדע חיות, ווי פאר אונז, מענשען, דאָס געבראָטענע פליייש, בעווירצט מיט טריפעלן?

ניין, מיין טהייערינקער, די חיות דאַרפען גאָר נישט טהאָן. אום דאָ אויף דער ערד צו לעבען. זיי זיינען ביי זיך אין דער־היים, זיי וואוינען אין זייער וואוינונג, אומעדום געפינען זיי אַ ווינקעל און נאַהרונג, אַלעס, וואָס זיי דאַרפען טהאָן, איז נור צו קייען און צו יעגערן, צו אויפפרעסען איינע די אַנדערע, יעדע נאָך איהרען אינסטינקט, דען די נאַטור האָט כמעט קיינמאָל ניט געדאַכט וועגען מילדקייט און פערפיינערטע זיטען. מיר אָבער, די מענשען, אוי וועה, אוי וועה, מיר מוזען ארבייטען, אָנשטרענ־גען זיך, געדולד האָבען, ערפאַהרונג, איינבילדונגס־קראַפט, אינ־דוסטריע, טאַלאַנט, זשעניע, אום דעם דאָזיגען מיט וואָרצלען בעוואַקסענעם פעלזען־באָדען צו מאַכען כאָטש וויפיעל־ניט־איז ערטרעגליך פאר אונז. בעדענק נור, פיעל מיר האָבען צוארבייט טראָץ און געגען דער נאַטור, ביז מיר האָבען זיך דאָ איינגעריכ־

מעט נישקשה'דיג, אביסעלע ריין, אביסעלע בעקוועם, א ביסעלע עלעגאנט.

און וואָס מעהר ציוויליזירט מיר זיינען, וואָס מעהר אינטע־ליגענט און עדעל מיר זיינען, דעסטאָ מעהר מוזען מיר דעם טיע־רישען אינסטינקט בעקעמפפען, דעם דאָזיגען אינסטינקט, אין וועלכען עס איז אויסגעדריקט נאטור'ס ווילען.

בערענק נור, מיר האָבען די גאנצע ציוויליזאציאָן געמוזט אויסטראכטען, אלעס, אלעס, וואָס אין איהר איז, פון א זאָק ביז דעם טעלעפאָן.

אום צו פערשענערן אונזער הינטיש לעבען, האָבען מיר ער־פונדען און אויסגעטראכט זאכען אָהן א צאָהל, האָבען מיר היי־זער אויפגעבויט, געשאפען פערשיעדענע נאשערייען, סאָאוסען, קאָנפעקטען, פאסטעטען, געטרענקען, ליקערס, שטאָפען, קליידונגס־שטיקער, ציערונגג, בעטטען, מאטראצען, עקיפאזשען, אייזענבאה־נען, מאשינען, און וואָס האָבען מיר ניט אויסגעטראכט? דערצו האָבען מיר די וויסענשאפטען און די קונסט, די פאָעזיע, די מוזיק, די מאלעריי געשאפען. אלסדינג, וואָס איז פאָעטיש און שען אין דעם לעבען, האָבען מיר בעשאפען; די טואלעטען פון די פרויען און די טאלענטען פון די מענער האָבען דאן אביסעלע פערשענערט אין אונזערע אויגען די נאקעטקייט, די איינטאָניגקייט און די הארטקייט פון דעם לעבען, אין וועלכען מיר האָבען פון דער נאטור איין איינציגען צוועק געהאט: צו פערפלאנצען ווייטערע דורות, צו מעהרען און פרוכפערען זיך.

בעטראכט נור דעם דאָזיגען טהעאטער. בעדייטעט עס ניט א גאנצע וועלט, וואָס מיר האָבען געשאפען און פון וועלכער די געטליכע פערזעהונג האָט ניט געוואוסט? וואָס נור אונזער פער־שטאנד האָט געקענט אויסטראכטען? א הערליכען, עדעלען, זינ־ליכען און אינטעליגענטנעם פערגעניגען, וואָס איז בעשאפען גע־וואָרען נור פיר און פון דער קליינער אונרוהיגער, אונצופרידענער חיה'לע, וואָס מען רופט מענש?

קוק אָן די דאָזיגע פרוי, די גרעפין מאסקארע. די נאטור האָט זי בעשאפען, אום זי זאָל נאקעט אָדער מיט א פעל בערעקט

לעבען ערגעץ אין אַ הייהל. איז איהר ניט בעסער אזוי? אגב, ווייסטו ניט, ווי אזוי און ווארום האָט איהר מאַן, האַבענדיג אזא פרוי און זייענדיג אזוי ווילד, צו לאָזען איהר ווערען זיעבען מאָל מוטער, האָט זי פלוצים פערלאָזען און אַנגעהויבען נאָכלויפען אויסגעלאסענע פרויען?

גראנדען האָט געענטפערט:

— טאקי, מיין פריינד, מסתמא האָט ער צולעצט איינגעזעהן, אז צו נעכטיגען שטענדיג אין דער־היים, קאָסט איהם צו טהייער. און דורך שפּאָרזאמקייט איז ער געקומען אויף די אייגענע גע־דאנקען, ווי דו אלס פילאָזאָף.

עס האָבען זיך דערהערט דריי קלעפּ פון דעם האמער, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אז דער לעצטער אקט פאנגט זיך אָן. די פריינד האָ־בען זיך אומגעדרעהט, ארונטערגענומען די היט און געזעצט זיך אויף זייערע פלעצער.

## 4.

גראף און גרעפין דע מאסקארע זיינען שווייגענדיג געזעסען זייט ביי זייט אין קויטש, פאָהרענדיג נאָך דער פאָרשטעלונג פון דער אָפּערא אהיים. פלוצים האָט דער מאַן געזאָגט צו זיין פרוי:

— גאבריעל!

— וואָס ווילסטו?

— דענקסטו ניט, אז ס'איז צייט צו מאכען אַ סוף דערצו?

— צו וואָס?

— צו די פורכטבארע קוואלען, וואָס דו האָסט אויף מיר ארויפגעלעגט שוין גאנצע זעקס יאָהר.

— איך קען דאָ גאָר נישט העלפען.

— זאָג מיר ענדליך אויס, וועלכעס קינד איז דאָס?

— קיין מאָל ניט.

— בעדענק אָבער, איך קען מעהר מיינע קינדער ניט אָנ־קוקען, איך קען זיי ניט זעהן ארום מיר אָהן דעם. אז מיין הארץ

זאָל ניט צוריסען ווערן פאר צווייפעל. זאָג מיר, וועלכעס דאָס איז און איך שווער דיר, אז איך וועל איהם פערצייהען און וועל איהם בעהאנדלען פונקט אזוי ווי די אנדערע קינדער.

— איך האָב דערצו קיין רעכט.

— זעהסטו דען ניט, אז איך בין מעהר ניט אימשטאנד אויסצוהאלטען דאָס דאָזיגע לעבען, אז דער דאָזיגער געדאנק האלט מיך אין איין גריזשען, אז די פראגע, וואָס איך שטעל מיר שטענדיג, קוקענדיג אויף די קינדער, די דאָזיגע פראגע קוועלט און פלאגט מיך אָהן א ברעג. איך פיהל, אז איך ווער דערפון משוגע.

זי האָט געפרעגט:

האָסטו דען אזוי פיעל געליטען?

— שרעקליך פיעל. אז ניט וואָלט איך דען איינגעווילליגט אויף אזא פלאָגעניש צו זיין מיט דיר אין איין הויז און צו פיהלען, צו וויסען, אז צווישען די קינדער געפינט זיך איינס, וואָס איז מיר פרעמד און וועלכעס שטערט צו ליעבען די איבעריגע קינדער.

זי האָט איבערגעפרעגט:

— האָסטו, הייסט עס, ווירקליך שטארק געליטען?

ער האָט געענטפערט ווידער אין דעם זעלבען טאָן, איינגעהאלטען און פול וועהטאָג:

— אָבער איך זאָג דאָך דיר יעדען טאָג, אז איך לייד שרעקליכע קוואלען. וואָלט איך דען צוריקגעקומען אין דעם דאָזיגען הויז, צו דיר, צו זיי, ווען איך וואָלט אייך ניט ליעב געהאַט? דו האָסט געגען מיר געהאנדעלט מורא'דיג שלעכט. דו ווייסט, אז די קינדער זיינען מיין איינציגער גליק. איך בין צו זיי געווען, ווי א פאָטער פון די אלטע צייטען, פונקט ווי צו דיר בין איך געוועזן ניט ווי די איצטיגע מענער, נור ווי איינער פון אמאָל. ווייל איך בין אן איינפאכער מענש, א נאטירליכער מענש, א מענש פון אלטען שניט. איך בין זיך מודה, דו האָסט מיך שרעקליך אייפערזיכטיג געמאכט, ווייל דו ביזט א פרוי פון א גאנץ אנדער ראסע, מיט אנדערע געדאנקען, אנדערע בעדירפניסע. איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען די מיינונג, וואָס דו האָסט מיר דאן

אַרויסגעזאָגט. פון יענעם טאָג אָן האָב איך זיך וועגען דיר מעהר נים געקימערט. איך האָב דיך נים געטויטעט, ווייל דאַן וואָלט איך קיין שום מעגליכקייט נים געהאַט אויסצוגעפינען, וועלכעם פון אונזערע, פון דיינע קינדער געהערט נים צו מיר. איך האָב געוואַרט, אָבער געליטען האָב איך מעהר, ווי דו קאָנסט זיך פאָר־שטעלען, ווייל איך קען זיי שוין מעהר נים ליעבען, אויסער פיעל־לייכט די ביידע עלטסטע. איך וואָג נישט מעהר זיי אָנצוקוקען, זיי צו רופען, זיי צו קושען. איך קען קיינס פון זיי נים נעהמען צו מיר אויף די קניע, אַז איך זאָל נים גלייך אַ פרעג טהאָן: גע־הערט ער מיר? איז ער מיין פלייש און בלוט? זייט זעקס יאָהר, אַז איך בין אַנטקעגען דיר קאָרעקט, זאַגאַר ווייך און נאָכגיעביג. זאָג מיר איצט דעם אמת און איך שווער דיר, איך וועל דיר גאָר נישט טהאָן.

אין דער דונקעלהייט פון דעם עקיפּאַזש האָט ער אַזוי ווי געפיהלט, אַז זי איז געריהרט, אַז ענדליך וועט זי נעהמען רעדען און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך בעט דיך, איך בעט דיך, האָב מיטלייד...

זי האָט אַרויסגעמורמעלט:

— איך בין פיליכט מעהר שולדיג, ווי דו דענקסט. אָבער יענעם מורא'דיגען לעבען אין אייביגער שוואַנגערשאַפט האָב איך שוין מעהר נים געקענט אויסהאַלטען. עס איז געווען נור איין מיטעל, ווי צו פערשפּאָרען פאַר דיר די טיר פון מיין שלאָף־צימער: איך האָב געליינט פאַר גאָט, האָב געליינט, שווערענדיג זיך מיט דער האַנד אויף מיינע קינדערס קעפּ, ווייל איך האָב דיך קיין מאָל נים בעטראָגען.

ער האָט אין דער דונקעלהייט אַ כאַפּ געטהאָן איהר אָרם און דריקענדיג איהם, ווי אין יענעם טאָג, ווען זיי זיינען געפאָה־רען אין בולאָנער וואַלד, האָט ער אַרויסגעקרעכצט:

— איז עס אמת?

— עס איז אמת.

פול אונרוה און בענקעניש, האָט ער געשעפּצעט:

— אַך, איך וועל ווידער צווייפלען אָהן אַ סוף.

ווען האָסטו ליגען געזאָגט, דעמאָלט אָדער היינט? ווי אזוי זאָל איך דיר איצט גלויבען? ווי אזוי קען איך נאָכדעם איבערהויפּט גלויבען א פרוי? איך וועל דאָך שוין איצט גאָרנישט וויסען, וואָס צו דענקען. מיר וואָלט א סך ליעבער געווען, ווען דו זאָגסט: „עס איז זשאַק, אָדער עס איז — זשאַנאַ."

דער עקיפּאַזש איז אריינגעפאָהרען אין'ם הויף פון פּאַלאַץ. ווען זי האָט זיך געשטעלט פאר'ן גאַנעק, איז דער גראף ארויס דער ערשטער און האָט, ווי געוועהנליך, דערלאַנגט זיין פרוי דעם אָרם, אום זי ארויפצופיהרען אויף די טרעפּ.

ווען זיי זיינען ארויף דעם ערשטען שטאָק, האָט ער גע־פרעגט:

— קאָן איך מיט דיר נאָך א פּאָאר מינוטען?

זי האָט געענטפערט:

— זעהר גערן!

זיי זיינען אריין אין א קליינעם סאַלאָן, און וועלכען א לאַקיי א ביסעל א פערוואונדערטער, האָט אָנגעצונדען די ליכט.

ווען זיי זיינען געבליבען אליין, האָט ער אָנגעהויבען:

— ווי זאָל איך דערגעהן דעם אמת? טויזענד מאָל האָב איך זיך ביי דיר געבעטען, זאָלסט רעדען, זאָלסט מיר אויסזאָגען, אָבער דו ביזט אימער שטום, אונדורכדרינגליך, אונבעוועגליך גע־בליבען. און ערשט היינט זאָגסטו מיר, אז דו האָסט געלייגט. זעקס יאָהר נאָכאַנאַנד האָסטו געלאָזען, איך זאָל גלויבען אין אזא זאך. ניין, עס קען ניט זיין, היינט לייגסטו. איך ווייס ניט פאַרוואָס, אפשר או'ס רחמנות צו מיר.

זי האָט געענטפערט אָפענהערציג און עהרליך:

— אז ניט וואָלט איך אין די לעצטע זעקס יאָהר נאָך פיער קינדער געבאָרען.

ער האָט אויסגערופען:

אזוי רעדט א מאַמע!

— אָה! — האָט זי געענטפערט — איך פיהל זיך גאָרנישט אלס מוטער פון די קינדער, וועלכע זיינען נאָך ניט געבאָרען גע־וואָרען, פאר מיר איז גענוג צו זיין די מוטער פון די, וואָס איך

האָב, און זיי פון גאַנצען הארצען ליעב האָבען. איך, מיר — זיינען פרויען פון דער ציוויליזירטער וועלט. מיר זיינען ניט, און ווילען מעהר נישט זיין קיין פשוט'ע נקבות, וועלכע האָבען נור איין צוועק — צו בעפעלקערען די ערד.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, אָבער ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאר א האנד:

— איין וואָרט, גאַבריעל, נור איין וואָרט. זאָג מיר דעם אמת.

— איך האָב דיר געזאָגט דעם אמת: איך האָב דיך קיין מאָל ניט בעטראָגען.

ער האָט איהר געקוקט גלייך אין פנים אריין. זי איז געוועזען אזוי שען מיט איהרע אויגען גרויסע, גרויע, ווי א קאַלטער, קלאָהרער הימעל. אין איהרע דונקעלע האאר, אין דער שווארצער נאַכט פון איהרע האאר, האָט געבליסטשעט א דיאדעם, בעשאָטען מיט בריליאַנטען, עהנליך צו דער מילך־שטראַסע אויף דעם הימעל. דאָ האָט ער פלוצים דערפיהלט, אז דאָס דאָזיגע וועזען איז ניט נור א פרוי, וועלכע איז בעשאַפען בלויז צו פּראָדוצירען די ווייטערדיגע דורות, נור אז זי איז אויך א מערקווירדיגער און געהיימער פּראָדוקט פון די קאָמפּליצירטע שטרעבונגען, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין אונז אין דעם משך פון יאהרהונדערטע און וועלכע האָבען זיך אָפּגעווענדעט פון זייער ערשטען, פּרימיטיווען, געטליכען צוועק און זיינען אוועק בלאָנדזשען, זוכענדיג אן אונבעשטימטע, מיסטישע שעהנהייט; אז זי איז איינע פון יענע וועזענס, וואָס בליהען נור פאר אונזערע טרוימען, אויסגעפּוצט אין דעם גאַנצען רייכטהום פון פּאָעזיע, אידעאַלען, לוקסוס, קאָקעטעריי און עסטהעטישען צויבער, מיט וועלכע די ציוויליזאַציאָן האָט בעציערט די פרוי; אז זי איז איינע פון יענע פרויען, לעבעדיגע סטאַטוען, וועלכע וועקען ערהאבענע גייסטיגע שטרעבונגען ניט ווענינגער ווי זינליכע פערלאַנגען.

דער מאַן איז געשטאַנען פאר איהר, אַן איבערראַשטער פון דער דאָזיגער פערשפּעטיגטער און טרויעריגער ענטדעקונג. איהם האָט זיך געדאַכט, אז ער שטויסט זיך אָן אויף דער אורזאַך פון

זיין פריהערדיגער אייפערזוכט, כאָטש ער האָט נאָך ניט אַלעס גע־
קענט קלאָהר פערשטעהן.

צום סוף האָט ער געזאָגט:

— איך גלויב דיר. איך פיהל, אז אין דיעזער מינוט לייגסטו
ניט, און פריהער האָט זיך מיר אימער אויסגעוויזען, אַז די
זאָגסט ליעגען.

זי האָט צו איהם אויסגעשטרעקט איהר האַנד.

— הייסט עס מיר זיינען גוטע פריינד?

ער האָט גענומען די דאָזיגע האַנד, זי אַ קוש געטהאָן און
געענטפערט:

— מיר זיינען פריינד. איך דאנק דיר, גאבריעל.

דאַן איז ער אַרויסגעגאַנגען, ניט אַראָבנעהמענדיג פון איהר
זיינע אויגען, פערוואונדערט, וואָס זי איז נאָך אזוי שען און
פיהלענדיג, ווי אין איהם וואַכט אויף אַ נייער, זעלטזאַמער גע־
פיהל, אַ געפיהל וואָס איז אפשר נאָך אַ סך מורא'דיגער פון
דער פריהערדיגער, איינפאַכער, אַלטמאָדישער ליעבע.



